David MALKI

# LE TALMUD
# ET SES
# PERSONNALITÉS

TOME I

DEUXIÈME ÉDITION

PARIS
1969

דוד מלכי

# דער תלמוד און זיינע פערזענלעכקייטן

ערשטער באַנד

צווייטע אויפלאַגע

פּאַריז
תשכ"ט — 1969

# דאַנק און אַנערקענונג

זייער האַרציק דאַנק איך מיין טייערן פריינד
**שלום צבי הלוי לאַסקער**
פאַר זיין ברייט צוגעטיילטער מיטהילף.

אַזוי אויך די טייערע פריינד וואָס האָבן אַזוי שיין אַרויסגעגעבן
דאָס דאָזיקע ספר:
**משה האַנטקאַן**
**מאיר זיידע**
**וואָלף טאָראָנטשיק**
**אַהרן לוקסענבורג**
**מיכאל לעמער**
**יצחק פינק**
**צדוק פעפער**
**שלמה פרידריך**

און, אַלע צו לאַנגע יאָרן,
**מאיר רודעל און לייבל ווייצבערג, זכרונם לברכה.**



די אויסגאַבן פון דער דאָזיקער, דער צווייטער, אויפלאַגע זענען געוואָרן געדעקט דורך דעם שוין אויבן דערמאָנטן טייערן פריינד
**מיכאל לעמער**

לזכרון זיינע טייערע עלטערן
**ר' יעקב יהודה בר' בצלאל ז"ל**
**מרת שיינדל לאה בר' יחזקאל ז"ל**
**פון טאַרנאָגראָד**

געלעבט אַ ריין יידיש לעבן — און אַזוי טראַגיש אומגעקומען אין לעמבערג צוזאַמען מיט דער גאַנצער יידישער קהלה.

# הקדמה צו דער ערשטער אויפלאַגע

אוי לי אם אומר, אוי לי אם לא אומר.

פון שטענדיק אָן האָב איך זער נישט ליב און עס רופט ביי מיר אַרויס שווערע שטימונגען, ווען עס קומט מיר אויס צו הערן, אָדער צו לייענען, אַזעלכע פאַרשידענע מינים התנצליות, דאָס איבערגעטריבענע פאַרענטפערן זיך, וואָס מען ווערט דערביי, ממילא, פאַרגעשטעלט אַלס גרויסער עניו און אַ מוסטער פון באַשיידנקייט.

קאָן איך אָבער דאָך גאָרנישט זיך העלפן, וואָס עס איז מיר בשום אופן נישט מעגלעך דאָ יעצט דאָס אויסצומיידן.

*

סהדי במרומים ווי איך בין פול מיט יסורים און מלא בושה וכלימה ביים אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע ספר.

איך האָב שטענדיק געוווסט אָפּצושאַצן דאָס גרויסע גליק, וואָס כל ימי גדלתי בין חכמים, וואָס שטענדיק האָב איך געלעבט אין אַ סביבה, וואָס האָט באמת און אויפריכטיק פאַרהערלעכט און פאַרהייליקט די תורה.

מיין טאַטע עליו השלום, רבי פנחס'ל מורה הוראה, וואָס כל ימיו האָט ער געלעבט אין תורה און אין יראת שמים און איז געווען אָנער־קענט אַלס גרויסער בעל הוראה, וואָס פיל גדולי התורה האָבן זיך געוואָנדן צו אים אין שווערע ענינים, האָט ער דאָך נישט אַרויסגעגעבן קיין ספר.

וכל זר לא יבין את זאת, אַ פרעמדער קאָן נישט פאַרשטיין דאָס געפיל פון מענכע יענע אַמאָליקע יידן, וואָס זענען פשוט נישט געווען דרייסט צו פאַרעפנטלעכן זייערע חידושי תורה.

איך קאָן נישט אַפילו זאָגן אויף מיר, אַז לגבי מיין טאַטן עליו השלום בין איך, על כל פנים, חלא בר חמרא און אַפילו אין נאָרמאַלע

צייטן וואָלט מיר אויך נישט געקומען אויף דעם זינען אַרויסצוגעבן ספרים, טאָ וואָס איז ערשט צו זאָגן אין די היינטיקע טעג.

עס זענען פּשוט נישטאָ די ווערטער אויסצודריקן אונזער בראָך, ווי אונזער וועלט איז חרוב, ווי אונזערע יידן זענען פאַרברענט און מיט זיי צוזאַמען מיין גאַנצע משפּחה, מיט מיינע רביים, מיט מיינע חברים — נאָר איך לעב וויטער און, נישט וויסנדיק אין וועלכן זכות, האָב איך נאָך די גרויסע זכיה צו קאָנען אַביסל עוסק זיין אין אונזערע איידעלע ענינים, און יעצט זאָל איך נאָך זיך פאַרמעסטן אַרויסצוגעבן אַ ווערק וועגן דעם תלמוד און זיינע פערזענלעכקייטן.

דאָס דאָזיקע אַזוי שרעקלעך־פיינלעכע געפיל, וואָס באַהערשט מיך די גאַנצע צייט בלי הסח הדעת און, נישט זעלטן, נעמט עס אָן אַזאַ אומפאַנג, דאָס עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז אָט אָט גיי איך ענדלעך אַריבער די גרענעץ, וואָס טיילט אָפּ פון ריכטיק משוגעת — דאָס דאָזיקע געפיל האָב איך, כסדר, פאַרצווייפלט זיך אָנגעשטרענגט צו באַגראָבן טיף אין זיך אַליין און פאַר קיינעם דאָס נישט אַרויסצוווייזן.

עכטע אמת'ע געפילן היט מען, געוועגלעך, טיף באַהאַלטן אין זיך.

ווען איוב'ס גוטע פריינט האָבן פונדערווייטנס געזען זיין אומגליק, האָבן זיי יאָמערלעך זיך צעוויינט, צעריסן זייערע קליידער און געשיט שטויב אויף זייערע קעפּ, אָבער דערנאָך:

וישבו אתו לארץ שבעת ימים ושבעת לילות ואין דובר אליו דבר, כי ראו כי גדל הכאב מאוד [1].

זענען זיי געזעסן מיט אים אויף דער ערד זיבן טעג און זיבן נעכט, און קיינער האָט נישט גערעדט צו אים קיין וואָרט, ווייל זיי האָבן געזען, אַז דער ווייטיק איז זער גרויס.

אַגב, איז דאָס זעלבע אויך בנוגע ליבע.

ווילנדיק אויסדריקן די שטאַרקע ליבע פון רבונו של עולם צו זיין פאָלק ישראל, באַנוצט זיך דער נביא צפניה מיט דעם אויסדרוק:

יחריש באהבתו.

ער וועט שוויגן אין זיין ליבע [2].

*

האָב איך נישט געמיינט אַרויסצוגעבן קיין ספר. מענכעסמאָל האָב איך געשריבן אין צייטונג קליינע אַרטיקלען וועגן פאַרשידענע ענינים

1. איוב, ב, יג.
2. צפניה, ג, יז.

און עס איז מיר אויסגעקומען צו האַלטן רעפעראַטן אויף דער טעמע: "דער תלמוד און זיינע פערזענלעכקייטן".

טרעפט זיך אַמאָל, ווי אַ פּאַריזער יידישער כלל־טוער, אַהרן לוק־סענבורג, גייענדיק צו אַ זיצונג אין דער פעדעראַציע פון די יידישע געזעלשאַפטן — קהלה, וואָס קומט פאַר צוויי שטאָק העכער, איז ער געוואָרן פאַרבלאָנדזשעט צו מיינעם אַזעלכן רעפעראַט און איז באַלד געוואָרן זער באַגייסטערט פון דער דאָזיקער טעמע. זעט זיך אויס, אַז עס האָט זיך ביי אים דערוועקט די גירסא דינקותא און בכלל די יידישע דערציאונג פון זיין פאָטערס הויז.

איז ער באַלד צו מיר צוגעשטאַנען, דאָס מען מוז אַרויסגעבן אַ ספר אויף דער דאָזיקער טעמע און פון דאַמאָלט אָן האָט ער שוין נישט אַדורכגעלאָזט קיין איין רעפעראַט און איז כסדר געוואָרן אַלץ מער ענערגישער און צודרינגלעכער מיך איבערצוצייגן אין דער נוצלעכקייט און אין דער נויטווענדיקייט פון אַזאַ ספר.

עס וואָלט צופיל פאַרנומען צו שילדערן, מיט וואָס פאַר אַ ליבע און שטאַרקע אָנשטרענגונגען, האָט אהרן לוקסענבורג זיך איבערגעגעבן צו דער דאָזיקער אידעע.

אַגב, געדענק איך זער גוט זיין פאָטער, דער שיינער ייד, דער קאָזשעניצער חסיד און למדן, ר' מאָטל מאַטשעוויצער, ווי ער פלעגט אין לאָדזש קומען צו אונז, צום טאַטן עליו השלום, און שטענדיק וועגן ענינים פון תורה און חסידות.

*

עס האָט אַזוי געדויערט אַ שיינע פאָר יאָר און אַהרן לוקסענבורג איז נישט אָפּגעשטאַנען און נישט מיד געוואָרן, ביז ער האָט מיך באַ־וויגן דערצו, טראָץ אַלע מיינע פאָרבאַהאַלטן און ווידער־ווילן.

אויב דאָס דאָזיקע ספר אַנטהאַלט טאָקע עפּעס גוטעס, איז עס צו פאַרדאַנקען דעם דאָזיקן פריינד מיינעם. דאָס איז נאָר געזאָגט געוואָרן וועגן די עווענטועלע מעלות פון דעם ספר, דאַגעגן אָבער פאַר די חסרו־נות און פעלערן איז, פאַרשטייט זיך, קיינער נישט פאַראַנטוואָרטלעך, נאָר דער מחבר אַליין.

* * *

געווענלעך איז אָנגענומען אַזעלכע ספרים צו שרייבן ליבערשט לשון קדוש, העברעאיש, וואָס אין פיל הינזיכטן וואָלט עס טאָקע געווען פיל לייכטער. אויסער אַלעם וואָלטן נישט געהאַט געווען די אַלע שווע־

ריקייטן ביים איבערזעצן די אַלע מאמרים פון דער תורה שבעל פה און די אַלע פסוקים פון דער תורה שבכתב, וואָס ווערן געברענגט אין אָריגינאַל צוזאַמען מיט דער יידישער איבערזעצונג. (אגב, די פסוקים פון תנ״ך ווערן אין מערערע פאַלן איבערזעצט לויט יהואש).

האָבן דריי מאָטיוון דעצידירט, אַז עס זאָל ווערן געשריבן אין יידיש:

ערשטנס איז עס צוליב דעם גאָר פשוט׳ן טעם, וואָס יידיש איז מיין מוטער־שפּראַך און טאַקע אויך מיין אומגאַנגס־שפּראַך פון מיין פריעסטער קינדערהייט עד היום הזה.

דער אמת איז טאַקע אויך, אַז מיין גאַנץ לעבן, יעדנפאַלס איבער זעכציק יאָר, לערן איך העברעאיש. איך אַקצענטיר דאָס לערנען העב־ברעאיש, ווייל נישט נאָר וואָס איך האָב דאָס גרויסע גליק צו האָבן אַביסעלע אַ צוטריט צו די באמת אומשאַצבאַרע ווונדערלעכע אוצרות אין העברעאיש, נאָר אויך דאָס לערנען די דאָזיקע שפּראַך אַן און פאַר זיך.

יעדערע נייע וויכטיקע דערפינדונג און יעדער נייער געלונגענער אויסדרוק אין דעם היינטיקן העברעאיש, דערפרייט מיך, גאַרנישט קיין סך ווײניקער, ווי דאַמאָלט אין יענע אונזערע יונגע ראָמאַנטישע יאָרן, ווען העברעאיש האָט אונז אַזוי באַגייסטערט.

בין איך איינער פון די, ליידער אַזוי וועניק פאַרבליבענע יידן, וואָס לעבן זיך אויס אין די דאָזיקע אונזערע ביידע יידישע שפּראַכן צוזאַמען.

אָן שום מליצה און אָן שום גוזמא קאָן מען זיך אויסדריקן וועגן העברעאיש און יידיש, דאָס זיי זענען פאַר אונז בבחינת טאַטע־מאַמע אין דעם גייסטיקן זין.

*

דער מענטש וואָס איז נישט גייסטיק פאַרקריפּלט און איז נישט דעגענערירט, האָט ער ממילא די נאָרמאַלע באַציאונג, אי צום טאַטן, אי צו דער מאַמען און די דאָזיקע ביידע מינים באַציאונגען קומען נישט צו קיין ערנסטע צוזאַמענשטויסן צווישן זיך און אוודאי קאָן נישט קומען צו אַזאַ מין אוממענטשלעכן באַשלוס ווי אָפּצוזאָגן זיך פון איי־נעם פון זיי.

קומט ליידער אויס, גאָרנישט זעלטן, צו ווערן פשוט אויפגעשוי־דערט פון די גראָבקייטן, וואָס קומען צום אויסדרוק ביי מענכע פאַר־קרימטע און אומנאָרמאַלע, אַזוי גערופענע, יידישיסטן און העברעאיסטן.

אַז אַ ייד קאָן אינגאַנצן נישט קיין העברעאיש, איז ער דאָך, נע־בעך, זער אָרעם. אַ ייד איז ער, אַלע צרות פון אַ ייד האָט ער, די

יידישע אומגליקן מיידן אים נישט אויס. איז ער נאָר אַ שיתוף צו די יידישע צרות, אָבער נישט צו דער יידישער גליקזעליקייט.

דאָס גרעסטע גליק פון אַ ייד איז דאָך דאָס קאָנען נהנה זיין, דאָס האָבן די מעגלעכקייט צו געניסן, פון דער באמת וווּנדערלעכער אַלטער אָריגינעלער יידישער קולטור.

קומט זער אָפט אויס צו האָבן אויפריכטיקע געפילן פון טיפן מיט־לייד צו די יידן, וואָס האָבן נישט קיין שום צוטריט צו אונזערע יידישע גייסטיקע אוצרות אין דעם אָריגינאַל. ווערט מען מענכעס מאָל גאָר דערדריקט פון ווייטיק און פון חרפה, ווען אַזאַ איינער מאַכט גאָר דערפון אַ טוגענד און מיט אַזאַ מין רימען זיך, דערקלערט ער שטאָלץ: מיך אינטערעסירט עס גאָרנישט!

עס איז פאַרהאַנדן אין תלמוד אַן אַלטער אַראַמעאישער אויסדרוק:

כפין עניא ולא ידע [1].

דער אָרעמאַן ווייסט אפילו נישט ווי הונגעריק, ווי אָרעם, ער איז.

*

ווידער פון דער אַנדערער זייט זעט מען אויך אַזאַ ענלעכע מיאוס'ע דערשיינונג ביי מענכע אַזוי גערופענע העברעאיסטן, און צו אונזער חרפה און ווייטיק קומט דאָס גאָר צום אויסדרוק ביי יידישע מנהיגים און שריי־בער וואָס, צי זיי ווילן דאָס יאָ אַנערקענען, צי זיי ווילן דאָס נישט אַנערקענען, איז יידיש זייער מוטער־שפּראַך.

די נאָרמאַלע באַציאונג פון מענטש צו זיין אָריגינעלער נאַטירלעכער שפּראַך, קומט שוין ממילא צום אויסדרוק באַלד אין דעם נאָמען: מוטער־שפּראַך.

עס טרעפט זיך אַמאָל, אַז אַ מענטש האָט נישט אַזאַ וואַזשנע מאַמע — נו, איז זי נישט קיין מאַמע?!

ביי דער מוטער־שפּראַך איז די דאָזיקע פראַגע לגמרי נישט בנמצא, ווייל יעדערע שפּראַך, אָן אויסנאַם, איז שיין, קלוג, מלא־חן און, דער עיקר, נאַטירלעך, ביי די אייגענע.

אויב בנוגע צוויי מאַמעס קאָן מען שטעלן די, אַפילו, נאַרישע פראַגע: וועלכע פון די צוויי מאַמעס איז שענער — קאָן מען לגמרי נישט שטעלן אַזאַ מין פראַגע לגבי צוויי שפּראַכן. קאָן דען האָבן עפּעס אַ זין, אַזאַ מין פראַגע, ווי למשל: וועלכע שפּראַך איז שענער,

1. מגילה, ז, ב.

ענגליש אָדער אונגאַריש? — אוודאי איז ביי ענגלענדער שענער ענג־ליש, אַזוי ווי ביי אונגאַרער איז שענער אונגאַריש.

עס זענען פאַרהאַנדן רייכערע שפּראַכן און אָרעמערע שפּראַכן און יידיש איז טאַקע, ליידער, זער אָרעם, שוין צוליב דעם, וואָס נאָר לגבי יידיש האָט מען אַזאַ מין באַציאונג.

אוי ווי איז יידיש אָרעם, אָרעם און אומגליקלעך!

*

צוויטנס האָב איך אויך גענומען אין באַטראַכט די יידישע יידן, וואָס האָבן אַמאָל געהאַט געלערנט תורה און בענגען נאָך דעם, וואָס זיי האָבן טאַקע אַמאָל געהאַט געלערנט און בענגען נאָך מער צו דעם, וואָס זיי וואָלטן געדאַרפט האָבן געלערנט. פאַר אַזעלכע יידישע יידן איז אוודאי אַ סך לייכטער און טאַקע צוגענגלעכער יידיש, איידער העב־רעאיש.

די דאָזיקע יידן וועלן אויך שטאַרק נהנה זיין פון די אַלע גע־קליבענע אַלטע העברעאישע טעקסטן, ווי געהעריק פּונקטירט, און דער־נעבן די יידישע איבערזעצונג.

מער ווי איין ייד וועט זיך צוריק געפינען.

*

צו דעם אַלעם קומט צו נאָך אַ דריטער און טאַקע גאָר וויכטיקער אַרגומענט, אַז דאָס דאָזיקע ספר דאַרפט זיין אין יידיש:

דעם תלמוד האָט מען געלערנט און מען לערנט יידיש.

די לייענער וועלן באַלד שטעלן די פראַגע: היתכן, וואָס הייסט, מען האָט דעם תלמוד געלערנט אין יידיש?! בכן די פּוילישע און די ליטווישע יידן האָבן אים געלערנט אויף יידיש?! וואָס פאַר אַ פאַרהעלטעניש האָט עס לגבי דאָס לערנען דעם תלמוד אין אַלע צייטן און בכל תפוצות ישראל?!

אַז מען נעמט אין באַטראַכט, וויפיל מען האָט געהאַט אַמאָל גע־לערנט תלמוד, דעם תלמוד ממש, אין די ישיבות אין בבל און אַזוי אויך אין די אַנדערע לענדער, אין די אַלע יענע יאָרהונדערטער איידער עס איז אויפגעקומען דער דרוק. אפילו אויך נאָך דעם גרויסן אויפשוונג, וואָס דער לימוד התלמוד האָט געהאַט אין די אַלטע ישיבות אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד, נאָך דעם ווי רש״י האָט געשאַפן זיין וווּנדערלעכן פּירוש וואָס האָט דעם תלמוד בבלי געמאַכט צוגענגלעך פאַר אַלע.

אַז מען נעמט דאָס אַלץ אין באַטראַכט און מען פאַרגלייכט דאָס אַלץ מיט דעם לימוד התלמוד נאָך דער אַנטשטייאונג פון דרוק, און וואָס פאַר אַן אָנטייל עס האָט יידיש אין דעם לערנען תלמוד אין די דאָזיקע פיר הונדערט פופציק יאָר, זייט דער תלמוד האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אין דרוק — מוז מען קומען צו גאָר גרויסע זער איבער־ראַשנדיקע רעזולטאַטן וועגן דער פאַרהעלטעניש, וואָס יידיש פאַרנעמט אין דעם לימוד התלמוד בכלל, אין דעם אַלגעמיינעם לערנען תלמוד אין אַלע לענדער און פון אַלע צייטן עד היום הזה.

*

עס איז שוין איבן געוואָרן דערמאָנט די שוועריקייטן ביי די איי־בערזעצונגען. אין תלמוד איז אויך וועגן דעם דאָזיקן פּראָבלעם פאַר־האַנדן אַ זער קורצע און טרעפלעכע פאָרמולע. אָבער אפילו די דאָזיקע אַזוי קורצע פאָרמולע איז אויך נישט אַזוי לייכט ווי געהעריק איבער־צוזעצן.

רבי יהודה אומר: המתרגם פסוק כצורתו, הרי זה בדאי; והמוסיף עליו, הרי זה מחרף ומגדף [1].

רבי יהודה זאָגט: דער וואָס זעצט איבער אַ פּסוק ווערטלעך איז אַ ליגנער; און דער וואָס גיט צו, איז אַ לעסטערער.

נישט איבערזעצן ווערטלעך נאָר איבערגעבן גענוי דעם ריכטיקן אינהאַלט און גאָרנישט צוגעבן דערצו.

איז גאָרנישט קיין לייכטע אויפגאַבע איבערצוזעצן דברי תורה און דערביי זיין זער פאָרזיכטיק נישט אָפּצונייגן פון דער דאָזיקער אָנווייזונג פון דעם תנא, רבי יהודה ברבי אלעאי, דער תלמיד פון רבי עקיבא.

אויף וויפיל עס האָבן געגרייכט מיינע באַשרענקטע מעגלעכקייטן, האָב איך נישט געקאָרגט קיין מי, אַז די איבערזעצונגען זאָלן זיין גענוי. אויסער אין גאַנץ זעלטענע פאַלן, וואָס איך האָב דאָך עפּעס אַדורכגע־לאָזט, נישט איבערזעצט. יעדנפאַלס קאָנען די לייענער און לערנער נאָכ־קאָנטראָלירן די איבערזעצונגען לויט די אָריגינעלע טעקסטן, וואָס ווערן דערביי געבראַכט.

*

1. תוספתא, מגילה, סוף פרק ג. קדושין, מט, א.

**רבותי, לאָמיר לערנען!**

**בעזרת החונן לאדם דעת ובחסד עליון זאָל מען האָפן, אַז מען וועט נישט געשטרויכלט ווערן ביים לערנען תורה, וואָס האָט אונז אַזוי אויפגעהאַלטן, דאָס אפילו ביי די שרעקלעכסטע באַדינגונגען האָט מען נישט פאַרלוירן דעם צלם אלהים.**

יעקב דוד מלכי באאמו״ר רבי פינחס וויינזאַפט זצ״ל.

**ב״ה, פאַריז, י״א תמוז, תשכ״ד — 21.6.1964.**

# הקדמה צו דער צווייטער אויפלאַגע

לעולם וואָלט שוין לאַנג צייט געווען אַרויסצוגעבן ליבערשט דעם צווייטן באַנד פון דעם דאָזיקן ספר, נאָר צוליב פאַרשידענע סיבות מוז נאָך געדויערן ביז עס וועט אַרויס פון דרוק. דאָס דאַרף אָבער נישט זיין קיין מניעה, אַרויסצוגעבן די צווייטע אויפלאַגע פונעם ערשטן באַנד.



עס איז נישט לייכט צו לערנען תורה ברבים, עס איז אַ גרויס אחריות. לערנען תורה דאַרף מען גאָר איידל און גאַנץ באַשיידן, אָבער ווער, ליידער, איז זוכה דערצו, אויסער יחידי סגולה; ערשט נאָך — לערנען ברבים!

אגב, דער אויסדרוק דאָ: לערנען תורה ברבים, מיינט נישט, לערנען דעם רבים, אין זין פון מרביץ תורה ברבים; ניין, דאָס דאָזיקע ספר פּרעטענדירט נישט דערויף. אין דעם ספר לערן איך פאַר זיך זעלבסט, אָבער נישט בלחש, נישט פאַר זיך אַליין — נאָר יעדערער וואָס וויל קאָן מיטלערנען.

אַלזאָ, ביים לערנען תורה ברבים מוז מען אָבער, אויסער אַלעם, אויך זיין זייער פּאַרזיכטיק און געניט דיסקרעט: כבוד אלהים הסתר דבר. מען מוז אויך זיין זייער געוואָרנט, און שטאַרק זיך אויסהיטן, ביים פּאָפּולאַריזירן דברי תורה, אַז זיי זאָלן נישט, חלילה, ווערן באַנאַליזירט.



עס זענען פאַרהאַנדן, אפילו, אמת'ן — וואָס אָסור לדרוש ברבים — וואָס זיי זענען נישט צו פּאָפּולאַריזירן אין דער עפנטלעכקייט. אויך לגבי איינצעלנע מענטשן איז אונטערצושיידן וואָס און וועמען; עס זענען פאַרהאַנדן ענינים וואָס אָסור לאָמרם בפני עם האָרץ. נאָך אַ העכערע מדרגה איז, וואָס אין מגלין אלאָ לצנועים, וואָס מען קאָן אַנטפּלעקן נאָר פאַר באַשיידענע דיסקרעטע מענטשן.



דאָס אַלץ איז נישט נאָר געזאָגט געוואָרן ווען מען לערנט בעל פּה, מינדלעך — נאָר אויך בכתב, ווען מען שרייבט דברי תורה. מען דאַרפט

אַזוי שרייבן אַז יעדערער זאָל עס פאַרשטיין לויט זיינע אייגענע השגות, לויט זיין פאַרשטאַנד און גייסטיקע אייגנשאַפטן.

איז טאַקע לשון קודש ספּעציעל מסוגל צו דברי תורה, און צווישן אַלע אַנדערע געבענטשטע אייגנשאַפטן, פאַרמאָגט עס אויך די דאָזיקע דיסקרעטע עלאַסטישקייט.

וואָס נוגע אונזער טייער מאַמע־לשון יידיש, האָט עס טאַקע טויזענט חן, אָבער צי פאַרמאָגט אויך דאָס געשריבענע יידיש, אָט דאָס עלאַס־טישקייט? און צי איז עס טאַקע אַזוי מסוגל צו דברי תורה, הגם זיי ווערן אַזוי וויניק געשריבן אין היינטיקן יידיש?



איז באַלד לכתחילה מיין צוגאַנג צום דאָזיקן ספר געהאַט געווען באַגלייט מיט געוויסע זאָרגן בכלל, און נאָך אַ זייער לאַנגער און גאַנץ שווערער אַרבעט, האָב איך עס אַרויסגעגעבן מיט אַ דאָפּלט געפיל, בבחינת: ופחד ורחב לבבי.

האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן אַז מיינע זאָרגן זענען נישט געווען באַרעכטיקט.



יעצט איז מיין תפילה, אַז די דאָזיקע צווייטע אויפלאַגע זאָל האָבן די זעלבע זכיה ווי די ערשטע: יידן זאָלן לערנען תורה.
וזה חלקי מכל עמלי.

דער מחבר.

ב"ה, פּאַריז, ז' אדר, תשכ"ט — 25.2.1969.

# וואָס איז יידישקייט

איינע פון די גרעסטע און שווערסטע פּראָבלעמען אין דער גייס־טיקער וועלט, ממש אַ רעטעניש, וואָס באַשעפטיקט און מאַטערט אַ סך געלערנטע און דענקער אין משך פון פיל דורות — איז דער אייביקער פּראָבלעם און רעטעניש, וואָס הייסט: יידישקייט.

שטענדיק ווערט כסדר ווידער געשטעלט די פּראַגע: במה כוחה גדול? אין וואָס ליגט דער גרויסער כוח פון יהדות, פון יידישקייט, וואָס ווייזט אַרויס אַזאַ שטאַרקן כח חיונה, אַזאַ וויטאַליטעט, אַזאַ וווּנ־דערלעכע לעבנס־קראַפט, אין משך פון דעם אַזוי לאַנגן און אַזוי שווערן גלות. אַזאַ דערשיינונג, וואָס קיין ענלעכן ביישפּיל דערצו געפינט מען נישט ביי קיין שום אומה ולשון.

ליידער, איז עס לעצטנס געוואָרן גאָר אַן אַקטועלע פּראַגע אויך ביי יידן גופא און גאַנץ באַזונדער איז דאָס לעצטנס געוואָרן אַ ברענענ־דיקער פּראָבלעם אין ארץ ישראל אונטערן נאָמען: התודעה היהודית, דער יידישער באַוווסטזיין.

צו וועלן געפינען דעם ענטפער אויף דער דאָזיקער פּראַגע און די לעזונג צו דעם דאָזיקן רעטעניש, איז נאָר פאַרהאַנדן איין איינציקער וועג:

לערנען!

לערנען דאָס יהדות גופא, דאָס אייגנטלעכע יידישקייט. לערנען תורה. אָבער לערנען תורה לשמה, תורה לשם תורה. אָן זייטיקע פּניות און אָן שום אַנדערע אינטערעסן.

אַז מען איז זוכה צו לערנען תורה לשמה — איז נישט נאָר בלויז, וואָס מען געפינט אַן ענטפער אויף דער דאָזיקער פּראַגע און אַ לעזונג צו דעם דאָזיקן רעטעניש, נאָר מען זעט איין בחוש, אַז די פּראַגע איז גאָר קיין פּראַגע נישט און דער רעטעניש איז גאָרנישט קיין שום רע־טעניש.

*

תורה, לערנען תורה.

תורה שבכתב און תורה שבעל פה, די שריפטלעכע און די מינד־לעכע לערע.

# די פונדאַמענטאַלע ווערק פון דער תורה שבעל פה

די ווערק ווו עס איז איבערגעגעבן די תורה שבעל פה זענען: די מכילתא, דער ספרא, דער ספרי, די משנה, די תוספתא, דער תלמוד ירושלמי, דער תלמוד בבלי און מען קאָן אויך צורעכענען די מדרשים, די עלטערע פון זיי.

די אַלע דאָ אויסגערעכנטע ווערק צוזאַמען בילדן די תורה שבעל פה, די אַזוי גערופענע מינדלעכע לערע. זי ווערט אַזוי גערופן אויך צוליב דעם, וואָס געוועגלעך איז זי איבערגעגעבן אין דעם אָריגינעלן פאָרם, אַזוי ווי זי איז געוואָרן געלערנט דורך די חכמים.

די אַלע דאָזיקע קלאַסישע און פונדאַמענטאַלע ווערק פון דער תורה שבעל פה בילדן צוזאַמען די גרויסע אַזוי גערופענע תלמודישע ליטעראַטור, אָדער אַזוי ווי אַנדערע האָבן ליב זיך אויסצודריקן: דער ים התלמוד[1].

אַזוי ווי דער תלמוד איז, אין זיין אומפאַנג, דאָס גרעסטע און אַזוי אויך דאָס פּאָפּולערסטע צווישן די אַלע אויבן־דערמאָנטע ווערק פון דער תורה שבעל פה — ווערט געוועגלעך, און אַזוי אויך אין דעם דאָזיקן ספר, באַנוצט דער אויסדרוק תלמוד אינעם זין פון תורה שבעל פה בכלל, וואָס נעמט אַרום אויך די אַלע אַנדערע אויבן־אויסגערעכנטע ווערק צוזאַמען. אויסער, פאַרשטייט זיך, ווען עס ווערט באַזונדער באַ־צייכנט, ווי למשל: תלמוד ירושלמי, תלמוד בבלי.

דער תלמוד אַליין, אָן דער משנה, ווערט אָפט אויך אָנגערופן: גמרא.

*

הגם מען באַנוצט זיך אַמאָל מיט דעם אויסדרוק: תלמודישע ליטע־ראַטור, איז אייגנטלעך אַ גרויסער ספק, צי מען קאָן דעם תלמוד רעכענען פאַר אַ ליטעראַרישער שאַפונג אין דעם געוועגלעכן זין, וואָס מען מיינט מיט דער באַצייכענונג: ליטעראַטור.

1. זה התלמוד שהוא כים הגדול. (מדרש רבה, שיר השירים, ה, יב).

ליטעראַטור זענען אַלע פּירושים אויף דעם תלמוד און אויך אַלע ווערק, וואָס זענען געשריבן געוואָרן וועגן תלמוד, אָבער דער תלמוד גופא איז אַ סך מער ווי ליטעראַטור, ער איז אויך, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, קאָנסערווירט לעבן.

דורך דעם תלמוד ווערן מיר אַריינגעפירט אין דעם לאַבאָראַטאָריום, וווּ עס ווערט פאַר אונזערע אויגן געשאַפן די דאָזיקע תורת חיים, די לעבנס־לערע פאַרן יידישן פאָלק.

# תורת חיים

די תורה שבעל פה, דער תלמוד, איז די אייגנטלעכע יידישע תורה, די תורת חיים, די לעבנס־לערע, וואָס צוזאַמען מיט דער תורה שבכתב האָט זי די גאַנצע צייט אויפגעהאַלטן דאָס יידישע פאָלק אין דעם אַזוי לאַנגן און, גאַנץ אָפט, זער ביטערן גלות.

אין תלמוד גייט אַדורך דאָס גאַנצע לעבן פון מענטש, פון דעם יחיד און פון דער געזעלשאַפט. עס ווערן גענוי און גרינדלעך באַהאַנדלט אַלע אַספּעקטן פון לעבן, פון די פּשוט׳סטע באַדערפענישן אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן פון יעדן יחיד אַן און פאַר זיך, ווי אויך די פליכטן צו די מענטשן אַרום. די פאַרשידענע באַציאונגען און אַלע אַרט מעג־לעכע צוזאַמענשטויסן און די קאָמפּליצירטסטע ראַנגלענישן צווישן מענטש און מענטש.

אַלערליי אנגעלעגנהייטן, פון די אייגענע ענגסטע פּערזענלעכע אינ־טערעסן, ביז דברים העומדים ברומו של עולם, ביז די איידלסטע און דערהויבנסטע ענינים פון דער גייסטיקער וועלט.

דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן פון יחיד און פון כלל, בין אָדם לחברו און בין אָדם למקום, די באַציאונגען צווישן מענטש און מענטש, און פון מענטש צום רבונו של עולם. אַזוי אויך די פאַרהעלטענישן צווישן פאָלק און פאָלק און טאַקע גאַנץ באַזונדער בין ישראל לעמים, די באַ־ציאונגען צווישן יידן מיט די אַנדערע פעלקער.

אַלץ, וואָס עס אינטערעסירט דעם מענטש, דעם יחיד בפרט און די גאַנצע געזעלשאַפט בכלל, קומט גאַנץ קלאָר און בולט צום אויסדרוק אין די ווערק פון דער תורה שבעל פה.

*

אַנטהאַלט די תורה שבעל פה הלכה און אַגדה: די געזעצן און בכלל די לעבנס־לערע פאַרן מענטש.

הלכה און אַגדה.

אין די ווייטערדיקע חלקים פון דעם דאָזיקן ספר ווערט אויף פאַר־שידענע ערטער באַהאַנדלט די דאָזיקע צוויי באַגריפן, וואָס באַצייכענען די צוויי טיילן פון דער תורה שבעל פה.

זאָל דאָ דערווייל נאָר ווערן באַמערקט, אַז אַגדה מיינט נישט לע־גענדע. אין מאָדערנעם העברעאיש ווערט טאַקע פאַר לעגענדע באַנוצט דער אויסדרוק אַגדה, אָבער דאָ מיינט אַגדה אונטערצושיידן פון הלכה, פון דער לערע, וואָס באַהאַנדלט געזעצן אין דעם אייגנטלעכן זין און אויך די דיסקוסיעס אַרום די דאָזיקע געזעצן.

עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז די אַגדה אַנטהאַלט אין זיך אויך געוויסע לעגענדעס, פונקט אַזוי ווי זי אַנטהאַלט אויך פאַרשידענע משלים, דערציילונגען, קוריאָזן וכדומה.

וועגן דער אַגדה ווערט געזאָגט:

רצונך שתכיר מי שאָמר והיה העולם, למוד אַגדה; שמתוך כך אַתה מכיר את הקדוש ברוך הוא ומדבק בדרכיו[1].

ווילסטו קענען דעם באַשעפער פון דער וועלט, זאָלסטו לערנען אַגדה; ווייל דורך איר וועסטו קענען דעם רבונו של עולם און דו וועסט זיך באַהעפטן, גיין שטענדיק, אין זיינע וועגן.

*

אַגב, אַ כאַראַקטעריסטיק וועגן תנ"ך, משנה, הלכה און אַגדה:

מקרא, משנה, הלכה ואַגדה. פּנים של אימה למקרא, פּנים בינוניות למשנה, פּנים מסבירות להש"ס, פּנים שוחקות לאַגדה[2].

דאָס הייסט, אַז תנ"ך האָט אַ פורכטבאַר געזיכט, די משנה — ערנסט, דער תלמוד בכלל — געמיטלעך, און די אַגדה — פריילעך.

1. ספרי, פרשת עקב, יא, כב.
2. מסכת סופרים, ט"ז, ב, לויט הגהות הגר"א. אַביסל אַנדערש אויסגעדריקט, אין פסיקתא דרב כהנא, הוצאַת בובר, סוף פרשת בחודש השלישי און אויך אין ילקוט שמעוני, פרשת יתרו, רפו.

# די תנאים און די אמוראים

דער תלמוד איז תורת חיים אין דעם דאָפּלטן זין פון דעם דאָזיקן באַגריף: אויסער דעם וואָס ער איז דיווירקלעכע לעבנס־לערע פון יידישן פאָלק, איז דער תלמוד נישט געוואָרן געגליווערט און פאַר־שטאַרט אין אַ שריפטלעכער לערע, נאָר ער פירט אַריין דעם לערנער אין דער אַקאַדעמיע פון די חכמים, אין דעם בית המדרש פון די תנאים און פון די אמוראים [1].

תנאים, די לערנער, ווערן גערופן די חכמים אין ארץ ישראל אין דעם ערשטן און אין דעם צווייטן יאָרהונדערט לויט דער אָנגענומענער צייט־רעכענונג. די לעצטע פון די תנאים ווערן גערעכנט דער מסדר המשנה, וואָס האָט צוזאַמענגעשטעלט די משנה, רבי יהודה הנשיא, וואָס ווערט אויך גערופן, סתם: רבי און אויך די אַנדערע חכמים אין זיין צייט.

די תנאים ווערן אויך גערופן: חכמי המשנה.

אמוראים, די אויסטייטשער, געווענלעך טייטשן זיי אויס די לערע פון די תנאים, ווערן גערופן די שפּעטערדיקע חכמים; אין ארץ ישראל — ביז אינעם פופטן און אין בבל — ביז אינעם זעקסטן יאָרהונדערט. זענען פאַרהאַנדן אמוראי ארץ ישראל און אמוראי בבל.

אי די תנאים, אי די אמוראים, ווערן אויך גערופן: חכמי התלמוד.

די לערע פון די תנאים ווערט געבערענגט אין די אַלע אויבן־אויסגערעכנטע ווערק פון דער תורה שבעל פה. די לערע פון די אמוראים — נאָר אין תלמוד ירושלמי, אין תלמוד בבלי און אין די מדרשים.

# די אייגנטימלעכקייטן פון תלמוד

דער תלמוד איז אָן שום גוזמא אַ גרויס וווּנדער, וואָס האָט נישט קיין גלייכן און אַפילו נישט קיין ענלעכקייט אין קיין ליטעראַטור ביי קיין שום אומה ולשון.

---

1. מען דאַרפט נישט פאַרטוישן דעם בית המדרש אין די צייטן פון די תנאים און אמוראים, מיט דעם בית המדרש, וואָס עס איז געווען באַקאַנט אין די יידישע שטעט און שטעטלעך אין די שפּעטערדיקע צייטן.

די תורה שבעל פה איז אין תלמוד און אַזוי אויך אין די אַנדערע אויבן־דערמאָנטע ווערק איבערגעגעבן, מערסטנטייל, נישט אין דעם סטאַטישן און אין דעם שוין אויסקריסטאַליזירטן פאָרם, נאָר אין דעם נאַטירלעכן און אין דעם פליסיקן פאַרלויף אינעם פּראָצעס פון שאַפונג און אַנטוויקלונג.

שוין נאָר בלויז צוליב דער דאָזיקער אייגנטימלעכקייט אַליין, איז דער תלמוד אַ ווונדערלעכער אויסנאַם, אַ פענאָמען און אַן אוניקום אין דער וועלט פון גייסטיקע שאַפונגען.

געוויינלעך זענען רעליגיעזע תורות אונז באַקאַנט אַלס שוין אינ־גאַנצן פערטיקע און שוין קאָנאָניזירטע, וואָס זייער אַנטשטייאונג איז, אין בעסטן פאַל, איינגעהילט אין אַ נעפּל. נישט שטענדיק בערפלי טוהר, אין ריינקייט־נעפּלען, ווי מיר זאָגן אין תפילת מוסף, ראש השנה. רעלי־גיעזע תורות, אַזוי ווי רעליגיעזע טעמפּלען, ליידן נישט, געוויינלעך, צו־פיל ליכט.

דער תלמוד איז, אוודאי, די איין און איינציקע רעליגיעזע לעבנס־לערע, וואָס כמעט פון אָנפאַנג ביז אַמענדע, אין פאַרלויף פון דער גאַנצער אַזוי לאַנגער אַנטוויקלונג — איז ער פריי, אָפן און קלאָר פאַר אַלע, פאַר דער גאַנצער וועלט, פאַר יעדערן, וואָס וויל נאָר באמת קומען לערנען.

*

דער תלמוד איז נישט קיין אַנטאָלאָגיע פון צוזאַמענגענומענע און איינגעזאַמלטע שאַפונגען פון יחידים און אויך נישט קיין בשותפות־דיק ווערק, וואָס יעדערער פון די באַטייליקטע שאַפט זיין חלק ביי זיך ביחידות — נאָר אַ קאָלעקטיווע שאַפונג אינעם פולן זין פון דעם דאָזיקן באַגריף.

עס ווערט אינעם תלמוד איבערגעגעבן דאָס לערנען, דאָס גייס־טיקע שאַפן פון דעם קאָלעקטיוו צוזאַמען; פון דעם שאַפנדיקן קאָ־לעקטיוו, פון די חכמים, די לערער און מנהיגים פון יענע אַלע דורות אין ארץ ישראל און שפּעטער אין בבל ביז חתימת התלמוד, ביז דאָס אַנטגילטיקע אָפּשליסן דעם תלמוד בבלי אינעם זעקסטן יאָרהונדערט.

## תורת הנגלה

אינעם תלמוד ווערט קיינמאָל נישט געברויכט קיין אומקלאָרע

שפּראַך אָדער וועלכע עס זאָלן נישט זיין אומפאַרשטענדלעכע, צווייפל־האַפטע, אָדער צווידייטיקע רמזים און פאַרנעפּלדיקע אָנדייטונגען [1].

דער תלמוד איז נישט קיין תורת הנסתר, קיין מיסטישע לערע, נאָר אויסשליסלעך תורת הנגלה, אַ תורה, ווו אַלץ ווערט איבערגעגעבן גאַנץ קלאָר, פשוט און מענטשלעך־פאַרשטענדלעך.

די לערע פון די חכמים איז אין תלמוד אויך אויפגעהאַלטן פריש און אין דער נאַטירלעכער אַטמאָספערע, אַזוי ווי מען וואָלט פשוט די חכמים געזען פאַר די אויגן און אוממיטלבאַר זיך צוגעהערט צו זייערע רייד. מען האָט אָפט דאָס געפיל, ווי מען איז אַליין אָנוועזנדיק ביי זייערע פאַרהאַנדלונגען, אַז מען פילט אַזש זייערן אָטעם.

אַז מען איז זוכה צו לערנען דעם תלמוד ווי געהעריק, טאַקע תורה לשמה, קאָן מען אַזוי אַריינדרינגען אין דער דאָזיקער רייכער גייסטיקער וועלט, דאָס מען זאָל ביים לערנען זיך פילן, אַזוי ווי מען זאָל זעלבסט נעמען דאַרין אַן אַקטיוון אָנטייל.

*

הגם דער תלמוד איז תורת הנגלה, אַ קלאָרע און פאַרשטענדלעכע לערע פאַר אַלע, איז פונדעסטוועגן, פאַר אַ היינטיקן מענטש נישט אַזוי באַלד לייכט דער צוטריט צו אים און עס איז אים אוודאי נאָך שווערער דאָס אַריינדרינגען אין זיין גייסטיקער וועלט.

דער תלמוד איז פריי און אָפן פאַר אַלע מענטשן, וואָס ווילן באמת לערנען, ער איז אָבער נישט פאַר אַלע גלייך אַנטפּלעקט.

דער תלמוד איז אַ וועלט, אַ גאַנצע גייסטיקע וועלט, האָט ער אין זיך אויך אַן ענלעכע אייגנשאַפט ווי די וועלט בכלל, ווי די נאַטור גופא:

די וועלט, די גאַנצע וועלט, די גאַנצע נאַטור, איז טאַקע פריי און אָפן פאַר אַלע, אָבער נישט אַנטפּלעקט פאַר אַלע. מען מוז שטענ־דיק כסדר זיך גוט אָנשטרענגען, כדי צו קאָנען קוים עפּעס באַגרייפן פון אירע וועזנטלעכע אייגנשאַפטן, וואָס ווערן טאַקע גערופן: סודות, די סודות פון דער נאַטור.

*

1. עס זענען אָבער פאַרהאַנדן מענכע שאַרפע אויסדרוקן, אָדער אפילו גאַנצע מאמרים וועגן מצרים אָדער בבל, וואָס אייגנטלעך ווערט דערמיט געמיינט רוים. אַזוי אויך וועגן פּרעה, נבוכדנצר, סנחריב און אַנדערע, וואָס מען פאַרשטייט, אַז די מיינונג איז וועגן אַספּאַסיאַנוס, טיטוס, אָדער וועגן אַנדערע רוימישע הערשער.

לעולם איז דאָך דאָס וואָס עס איז דאָ געזאָגט געוואָרן לגבי דער נאַטור אויך די מידה פון רבונו של עולם, וואָס מלוא כל הארץ כבודו און יעדערער מענטש, וואָס האָט נאָר אָפענע אויגן, אָן אײדל האַרץ און דעם אמת'ן שכל, איז זוכה צו זען און צו פילן די געטלעכקייט אויף יעדערן טריט און שריט — פונדעסטוועגן איז דאָך גאָרנישט זעלטן דאָס הסתרת פנים, דאָס געטלעכע פאַרהוילנקייט אין די אויגן פון די מענטשן.

זעט מען טאַקע אַזאַ ענלעכע אייגנשאַפט, אי בנוגע דעם תנ"ך, אי בנוגע דעם תלמוד:

דעם תנ"ך לערנט מען שוין טויזנטער יאָרן. ער איז שוין געוואָרן איבערזעצט אויף הונדערטער שפּראַכן און דיאַלעקטן. מיליאָנען מענטשן לערנען אים טאָג־טעגלעך און טויזנטער געלערטע און פאָרשער פון אַלע מינים, לערנען און פאָרשן אים פון אַלע פאַרשידענע שטאַנד־פּונקטן. בלויז פון די פירושים, פון די אַלע אַרט קאָמענטאַרן און פון די ממש אומצאָליקע ווערק וועגן דעם תנ"ך, קאָן מען אָנפילן ריזיקע ביבליאָטעקן — נו, נאָך דעם אַלעם, איז שוין דער תנ"ך אינגאַנצן אַנטפּלעקט?!

דאָס זעלבע איז אויך בנוגע דעם תלמוד:

דער תלמוד איז טאַקע פריי און אָפן פאַר אַלע, אָבער נישט אַזוי לייכט אַנטפּלעקט פאַר אַלע. מען מוז אים לערנען, ריכטיק לערנען און גאָר שטאַרק זיך מיען אינעם לערנען, ווי עס דריקט זיך אויס דער גרויסער אמורא פון ארץ ישראל, רבי יוחנן:

אשרי מי שגדל בתורה ועמלו בתורה![1]

ווייל איז דעם וואָס וואַקסט, וואָס ווערט דערצויגן, אין דער תורה און זיין מיאונג איז אין דער תורה.

## צוקומען צום קוואַל

צו פאַרשטיין ווי געהעריק דעם תלמוד און אים ריכטיק באַגרייפן מוז מען אים זער ערנסט שטודירן אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן. מען מוז ווערן היימיש מיט דער סביבה אַרום, גוט זיך באַקענען מיט אַלע

1. ברכות, יז, א.

אייגנטימלעכקייטן און באַנעמען די גענויע באַדייטונג פון די פאַר־שידענע רעדנס־אַרטן און אַלערליי אויסדרוקן איןביידע שפּראַכן: אין העברעאיש און אין אַראַמעאיש.

אַז מען באַקענט זיך מיט דעם אַלעם און מען הויבט אָן אוממיטל־באַר צו פאַרשטיין די אַזוי בילדערישע תלמודישע שפּראַך און מען ווערט אייגן מיט דעם סיסטעם פון די דיסקוסיעס און דער עיקר, ווען מען הייבט שוין אָן צו ווערן היימיש מיט דעם געדאַנקען־גאַנג פון די חכמי התלמוד — ערשט דעמאָלט עפנט זיך אויף די ברייטע פּאַנאָראַמע, ווו עס שיינט אויף די ווונדערלעכע און טאַקע רעאַלע וועלט פון די חכמי התלמוד.

דאָס אַלץ איז אָבער נאָר געזאָגט געוואָרן, ווען מען דערגרונ־טעוועט זיך צום שורש, ווען מען קומט צו צום קוואַל און מען לעבט זיך טאַקע איין אין יענער אַטמאָספערע, וואָס איז נאָר מעגלעך, מינ־דעסטנס, ווען מען פאַרשטייט אוממיטלבאַר די אָריגינעלע שפּראַך.

*

בכלל איז נישט לייכט דאָס שטודירן אַלטע ווערק פון לאַנג פאַר־גאַנגענע דורות, אָבער שטודירן דעם תלמוד איז יעדנפאַלס פיל שווע־רער ווי שטודירן אַלע אַנדערע ווערק, וואָס זענען באַלד לכתחילה געוואָרן געשאַפן אַלס אַזעלכע און זייער מחבר, וואָס זיין אייגנטלעכע אויפגאַבע איז דאָך דאָס רעפערירן אויף דער באַשטימטער טעמע, האָט שטענדיק פאַרן אויג דעם לעזער, עווענטועל, אַפילו אויך דעם צוקונפ־טיקן לעזער — באַמיט ער זיך צו מאַכן זיין ווערק וואָס לייכטער, וואָס צוגענגלעכער און וואָס מער פאַרשטענדלעך.

דער תלמוד אָבער, וואָס אין אים ווערט, מערסטנטייל, איבער־געגעבן די לערע אינעם נאַטירלעכן פּראָצעס פון שאַפן און אין די, נישט זעלטן, שווערע ראַנגלענישן צווישן די חכמים — איז אוודאי אומגעהויער פיל שווערער באַלד דער צוגאַנג צו אים און דאָס אָנ־הייבן אַריינדרינגען אין אים צו אַן ערנסטן שטודיום.

X

# איבערזעצונג און קאָמענטאַרן

די גרויסע שוועריקייטן און די שטאַרקע אָנשטרענגונגען אין דער ערשטער צייט פון שטודירן דעם תלמוד, ווערן דערנאָך געהעריק קאָמ־

פענסירט, ווען מען האָט שוין די מעגלעכקייט, מער־ווייניק, אַריינצו־דרינגען אין זיינע טיפענישן. דעמאָלט קאָן מען זיך שוין אַליין גע־פינען אין דער תלמודישער סביבה נאָענט צו דער גייסטיקער וועלט פון די חכמי התלמוד, וואָס לערנען תורה, תורת חיים, די לעבנס־לערע, וואָס שטייט נישט אָפּ פון לעבן.

דאָס אַלץ איז, פאַרשטייט זיך, געזאָגט געוואָרן וועגן דעם תלמוד אין דעם אָריגינאַל, אָבער נישט אין קיין שום איבערזעצונג.

דאָס איבערזעצן וויכטיקע, גרויסע ווערק פון איין שפּראַך אין אַן אַנדערער, איז בכלל אַ זער שווער פּראָבלעם און גאַנץ באַזונדער דאָס איבערזעצן גאָר אַלטע ווערק. מערסטנטייל איז דער איבערזעצער גלייכצייטיק דער קאָמענטאַטאָר, דער מפרש, דער אויסטייטשער פון איבערגעזעצטן ווערק.

איז בנוגע אַלע אַנדערע איבערגעזעצטע ווערק, ווערט ביי זיי דאָך נישט אַזוי פיל געענדערט דער אייגנטלעכער כאַראַקטער פון דעם איבערגעזעצטן ווערק, ווייל פריער, אין דעם אָריגינאַל, האָט עס איין מחבר און אין דער איבערזעצונג האָט עס אַזוי ווי צוויי מחברים. דאַגעגן, אָבער, ביי איבערזעצן דעם תלמוד — פאַרלירט ער דאָך דערביי זיין וועזנטלעכע אייגנטימלעכקייט און זיין כאַראַקטער: אין דער איבערזעצונג קאָן מען דאָך שוין נישט צוקומען דירעקט צו דער תלמודישער לערע און צו די חכמי התלמוד זעלבסט, נאָר צו דעם פאַר־מיטלער: צו דעם איבערזעצער, וואָס איז גלייכצייטיק דער אויסטיי־טשער, וואָס גיט איבער דעם תלמוד נאָר לויט זיין אייגענער אויפ־פאַסונג און לויט זיין השגה.

*

דער תלמוד האָט זוכה געווען צו זער אַ סך פּירושים, צו אַן אַ צאָל פאַרשידענע קאָמענטאַרן, אָבער זיי אַלע באַרירן נישט דעם אָריגינאַל, וואָס איז טאַקע געבליבן גענצלעך אומבאַרירט.

די אַלע פּירושים, אַפילו די וויכטיקסטע און די אָנערקענטסטע, זענען נישט מחייב, זיי זענען נישט פאַרפליכטנדיק. עס איז לגבי זיי איינגעשטעלט אַ גאַנץ פרייע, ליבעראַלע באַציאונג.

ווען מען עפנט וועלכע עס איז מסכתא אין תלמוד, זעט מען אויף יעדערן בלאַט גמרא דעם תלמודישן טעקסט און די שענסטע און אָנערקענטסטע פּירושים אַרום אים.

אַרומגערינגלט דורך זיינע פּירושים, איז דער תלמוד געבליבן אין

דעם אומפאַרענדערטן אָריגינאַל, אומבאַרירט פון אַלעם, וואָס רינגלט אים אַרום.

*

זאָל דאָ, מינדעסטנס, דורכגייענדיק ווערן דערמאָנט די גרויסע פאַר־דינסטן פון די מפרשי התלמוד, וואָס האָבן זער פיל צוגעהאָלפן, אַז דער תלמוד, גאַנץ באַזונדער דער תלמוד בבלי, זאָל זיין צוגענגלעך פאַרן פאָלק, פאַר יעדערן, וואָס וויל לערנען.

ווי אַלע באַוווסט, צייכנט זיך דערמיט אויס, גאַנץ באַזונדער, דער וווּנדערלעכער פירוש רש״י פון רבי שלמה בר׳ יצחק פון טרואַ.

דער דאָזיקער אַזוי ליבער, האַרציקער, ליכטיקער ייד, וואָס האָט געלעבט אין דעם פינסטערן מיטלאַלטער אין אייראָפּע.

## דער תלמוד — דער נאַטירלעכער המשך פון תנ״ך

די תורה שבעל פה, דער תלמוד, איז דער נאַטירלעכער המשך, די דירעקטע ווייטערדיקע פאָרטזעצונג פון דער תורה שבכתב, פון תנ״ך.

זענען צוויי גרונד־פּרינציפּן פון דער תורה שבעל פה:

ערשטנס, די מסורה, די איבערגענומענע טראַדיציע, וואָס ווערט שטענדיק געגוי אָפּגעהיטן אין דעם אייגנטלעכן, ריינעם זין און אין דער געהעריקער פאָרם.

צווייטנס, די שטענדיקע ווייטערדיקע אַנטוויקלונג און דאָס נישט בלייבן קיינמאָל הינטערשטעליק אינעם לעבן. דאָס שטענדיקע אויפ־האַלטן און ריכטיק אָפּהיטן די אייגנשאַפט פון תורת חיים, די אייביק־אַקטועלע לעבנס־לערע פון פאָלק ישראל.

ווי אַזוי האַרמאָניש אָפּהיטן צוזאַמען די דאָזיקע צוויי גרונד־פּרינ־ציפּן, וואָס אויבערפלעכלעך קאָן זיך גאָר אויסדאַכטן, אַז זיי זענען אפשר זיך סותר, אַז זיי זענען געגנזעצלעך צווישן זיך?

דער דאָזיקער שווערער פּראָבלעם ווערט פיל מאָל באַהאַנדלט אינעם תלמוד ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן. ווערט דאָ געברענגט אַ זער קורצע אָבער גאַנץ קלאָרע פאָרמולע, וואָס ווייזט געגוי דעם טענדענץ און די ריכטונג, ווי אַזוי צו לעזן דעם דאָזיקן גרונדזעצ־לעכן פּראָבלעם:

## דוד מלכי

**אָמר רבי יהושע בן לוי: מקרא ומשנה, תלמוד, הלכות ואגדות, אפילו מה שתלמיד וותיק עתיד להורות לפני רבו — כבר נאמר למשה מסיני[1].**

רבי יהושע בן לוי האָט געזאָגט: דער תנ״ך און די משנה, דער תלמוד, די הלכות און די אגדות און אַפילו דאָס וואָס אַ ריכטיקער תלמיד וועט לערן און אורטיילן אין דער געגנוואַרט פון זיין רבי׳ן — דאָס אַלץ איז שוין געזאָגט למשה מסיני, צו משה׳ן פון סיני.

אין דעם דאָזיקן קורצן מאמר פון רבי יהושע בן לוי איז אויס־געדריקט די לערע וועגן דער מסורה, וועגן דער טראַדיציע, און גלייכ־צייטיק וועגן דער ווייטערדיקער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג פון דער תורה שבבעל פה:

אין דער תורה, למשה מסיני, איז אַנטהאַלטן די תורה שבכתב און אויך די אַלע דאָ אויבן־אויסגערעכנטע שאַפונגען פון דער תורה שבעל פה. אָבער דערמיט ענדיקט זיך נאָך נישט אַלץ. די יידישע תורה, די תורת חיים, די אייביקע לעבנס־לערע, אַנטהאַלט דאָך אין זיך אַלץ וואָס דאָס לעבן רוקט אַרויס — טאָ ווי אַזוי וועט מען אין דער צוקונפט וויסן, וועלכע לערע עס קאָן ווערן גערעכנט אַלס: למשה מסיני?

ביי אַלע אַנדערע רעליגיעס וואָלט אין אַזאַ פאַל, גאַנץ פאַרשטענד־לעך, געוואָרן באַשטימט, אַז די דאָזיקע וויכטיקסטע און העכסטע דע־ציזיע ליגט אין די הענט און אין דער קאָמפּעטענץ פון דעם גרעסטן גייסטלעכן פירער, וואָס איז די העכסטע רעליגיעזע אינסטאַנץ.

דאָס וואָלט אָבער געווען נישט נאָר בלויז פרעמד דעם אָריגינעלן יידישן גייסט, נאָר לחלוטין, פולשטענדיק, געגן דעם אמת׳ן אָריגינעלן גייסט פון יהדות, פון דער יידישער אמונה און רעליגיע.

אין דער יידישער רעליגיע איז נישטאָ און עס קאָן גאָרנישט זיין געמאָלט, אַז וועלכער עס איז ייד זאָל האָבן די מינדעסטע רעכט און קאָמפּעטענץ מער ווי אַלע אַנדערע יידן.

נישט דער טיטל וואָס דער ייד טראָגט און נישט די פונקציעס וואָס ער פירט אויס, גיבן אים באַזונדערע רעכט און העכערע קאָמ־פּעטענצן אין דער יידישער רעליגיע; נאָר בלויז, אויסשליסלעך, די תורה גופא איז די העכסטע קאָמפּעטענץ.

טאָ ווי אַזוי וועט מען וויסן, וואָס צו האַלטן אַלס למשה מסיני?

---

1. ירושלמי, חגיגה, א, ח; פאה, ב, ד.

אַ געניעזן ענטפער אויף דער דאָזיקער אַזוי וויכטיקער פראַגע אַנטהאַלט די קורצע פאָרמולע פון רבי יהושע בן לוי:

מה שתלמיד וותיק עתיד להורות לפני רבו.

וואָס אַ ריכטיקער תלמיד וועט לערן און אורטיילן אין דער געגנ־וואַרט פון זיין רבי׳ן.

ערשטנס, וותיק, אַ ריכטיקער און עכטער תלמיד.

צווייטנס, להורות, ער זאָל נישט בלויז לערנען פאַר זיך, נאָר אויך לערנען מיט אַנדערע, לערן און אַרויסגעבן אורטיילן.

דריטנס, תלמיד, ער זאָל נאָך זיין בבחינת תלמיד, ער זאָל נאָך האַלטן אַליין אין לערנען און אין פאַרפאָלקאָמען זיך אין דער תורה.

פערטנס, לפני רבו, אינעם געגנוואַרט פון זיין רבי׳ן. עס מוז זיין דירעקטער המשך. עס טאָר נישט זיין קיין ליידיקער חלל און אפילו נישט קיין הפסק צווישן דעם עלטערן און דעם יינגערן דור.

פופטנס, אַזוי ווי דער יינגערער דור מוז נאָך זיין צוגעבונדן צום עלטערן דור, דער תלמיד צום רבי׳ן — אַזוי מוז אויך דער עלטערער דור האָבן פאַרשטענדעניש פאַרן יינגערן דור. דער רבי מוז האָבן די פעאיקייט צו שאַפן די געהעריקע האַרמאָניע מיט זיינע ריכטיקע תלמידים.

זעקסטנס, להורות לפני רבו, ער זאָל לערן און אַרויסגעבן אור־טיילן אין דער געגנוואַרט פון זיין רבי׳ן. אייגנטלעך וואָלט דאָך געדאַרפט זיין נאַטירלעכער פאַרקערט: דער רבי זאָל לערן און אַרויסגעבן אור־טיילן אין דער געגנוואַרט פון תלמיד. נאָר אַזוי ווי עס רעדט זיך דאָך וועגן אַ נייע הלכה, וועגן איינפירן נייעס, איז פון שטענדיק אָן דער סדר העולם, אַז נייעס ברענגט אַריין דער יינגערער דור; אָבער דער עלטערער דור, דער רבי, דאַרפט דאָס קאָנטראָלירן און האָבן דערצו די געהעריקע פאַרשטענדעניש.

אָט די אַלע אַזוי לאָגישע, אַזוי נאַטירלעכע, אַזש זעלבסטפאַר־שטענדלעכע באַדינגונגען, אַז אַ נייע לערע, אַ תורה, אַ הלכה, זאָל ווערן אויטאָריזירט אַלס למשה מסיני — קומען אַזוי קלאָר צום אויס־דרוק אין דעם דאָזיקן קורצן און אַזוי קאָנדענסירטן מאמר פון רבי יהושע בן לוי.

דוד מלכי

# די געגענער פון תלמוד

מיט זייערן גוט־אַנטוויקלטן חוש אין דער שנאה צום יידישן פאָלק, האָבן די שונאי ישראל פון אומעטום און אין אַלע צייטן, ריכטיק באַגריפן, דאָס דער תלמוד, די אייגנטלעכע יידישע תורה, איז דער הויפּט־פאַקטאָר אין דער דערהאַלטונג פון יידישן פאָלק אין דעם אַזוי לאַנגן און שווערן גלות.

איז עס גאַנץ נאַטירלעך, דאָס דער תלמוד האָט געטיילט דעם זעלבן גורל פון יידישן פאָלק בכלל און די שונאי ישראל האָבן, יאָר־הונדערטער, אים שרעקלעך פאַרפאָלגט און געגן אים געפירט אַ שענד־לעכע העצע.

עס איז אוודאי נישטאָ אויף דער וועלט נאָך אַ ווערק, וואָס זאָל האָבן אין משך פון הונדערטער יאָרן געליטן אַזוי פיל זלזולים און באַליידיגונגען און וואָס זאָל האָבן אויסגעהאַלטן אַזוי פיל רדיפות און בלבולים ווי דער תלמוד.

היטלערס פאַרברענען עפנטלעך, אין יאָר 1933, די ביכער, וואָס האָבן נישט נושא חן געווען אין זיינע אויגן, איז נישט געהאַט געווען זיין אייגענע אָריגינעלע דערפינדונג אין אייראָפּע. עס האָט אים, אוודאי, געדינט אַלס מוסטער דאָס שענדלעכע פאַרברענען די ספרי תלמוד אין מיטלאַלטער אין עטלעכע הויפּט־שטעט פון די קריסטלעכע לענ־דער. אַפילו דאָ הי, אין דעם היינט אַזוי שיינעם, פרייען און גייסט־רייכן פאַריז, איז אינעם יאָר 1242 אויף אַן עפנטלעכן פלאַץ געוואָרן איינגעאָרדנט אַ שייטער־הויפן, וו עס איז מיט גרויס פּאָמפּע געוואָרן פאַרברענט פיל ספרים פון תלמוד.

* * *

די יידישע משכילים פון אַכטצענטן און נײַנצענטן יאָרהונדערט זענען געהאַט געווען איבערצייגט, אַז ווי נאָר די יידן אין אייראָפּע וועלן פאַרלאָזן זייערע יידישע אייגנאַרטיקייט און וועלן ליבערשט אי־בערנעמען דאָס אַרט לעבן פון זייערע קריסטלעכע שכנים — וועלן זיי ווערן אינגאַנצן אויפגעריכט, זיי וועלן ווערן באַפרייט פון אַלע יידישע צרות, עס וועלן אויפהערן געגן זיי אַלע מינים רדיפות און פּאָגראָמען און זיי וועלן ווערן גלייכבאַרעכטיקטע בירגער אַזוי ווי אַלע אַנדערע איינוווינער פון לאַנד.

זענען די משכילים, אין זייער נאַאיוויטעט, געווען גרייט, קודם כל, זיך אָפּצוזאָגן און אפילו זיך אָפּצוטרייסלען פון תלמוד, נאָר האַלטן זיך נאָר אינעם תנ״ך, וואָס ווערט אויך, אין אַ געוויסער מאָס, אַנערקענט דורך די קריסטן.

די דאָזיקע אַזוי אויבערפלעכלעכע און פאַלשע איינשטעלונג האָט אויך געפירט דערצו, אַז מענכע משכילים האָבן זיך אַזש דערלויבט אויף אַ זער ביליגע אַגיטאַציע געגן תלמוד. זיי האָבן זיך אפילו באַנוצט מיט באַנאַל לצנות, וואָס זיי האָבן דערביי אויסגענוצט צוויי אומשולדיקע אומשטענדן:

ערשטנס, דער תלמוד איז דאָך אויך אַ וועג־ווייזער פאַר יעדערן יחיד, ער לערנט אויך דעם איינצלנעם מענטש דעם דרך הישר, ווי אַזוי זיך צו פירן אינעם לעבן. נעבן דער הויכער גייסטיק־ראַפּינירטער און עטיש־דערהויבענער לערע, געפינט מען אויך אינעם תלמוד גאַנץ אויספירלעכע אָנווייזונגען וועגן די קלענסטע, פּשוט׳סטע און אַפּילו פּרימיטיווסטע מענטשלעכע באַדערפענישן. האָבן יענע משכילים זער ליב געהאַט אַרויסצוהייבן אַזעלכע פאַלן און דערביי טרייבן לצנות: מיט וואָס דער תלמוד פאַרנעמט זיך דאָס, מישטיינס געזאָגט.

צווייטנס, עס קומט מענכעס מאָל אויס אינעם תלמוד, אַז אין ברען פון אַ שאַרפער דיסקוסיע, ווו עס ווערט באַהאַנדלט אַלע מעגלעכע סיטואַציעס, ווערט אַמאָל דערמאָנט אַזאַ סיטואַציע, וואָס איז טאַקע ווייט פון דער ווירקלעכקייט, ווייל אין יענעם מאָמענט גייט נאָר אין דעם אַלגעמיינעם פּרינציפּ און נישט אין דעם געגעבענעם פאַל, וואָס דינט נאָר אַלס דראַסטישער משל. אַזעלכע סיטואַציעס, וואָס זענען נאָר דורכגייענדיק געוואָרן געבערענגט אַלס קוריאָז — האָבן יענע משכילים בכוונה פאַרגעשטעלט, ווי דער תלמוד זאָל זיי האָבן באַהאַנדלט אַלס פאַקטן אינעם לעבן.

*

איז, ממש, צו שטוינען ווי די אַזוי פלאַכע און, פון אַלע שטאַנדפונקטן, פאַלשע משכילישע איינשטעלונג בנוגע דעם תלמוד איז נאָך געבליבן ביי מענכע היינט־צייטיקע יידישע מנהיגים, וואָס הגם אויף אַנדערע געביטן אינעם יידישן לעבן האָבן זיי יאָ באַוויזן זיך צו באַפרייען פון דעם משכילישן איינפלוס — זענען זיי אָבער בנוגע דעם תלמוד, וואָס זיי האָבן וועגן אים אַ גאַנץ קנאַפּע אַנונג, נאָך געבליבן שטעקן ביי יענע משכילים.

דוד מלכי

# לערנען תורה

**תורה, לערנען תורה, נישט שטעלן מאָנומענטן און נישט בויען טעמפּלען, נאָר פּראָסט פּשוט לערנען תורה.**

**איז אינטערעסאַנט צו ברענגען צוויי אַזעלכע שמועסן צווישן חכמי התלמוד:**

רבי חמא בר חנינא ורבי הושעיא רבה הוו מטיילין באילין כנישתא דלוד. אָמר רבי חמא בר חנינא לרבי הושעיא: כמה ממון שיקעו אבותי כאן! אָמר ליה: כמה נפשות שיקעו אבותיך כאן, לא הוה אית בני נש דילעון באורייתא?![1]

**רבי חמא בן חנינא און דער גרויסער רבי הושעיא האָבן צוזאַמען געמאַכט אַ שפּאַציר איבער די שוהלן (בתי כנסיות) אין לוד. זאָגט רבי חמא בן חנינא: וויפיל געלט האָבן מיינע עלטערן אַריינגעלייגט אין די דאָזיקע שוהלן! זאָגט אים רבי הושעיא: וויפיל נפשות האָבן דיינע עלטערן אַריינגעלייגט אין די דאָזיקע שוהלן! איז דען נישט געווען בעסער, ליבערשט צו שטיצן מענטשן, אַז זיי זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צו לערנען תורה?!**

**עס ווערט דאָרטן געברענגט נאָך אַזאַ ענלעכער שמועס צווישן צוויי אַנדערע חכמים:**

רבי אָבון עבד אילין תרעייה דסדרא רבא, אָתה רבי מנא לגביה. אָמר ליה: חמי מאי עבדית! אָמר ליה: „וישכח ישראל את עושהו ויבן היכלות"[2] — לא הוו בני נש דילעון באורייתא?!

**רבי אָבון האָט געמאַכט טייערע טויערן צו דעם גרויסן בית המדרש. ווען רבי מנא איז צו אים געקומען, האָט ער אים געזאָגט: זע, וואָס איך האָב געטוען! האָט רבי מנא אים דערמאָנט די רייד פון דעם נביא הושע: "ישראל האָט פאַרגעסן זיין באַשעפער און געבויט טעמ־**

---

1. ירושלמי, שקלים, סוף פרק ה.
2. הושע, ח, יד.

פלען" און רבי מנא האָט נאָך צוגעגעבן: וואָס, עס זענען דען נישטאָ קיין מענטשן, וואָס זאָלן ליבערשט לערנען תורה?!

*

לערנען תורה. נישטאָ קיין העכערס ווי לערנען תורה.

אָפילו תפילה, וואָס דער מענטש ווערט דערביי דערהויבן אין העכערע ספערן און דערנענטערט צום רבונו של עולם, אָפילו תפילה איז נישט אויף אַזאַ הויכער מדרגה ווי תורה.

רבא חזייה לרב המנונא דקא מאריך בצלותיה, אמר: מניחים חיי עולם ועוסקים בחיי שעה?![1]

אַז רבא האָט געזען, ווי רב המנונא איז מאריך אין תפילה, האָט ער זיך געוואונדערט, ווי אַזוי פאַרלאָזט מען דאָס אייביקע לעבן און מען איז עוסק אין דעם נאָר מאָמענטאַלן לעבן.

ווייטער ווערט געברענגט, ווי דער זעלבער אונטערשיד צווישן תורה און תפילה ווערט אויך אנגעגעבן צווישן תורה און מצוה.

## לערנען תורה ברבים

די תורה איז נישט באַשטימט נאָר פאַר יחידים און פאַר אויסדערוויילטע פריווילעגירטע קלאַסן, נאָר פאַרן גאַנצן פאָלק.

אָמר רבי יודן: ללמדך שכל מי שהוא אומר דברי תורה ברבים, זוכה שתשרה עליו רוח הקודש[2].

רבי יודן זאָגט, אַז יעדערער, וואָס לערנט תורה עפנטלעך פאַר אַלע, איז ער זוכה, אַז עס זאָל אויף אים רוען רוח הקודש.

*

אויסער דעם אייגנטלעכן ציל צו פאַרשפרייטן די תורה אין וואָס

1. שבת, י, א.
2. מדרש רבה, שיר השירים, א, ח.

ברייטערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, איז דאָס לערנען גופא פיל וויכטיקער, אַז עס ווערט געלערנט בחבורה, אין געזעלשאַפט — איי־דער ביחידות, ווי יעדערער באַזונדער לערנט איינזאַם פאַר זיך אַליין.

אָמר רבי חמא ברבי חנינא: מאי דכתיב: „ברזל בברזל יחד, ואיש יחד פני רעהו"[1]? — לומר לך: מה ברזל זה, אחד מחדד את חברו, אף שני תלמידי חכמים מחדדין זה את זה בהלכה.

רבי חמא בן רבי חנינא זאָגט: דאָס וואָס איז געשריבן: "אייזן שלייפט מען מיט אייזן, און איין מענטש שלייפט דעם שאַרף פון דעם אַנדערן" — מיינט צו זאָגן: אַזוי ווי אייזן שלייפט איינס דאָס אַנדערע, אַזוי אויך צוויי תלמידי חכמים שאַרפט איינער דעם אַנדערן אין דער הלכה.

*

אָמר רבה בר בר חנא: למה נמשלו דברי תורה כאש, שנאמר: „הלוא כה דברי כאש"[2]? — לומר לך: מה אש אינו דולק יחידי, אף דברי תורה אין מתקיימין ביחידי. והיינו דאָמר רבי יוסי בר חנינא: מאי דכתיב: „וחרב על הבדים ונואלו"[3]? חרב על שונאיהן של תלמידי חכמים שעוסקים בד בבד בתורה. ולא עוד, אלא שמטפשין, שנאמר: „ונואלו". ולא עוד, אלא שחוטאין.

רבה זאָגט: פאַרוואָס זענען דברי תורה געגליכן צו פייער, אַזוי ווי עס זאָגט דער נביא ירמיהו אין נאָמען פון רבונו של עולם: "מיין וואָרט איז דאָך אַזוי ווי פייער" — ווייל אַזוי ווי פייער ברענט נישט אַליין, אַזוי אויך דברי תורה האַלטן זיך נישט אין איינזאַמקייט. ווי רבי יוסי בן חנינא האָט שוין געהאַט זיך אויסגעדריקט זער שטרענג געגן די תלמידי חכמים, וואָס לערנען ביחידות, איינזאַם, פאַר זיך אַליין. נאָך

1. משלי, כז, יז.
2. ירמיהו, כג, כט.
3. ירמיהו, נ, לו.

מער: דורך דעם איינזאַמען לערנען קאָן מען אויך ווערן פאַרנאַרט און עס איז אפילו אויך אַ זינד.

אָמר רב נחמן בר יצחק: למה נמשלו דברי תורה כעץ, שנאמר: „עץ חיים היא למחזיקים בה"[1]? — לומר לך: מה עץ קטן מדליק את הגדול, אף תלמידי חכמים קטנים מחדדים את הגדולים.

והיינו דאָמר רבי חנינא: הרבה למדתי מרבותי, ומחברי יותר מרבותי, ומתלמידי יותר מכולם[2].

רב נחמן בן יצחק זאָגט: פאַרוואָס זענען דברי תורה געגליכן צו אַ בוים, אַזוי ווי עס ווערט געזאָגט אין ספר משלי: "אַ בוים פון לעבן איז זי (די תורה) פאַר די, וואָס האַלטן זי פעסט" — ווייל אַזוי ווי אַ בוים, אַזוי ווי האָלץ, צינדט מען אָן גרויסע העלצער דורך קליינע, אַזוי אויך קליינע תלמידי חכמים שאַרפן די גרויסע.

זאָגט טאַקע רבי חנינא: איך האָב אַ סך געלערנט פון מיינע לערער, פון מיינע חברים האָב איך מער געלערנט ווי פון מיינע לערער, אָבער פון מיינע תלמידים האָב איך מער געלערנט ווי פון זיי אַלע.

*

זאָל דאָ ווערן געמאַכט אויפמערקזאַם, דאָס די חכמי התלמוד האָבן אין זייער שטאַרקער ליבע צום תנ"ך, געגוג אָפט זיך פאַר־רופן אויף פסוקים פון תנ"ך, נאָר ווי אַן אַסמכתא בעלמא, אַלס גלאַט אַזוי אַן אָנשפּאַר.

עס וועט נאָך אויסקומען צו באַקענען און טאַקע באַוואונדערן זער שיינע הויך־קינסטלערישע און, פון פאַרשידענע שטאַנדפונקטן, זער אינ־טערעסאַנטע פאָרמען פון די אַזוי גערופענע דרשות פון די חכמי התלמוד.

---

1. משלי, ג, יח.
2. תענית, ז, א.

דוד מלכי

# דאָס ליכט פון דער תורה

דרש רבי מנחם ברבי יוסי: „כי נר מצוה ותורה אור"[1] — תלה הכתוב את המצוה בנר ואת התורה באור, לומר לך: מה נר אינו מאיר אלא לפי שעה, אף מצוה אינה מגינה אלא לפי שעה; ומה אור מאיר לעולם, אף תורה מגינה לעולם[2].

רבי מנחם בן רבי יוסי האָט אויסגעטייטשט דעם פסוק אין ספר משלי: "ווייל די מצוה איז אַ ליכטל (נר) און די תורה איז ליכטיקייט (אור)" — אַזוי ווי אַ ליכטל לייכט נאָר מאָמענטאַל, אַזוי אויך אַ מצוה באַשיצט נאָר מאָמענטאַל; דאַגעגן אָבער די תורה שיצט אייביק, אַזוי ווי ליכטיקייט לייכט אייביק.

זאָגט רבי אלעזר:

כל המשתמש באור תורה — אור תורה מחייהו[3].

ווער נאָר עס באַנוצט זיך מיט דעם ליכט פון דער תורה, לעבט עס אים אויף.

רבי חייא בתר דמצלי אָמר הכי: יהי רצון מלפניך, ה' אלהינו, שתהא תורתך אומנותנו ואל ידוה לבנו ואל יחשכו עינינו[4].

רבי חייא האָט נאָך דער תפילה בכלל, געפלעגט באַזונדער מתפלל זיין: עס זאָל זיין דיין ווילן, רבונו של עולם, דאָס די תורה זאָל זיין אונזער שטענדיקער באַרוף און אונזער האַרץ זאָל נישט ווייטיקן און אונזערע אויגן זאָלן נישט פאַרפינסטערט ווערן.

די תלמידים פון רבי אמי האָבן ביים געזעגענען זיך אים געוווּנטשן:

עיניך יאירו במאור תורה![5]

---

1. משלי, ו, כג.
2. סוטה, כא, א. לויט דעם נוסח פון „עין יעקב".
3. כתובות, קיא, ב.
4. ברכות, טז, א.
5. ברכות, יז, א.

דיינע אויגן זאָלן לייכטן מיט דער ליכט פון דער תורה!

*

**ווי טייער איז תורה.**

רבי ברכיה ורבי חייא דכפר תחומין. חד אָמר: אפילו כל העולם כולו אינו שווה לדבר אחד מן התורה; וחד אָמר: אפילו כל מצוותיה של תורה אינן שוות לדבר אחד מן התורה [1].

רבי ברכיה און רבי חייא פון דעם דאָרף תחומין. איינער זאָגט: אפילו די גאַנצע וועלט האָט נישט די ווערט ווי עפּעס פון דער תורה. דער אַנדערער זאָגט נאָך מער: אפילו אַלע מצוות פון דער תורה האָבן נישט די ווערט ווי עפּעס פון דער תורה.

עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָ איז נישט די רייד וועגן די מצוות שבין אָדם לחברו, וועגן די פליכטן פון מענטש צו מענטש; נאָר וועגן די רעליגיעזע מצוות, די מצוות שבין אָדם למקום [2].

עס איז זיך נישט פאָרצושטעלן נאָך אַ רעליגיע, וואָס זאָל דער־קלערן, אַז לערנען איז העכער און וויכטיקער, ווי אַלע אַנדערע רעלי־גיעזע אויסערונגען.

*

איז אוודאי כדאי דאָ צו ברענגען אַ זער מערקווירדיקן מאמר פון תלמוד ירושלמי, ווו עס קומט צום אויסדרוק דער שטאַרקער גלויבן און די אַבסאָלוטע איבערצייגונג אין דער ריכטיקייט און אין דער ווירקזאַמ־קייט פון דער תורה:

„ויאמר ה': על עזבם את תורתי" [3] — אָמר רבי חייא בר אַבא: אותי עזבו — אוותרה, שמא את תורתי שמרו; שאילו אותי עזבו ותורתי שמרו — המאור שבה היה מקרבן אצלי [4].

---

1. ירושלמי, פאה, א, א.
2. „ותלמוד תורה כנגד כולם" אין דער משנה אָנפאַנג פאה מיינט צו זאָגן, אַז תורה ברענגט צו די אַלע דאָרטן פריער אויסגערעכנטע מעשים טובים.
3. ירמיהו, ט, יב.
4. ירושלמי, חגיגה, א, ז, לויט „קרבן העדה".

אויף דעם פסוק אין ספר ירמיהו: "גאָט האָט געזאָגט: ווייל זיי האָבן פאַרלאָזט מיין תורה" — זאָגט רבי חייא בר אַבא, ווי גאָט וואָלט געזאָגט, אַז ער וואָלט מוותר געווען, ווען זיי וואָלטן אים פאַרלאָזט, אָבער געהיטן (געלערנט, "קרבן העדה") זיין תורה, ווייל דאָס ליכט פון דער תורה וואָלט זיי דערנענטערט צו גאָט.

אין מדרש איז דער דאָזיקער מאמר איבערגעגעבן אין אַ שטאַרקערן אויסדרוק:

רב הונא ורב ירמיה בשם רב חייא בר אבא אמרו: כתיב: „ואותי עזבו ואת תורתי לא שמרו"[1] — הלואי אותי עזבו ותורתי שמרו. מתוך שהיו מתעסקין בה, המאור שבה היה מחזירן למוטב[2].

## די פרייד פון דער תורה

בן עזאי היה יושב ודורש, והאש מתלהטת סביבותיו. אמרו ליה: שמא בסדרי מרכבה אתה עוסק? אמר להם: לאו, אלא מחריז דברי תורה לנביאים, ונביאים לכתובים, ודברי תורה שמחים כיום נתינתם בסיני. עיקר נתינתם באש ניתנו, הדא הוא דכתיב[3]: וההר בוער באש[4].

רבי שמעון בן עזאי איז געזעסן און עוסק געווען אין דער תורה אַז די אַטמאָספערע אַרום איז אַזש געווען אָנגעגליט. האָט מען אים געפרעגט: אפשר ביזטו גאָר עוסק אין סדרי מרכבה?[5]. האָט ער געענטפערט: ניין, נאָר איך צי אויף (אַזוי ווי אַ שנירל פערל) דברי תורה, נביאים און כתובים; פרייען זיי זיך אַזוי ווי דאַמאָלט אויפן באַרג סיני, וואָס זיי זענען באַלד געגעבן געוואָרן אין פייער.

---

1. ירמיהו, טז, יא.
2. מדרש רבה, איכה, פתיחתא. ילקוט שמעוני, ירמיהו, רפב. פסיקתא דרב כהנא.
3. דברים, פרשת ואתחנן, ד, יא.
4. מדרש רבה, ויקרא, פרשת מצורע, טז, ד; שיר השירים, א, נב.
5. סדרי מרכבה און מעשה מרכבה ווערן באַנוצט אַלס אַלגעמיינע באַצייכענונגען פאַר תורת הנסתר, פאַר מיסטישער לערע וועגן דער גאָטלעכקייט.

אַז מען האָט ליב די תורה און מען פרייט זיך מיט דער תורה, פילט מען, ווי די תורה אַליין פרייט זיך אויך.

*

אָמר רבי יונה: ללמדך שאין רוח הקודש שורה אלא על לב שמח[1].

רבי יונה זאָגט, אַז רוח הקודש רוט נאָר אויף אַ פריילעך האַרץ.

ללמדך שאין שכינה שורה, לא מתוך עצבות, ולא מתוך עצלות, ולא מתוך שחוק, ולא מתוך קלות ראש, ולא מתוך שיחה, ולא מתוך דברים בטלים, אלא מתוך דבר שמחה של מצוה, שנאמר[2]: והיה כנגן המנגן, ותהי עליו יד ה'[3].

איז עס צו לערנען, אַז די שכינה רוט נישט אויף דעם מענטש, נישט אין טרויער, נישט אין פוילקייט, נישט אין געלעכטער, נישט אין לייכט־זיניקייט, נישט אין פלאַפלעריי, נישט אין פוסטקייטן, נאָר אין איידע־לער פרייד, אין שמחה של מצוה, אַזוי ווי עס איז געווען ביי אלישע הנביא.

*

ווערט אָנגעוויזן, אַז ביים לערנען תורה דאַרפט מען אויסוויילן אַזעלכעס, וואָס מען האָט דערצו אַ נייגונג.

אָמר רבי: אין אָדם לומד תורה אלא ממקום שלבו חפץ, שנאמר[4]: כי אם בתורת ה' חפצו[5].

רבי זאָגט, אַז אַ מענטש לערנט נאָר דאָס, וואָס זיין האַרץ באַגערט.

תני דבי רבי ישמעאל: דברי תורה לא יהו עליך חובה, ואי אתה רשאי לפטור עצמך מהן[6].

1. ירושלמי, סוכה, ה, א.
2. מלכים ב', ג, טו.
3. שבת, ל, ב.
4. תהלים, א, ב.
5. עבודה זרה, יט, א.
6. מנחות, צט, ב.

ביי רבי ישמעאל אין בית המדרש האָט מען געפלעגט צו זאָגן: די תורה זאָל ביי דיר נישט זיין ווי אַן אָנגעוואָרפענע פליכט, הגם, אייגנט־לעך, קאָנסטו נישט באַפרייען זיך דערפון.

*

די חכמי התלמוד, יעדנפאַלס פיל פון זיי, צייכענען זיך אויס מיט אַן אָפּטימיסטישער איינשטעלונג אין לעבן און לערנען דעם מענטש הנאה צו האָבן און רייך, ערלעך און מענטשלעך געניסן פון לעבן.

אָמר שמואל: כל היושב בתענית נקרא חוטא. סבור כי האי תנא, דתניא: רבי אלעזר הקפר ברבי אומר: מה תלמוד לומר[1]: „וכפר עליו מאשר חטא על הנפש״? — וכי באיזה נפש חטא זה? אלא שציער עצמו מן היין. והלא דברים קל וחומר: ומה זה שלא ציער עצמו אלא מן היין, נקרא: חוטא — המצער עצמו מכל דבר ודבר, על אחת כמה וכמה![2]

שמואל זאָגט: כל היושב בתענית נקרא חוטא, דאָס הייסט: אַז דאָס פאַסטן איז אַ זינד. שמואל איז אין דער זעלבער שיטה ווי רבי אלעזר הקפר, וואָס זאָגט: פאַרוואָס איז וועגן אַ נזיר געשריבן אין דער תורה: ״חטא על הנפש״? — ווייל ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געניסן פון ווײַן; טאָ ווער עס זאָגט זיך אָפּ צו געניסן פון אַלעם, איז ער דאָך אַוודאי אַ זינדיקער.

רבי חזקיה, רבי כהן, בשם רב: עתיד אָדם ליתן דין וחשבון על כל שראה עינו ולא אָכל[3].

רבי חזקיה, רבי כהן אין נאָמען פון רב: דער מענטש וועט מוזן אָפּגעבן דין וחשבון פאַר דעם אַלעם, וואָס ער האָט געזעען און נישט געגעסן!

עס פאַרשטייט זיך, אַז מען מיינט נישט דווקא עסן, נאָר געניסן פון לעבן בכלל.

1. במדבר, פרשת נשיא, ו, יא.
2. תענית, יא, א. ספרי, במדבר, נשיא, ל.
3. ירושלמי, סוף קדושין.

*

אוודאי זענען נישט אַלע חכמי התלמוד אין דער זעלבער שיטה. שטענדיק געפינען זיך מענטשן, וואָס זענען גענייגט צו עקסטרעם צוריק־געהאַלטנקייט, צו נזירות און צו אַסקעטיזם.
רבי אלעזר, וואָס האָט געלעבט אַ דור שפּעטער ווי רב און שמואל, האַלט ער פּונקט פאַרקערט:

רבי אלעזר אומר: נקרא קדוש.

רבי אלעזר זאָגט, אַז אי אַ נזיר, אי אַ יושב בתענית, ווערט באַ־צייכנט אַלס קדוש.
אַזוי זענען אויך פאַרהאַנדן אַנדערע חכמים, וואָס זענען אויך גע־נייגט צו תעניות און צו עקסטרעם צוריקגעהאַלטנקייט, אָבער ווי עס זעט זיך אויס, זענען זיי אין דער מינדערהייט.

*

עס איז מערקווירדיק, דאָס דער זעלבער רבי אלעזר, וואָס האַלט יאָ פון נזירות און פון פאַסטן, האָט ער אָבער שטאַרק זיך גערעכנט מיט רב׳ס מיינונג בכלל און ווי עס זעט זיך אויס, האָט ער אָנגענומען, אַז רב מיינט טאַקע ווערטלעך: עסן, האָט ער זיך באַמיט עפּעס טועם צו זיין איינמאָל אין יאָר פון יעדן מין נייע פרוכטן, וואָס ער האָט געזעען! איז ביי רבי אלעזר׳ן צוגעקומען נאָך אַ מצוה.

*

דער דאָזיקער פּראָבלעם וועט אויסקומען צו ווערן באַזונדער באַ־האַנדלט, דאָ איז ער נאָר געוואָרן באַרירט אַגב אורחא, אַזוי דורכגייענ־דיק, ווען עס ווערט גערעדט וועגן דער פרייד פון דער תורה און וועגן שמחה של מצוה.

דוד מלכי

# די ליבע צו דער תורה

רבי יהודה זאָגט:

חביבה תורה על לומדיה בכל יום ויום כיום שנתנה מהר סיני [1].

שטענדיק איז די תורה באַליבט ביי אירע לערנער אַזוי ווי אין יענעם טאָג, ווען זי איז געגעבן געוואָרן פון באַרג סיני.
אָדער ווי עס דריקט זיך אויס רבי שמואל בר נחמני:

דברי תורה חביבין על לומדיה כל שעה ושעה כשעה הראשונה [2].

די דברי תורה זענען שטענדיק באַליבט ביי אירע לערנער אַזוי ווי אין דעם ערשטן מאָמענט.

*

אָמר רבי: כשהלכתי למצות מדותי אצל רבי אלעזר בן שמוע מצאתי יוסף הבבלי יושב לפניו והיה חביב לו ביותר וכ"ו צהבו פניו של יוסף הבבלי. אָמר ליה: יוסף, כמדומה אני שלא כוונו שמועותינו עד עתה?! אָמר לו: הן רבי הן, אלא וכ"ו וחזרתי על כל תלמידיו ובקשתי לי חבר ולא מצאתי. עכשיו ששנית לי, החזרת לי אבדתי. זלגו עיניו דמעות של רבי אלעזר בן שמוע. אָמר: אַשריכם תלמידי חכמים שדברי תורה חביבין עליכם ביותר. קרא עליו המקרא הזה [3]: „מה אהבתי תורתך, כל היום היא שיחתי" [4].

רבי דערציילט, ווי ער איז אַמאָל געגאַנגען צו רבי אלעזר בן שמוע, כדי זיך משתלם זיין אין לערנען, האָט ער אים געטראָפן, ווי ער לערנט מיט יוסף הבבלי, וואָס ער האָט אים זער ליב. זעט רבי אלעזר,

1. ברכות, סג, ב.
2. עירובין, נד, ב.
3. תהלים, קיט, צז.
4. מנחות, יח, א.

ווי יוסף׳ס פּנים איז געוואָרן אויפגעשטראַלט, פרעגט ער אים: וואָס, האָט עס ביז יעצט נישט געשטימט?! ענטפערט ער אים: יאָ, אַזוי איז עס, רבי, אָבער יעצט שטימט עס שוין. פריער איז עס מיר נישט געווען גענוג קלאָר און איך האָב געהאַלטן אין איין זוכן עמיצן, וואָס זאָל דאָס מיר דערקלערן, יעצט האָסטו מיר אַזוי ווי אומגעקערט די אבדה!

דערציילט רבי, ווי רבי אלעזר בן שמוע איז געווען זער געריררט פון יענעמס באַמיאונג אין דער תורה, אַז טרערן האָבן אים גערינען פון די אויגן און האָט אים געזאָגט: ווייל איז אייך תלמידי חכמים, וואָס די תורה איז אייך אַזוי ליב, ווי עס איז געזאָגט אין תהילים: ״ווי ליב איך האָב דיין תורה! אַ גאַנצן טאָג איז זי מיין אונטערהאַלטונג״.

*

ליבע, ריכטיקע שטאַרקע ליבע, האָט די אייגנשאַפט, דאָס וואָס מער מען ליבט — וואָס מער וויל מען ליבן. האָט רב נאָך יעדער תפילה געבעטן:

חיים שיש בהם אהבת תורה ויראת שמים [1].

די דאָזיקע תפילה ווערט אויך געזאָגט שבת ביים ראש־חודש־בענטשן.

איז גאַנץ באַזונדער כאַראַקטעריסטיש, אי דער אינהאַלט, אי דער פאָרם פון דעם פאָלגנדיקן מאמר:

עברה מכבה מצוה ואין עברה מכבה תורה, שנאמר [2]: מים רבים לא יוכלו לכבות את האהבה [3].

אַן עברה פאַרלעשט אַ מצוה, אָבער אַן עברה פאַרלעשט נישט תורה, אַזוי ווי עס ווערט געזאָגט אין שיר השירים: ״גרויסע וואַסערן קאָנען נישט פאַרלעשן די ליבע״.

איז דען נאָך פאַרהאַנדן אַ גרעסערע ליבע ווי די ליבע צו דער תורה?!

רבי נתן אומר: אין לך אהבה כאהבה של תורה [4].

1. ברכות, טז, ב.
2. שיר השירים, ח, ז.
3. סוטה, כא, א.
4. אבות דרבי נתן, נו״א, ריש פרק כח.

רבי נתן זאָגט: עס איז נישטאָ נאָך אַזאַ ליבע, ווי די ליבע צו דער תורה.

*

מיר לעבן אין אַ דור, וואָס איז ווייט פון תורה, פון דער ליבע צו דער תורה און אויך פון ליבע בכלל, פון ריינער אינטימער ליבע.

דער ייד, וואָס פאַרמאָגט אַהבת התורה, וואָס ליבט אינטים די תורה, און איז דערביי אויך באַשאַנקען מיט אַ הויכער פּאָעטיש־רעלי־גיעזער נשמה — קאָן ער האָבן די זכיה עפּעס משיג צו זיין פון די הויכע השגות און אײדעלע רעליגיעזע געפילן פון די חכמי התלמוד בנוגע דער וואונדערלעכער ליבע אין שיר השירים, וואָס ווערט ביי זיי ממילא דער אויסדרוק פון דער ליבע צום רבונו של עולם און צו דער תורה.

ווערט אין דער משנה, אין טהרות, געברענגט דער פלאַם־פייער דיקער מאמר פון רבי עקיבא:

שאין כל העולם כולו כדאי כיום שניתן בו שיר השירים לישראל, שכל הכתובים קודש, ושיר השירים — קודש קדשים [1].

די גאַנצע וועלט האָט נישט אַזויפיל ווערט ווי דער איינער טאָג, ווען עס איז צו די יידן געגעבן געוואָרן שיר השירים; וואָרן אַלע כתובים (אין תנ״ך) זענען הייליק, אָבער שיר השירים איז הייליקער ווי הייליק, קודש קדשים.

* * *

ליבן די תורה און זיך מוסר נפש זיין פאַר דער תורה.

אָמר ריש לקיש: אין דברי תורה מתקיימין אלא במי שממית עצמו עליה, שנאמר [2]: זאת התורה, אָדם כי ימות באוהל [3].

---

1. משנה, ידים, ג, ה.
2. במדבר, פרשת חוקת, יט, יד.
3. שבת, פג, ב. ברכות, סג, ב. גטין, נז, ב. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן געדאַנק, ברענגט רב דעם פסוק אין איוב, כח, יא: „ולא תמצא בארץ החיים״. סנהדרין, קיא, א.

רבי שמעון בן לקיש זאָגט, אַז די תורה האַלט זיך נאָר ביי דעם מענטש, וואָס איז זיך מוסר נפש פאַר דער תורה.

*

געדענקט מען נאָך, פון די קינדער־יאָרן, דעם ווייטיק, וואָס מען האָט געפילט, ווען מען איז אין די זומערדיקע שבתים, ביים לערנען אין "חדר" פרקי אבות, צוגעקומען צו דעם באַקאַנטן מאמר פון רבי יהושע בן לוי:

אָמר רבי יהושע בן לוי: בכל יום ויום בת קול יוצאת מהר חורב ומכרזת ואומרת: אוי להם לבריות מעלבונה של תורה! [1].

טאָג־טעגלעך גייט אַרויס אַ בת־קול פון דעם באַרג חורב: וויי צו זיי, צו די מענטשן, פאַר דער פאַרשעמונג פון דער תורה!

## די תורה און באַשיידנקייט

די תורה האַלט זיך נאָר ביי איידעלע און באַשיידענע מענטשן.

אָמר רבי חנינא בר אידי: למה נמשלו דברי תורה למים, דכתיב [2]: „הוי, כל צמא לכו למים" — לומר לך: מה מים מניחין מקום גבוה והולכין למקום נמוך, אַף דברי תורה אין מתקיימין אלא במי שדעתו שפלה עליו.

רבי חנינא בר אידי זאָגט: פאַרוואָס ווערן די רייד פון דער תורה געגליכן צו וואַסער, ווי עס איז געשריבן: "איר אַלע דארשטיקע, קומט צום וואַסער!"? — ווייל אַזוי ווי וואַסער לאָזט איבער די הויכע ערטער און לאָזט זיך אַראָפּ צו די נידעריקע, אַזוי אויך האַלט זיך די תורה נאָר ביי די מענטשן, וואָס האַלטן זיך נידעריק.

אָמר רבי הושעיא: למה נמשלו דברי תורה לשלשה משקין הללו: במים וביין ובחלב, דכתיב: „הוי כל צמא לכו

1. אָבות, ו, ב.
2. ישעיהו, נה, א.

למים!", וכתיב: „לכו שברו ואכלו, ולכו שברו בלא כסף ובלא מחיר יין וחלב" — לומר לך: מה שלשה משקין הללו אין מתקיימין אלא בפחות שבכלים, אף דברי תורה אין מתקיימין אלא במי שדעתו שפלה עליו[1].

רבי הושעיא זאָגט: פאַרוואָס ווערן די רייד פון דער תורה געגליכן צו די דריי פאַלגנדיקע געטראַנקען: צו וואַסער, צו ווייַן און צו מילך, אַזוי ווי עס איז געשריבן: "איר אַלע דאָרשטיקע, קומט צום וואַסער!" און "קומט, שאַפט אייך איין און עסט, און קומט, שאַפט אייך איין, אָן געלט און אָן געצאָלט, וויין און מילך!"? — ווייל אַזוי ווי די דאָזיקע דריי געטראַנקען זענען דויערהאַפטיק נאָר אין די ביליקסטע (ערדענע) כלים, אַזוי אויך האַלט זיך די תורה נאָר ביי די מענטשן, וואָס האַלטן זיך נידעריק.

*

אָמר רב יהודה אָמר רב: כל המתיהר, אם חכם הוא — חכמתו מסתלקת ממנו, אם נביא הוא — נביאותו מסתלקת ממנו[2].

רב יהודה זאָגט עס נאָך אין נאָמען פון זיין רבי'ן, רב: אַז מען ווערט צו שטאָלץ, אַ חכם — פאַרלירט ער די חכמה, און אַ נביא — דאָס נביאות.

*

זיין באַשיידן, אָבער נישט קליינלעך, נישט קרעמעריש.

„לא בשמים היא... ולא מעבר לים היא"[3] — רבי יוחנן אָמר: „לא בשמים היא" — לא תמצא בגסי הרוח; „ולא מעבר לים היא" — לא תמצא, לא בסחרנים ולא בתגרים[4].

"די תורה איז נישט אין די הימלען און נישט אויף יענער זייט

1. תענית, ז, א, לויט הגהות הב"ח.
2. פסחים, סו, ב.
3. דברים, פרשת נצבים, ל, יב—יג.
4. עירובין, נה, א.

ים" — זאָגט רבי יוחנן: "די תורה איז נישט אין די הימלען" — דאָס מיינט צו זאָגן, אַז די תורה געפינט זיך נישט ביי די גסי הרוח, ביי די בעלי גאַווה, וואָס האַלטן זיך גרויס. "און נישט אויף יענער זייט ים" — דאָס מיינט צו זאָגן, אַז אויך נישט ביי די קרעמער און ביי די הענדלער (אין יענע צייטן זענען נאָר הענדלער געפאָרן איבער ימים).

*

וועגן סובטעלע באַשיידנקייט ביי די, אַזוי צו זאָגן, אַריסטאָקראַטישע תלמידי חכמים, מער ווי ביי די פון ערשטן דור תלמידי חכמים:

אָמר רב חמא: מאי דכתיב[1]: „בלב נבון תנוח חכמה, ובקרב כסילים תודע" — „בלב נבון תנוח חכמה" — זה תלמיד חכם בן תלמיד חכם; „ובקרב כסילים תודע" — זה תלמיד חכם בן עם הארץ[2].

רב חמא זאָגט, אַז ביי אַ תלמיד חכם בן תלמיד חכם איז די חכמה, די תורה, מער דיסקרעט ווי ביי אַ תלמיד חכם בן עם האָרץ.

## די תורה און אירע טרעגער

דער תלמיד חכם דאַרפט זיין באַשיידן, אָבער שטענדיק געדענקען, אַז ער איז, אַזוי צו זאָגן, דער ווירדן־טרעגער פון דער תורה. ער דאַרפט שטענדיק אָפּהיטן דעם כבוד פון דער תורה.

אימתי דברי תורה מתבזין בפני עמי הארץ? — בשעה שבעליהן מבזין אותם[3].

די תורה ווערט מבוזה ביי די עם־הארצים, ווען די לערנער זעלבסט זענען זי מבזה.

אָפּהיטן דעם כבוד פון דער תורה, אָבער נישט פאַר זיך פער־זענלעך, נישט באַנוצן זיך מיט דער קרוין פון דער תורה.

---

1. משלי, יד, לג.
2. בבא מציעא, פה, ב.
3. מדרש רבה, רות, א.

אָמר רבי יוחנן: כל המשתמש בכתרה של תורה — נעקר מן העולם[1].

רבי יוחנן זאָגט: ווער עס באַנוצט זיך מיט דער קרוין פון דער תורה, ווערט אויסגעריסן פון דער וועלט.

עס מיינט מסתמא צו זאָגן: פון דער אייגנטלעכער גייסטיקער וועלט.

*

ווערט זער אַ סך פאַרלאַנגט פון תלמיד חכם. עס זענען פאַרהאַנדן פיל פאַרשריפטן, וואָס זענען נוגע נאָר תלמידי חכמים. אוודאי האָבן די תלמידי חכמים גענאָסן פון אַ סך פּריווילעגיעס, אָבער זייערע פליכטן האָבן גאַנץ באַשטימט איבערגעשטיגן זייערע פּריווילעגיעס.

ווער איז אַ תלמיד חכם?

עס זענען פאַרהאַנדן זער פיל באַצייכענונגען, זאָל דאָ דערווייל נאָר ווערן געברענגט צוויי פון זיי:

רבי יוחנן זאָגט:

זה שמניח חפצו ועוסק בחפצי שמים[2].

דער, וואָס פאַרלאָזט זיינע אייגענע אינטערעסן און גיט זיך אָפּ מיט העכערע ענינים.

רבא זאָגט:

„וצפית אותו זהב טהור, מבית ומחוץ תצפנו"[3] — אָמר רבא: כל תלמיד חכם שאין תוכו כברו — אינו תלמיד חכם[4].

וועגן דעם אָרון־הקודש אין משכן איז אין דער תורה געשריבן: "דו זאָלסט אים איבערציען מיט ריינעם גאָלד, פון אינעווייניק און פון אויסנווייניק זאָלסטו אים איבערציען". זאָגט רבא: דער תלמיד חכם —

---

1. נדרים, סב, א.
2. שבת, קיד, א.
3. שמות, פרשת תרומה, כה, יא.
4. יומא, עב, ב.

וואָס זיין אינערלעכקייט איז נישט אַזוי ווי זיין אויסערלעכקייט — דאָס מיינט צו זאָגן, אַז ער איז נישט אין דערווירקלעכקייט אַזוי ווי ער ווייזט זיך פאַר אַנדערע, איז ער נישט קיין תלמיד חכם.

רבא האָט דאָס נאָר אַזוי שיין פאַרבינדן מיט דעם פּסוק אין דער תורה, אָבער די דאָזיקע פאָדערונג איז שוין לאַנג פריער, נאָך אין יבנה, געוואָרן אָנגעוואָנדן בנוגע די תלמידים:

שהיה רבן גמליאל מכריז ואומר: כל תלמיד שאין תוכו כברו, לא יכנס לבית המדרש[1].

רבן גמליאל האָט געלאָזט פאַרעפנטלעכן, אַז דער תלמיד, וואָס איז נישט תוכו כברו, וואָס זיין אינערלעכקייט איז נישט אַזוי ווי זיין אויסער־לעכקייט, האָט נישט קיין צוטריט צום בית המדרש.

*

איז מען צום תלמיד חכם פיל שטרענגער ווי צו אַ געוויינלעכן מענטש.

דרש רבי יהודה ברבי אלעאי: מאי דכתיב: „והגד לעמי פשעם, ולבית יעקב חטאתם"[2]? — „הגד לעמי פשעם" — אלו תלמידי חכמים, ששגגות נעשות להם כזדונות; „ולבית יעקב חטאתם" — אלו עמי הארץ, שזדונות נעשות להם כשגגות.

והיינו דתנן, רבי יהודה אומר: הוי זהיר בתלמוד! ששגגת תלמוד עולה זדון[3].

רבי יהודה האָט אויסגעטייטשט דעם פּסוק: "זאָג מיין פאָלק, זייער פאַרברעך; און דאָס הויז פון יעקב, זייערע זינד" — "זאָג מיין פאָלק, זייער פאַרברעך" — דאָס מיינט מען די תלמידי חכמים, דאָס אפילו זייערע שגגות, זייערע אומווילּיק־באַגאַנגענע זינד, ווערן גערעכנט אַלס זדונות, אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואָרן באַגאַנגען גערנווילּיק. "און דאָס הויז פון יעקב, זייערע זינד" — דאָס מיינט מען די עם־הארצים, דאָס

---

1. ברכות, כח, א.
2. ישעיהו, נח, א.
3. בבא מציעא, לג, ב.

אפילו זייערע גערנוויליק־באַגאַנגענע זינד זענען אויך אַזוי ווי שגגות, ווייל זיי ווייסן דאָך נישט.

האָט רבי יהודה געפלעגט צו וואָרענען: דו זאָלסט זיין פאָרזיכטיק אינעם לערנען, ווייל דאָס פאַרזעען אינעם לערנען ווערט גערעכנט אַלס עברה במזיד.

*

אָם ענדע אַ באַמערקונג וועגן דעם נאָמען פון דעם דאָזיקן קאַפּיטל: "די תורה און אירע טרעגער":

די תורה, לויט די חכמי התלמוד, נישט נאָר בלויז, וואָס זי דערהייבט אירע טרעגער, נאָר אויך, זי טראָגט אירע טרעגער; אַזוי ווי עס איז געזאָגט וועגן דעם אָרון הקודש ביי די וואַנדערונגען דאַמאָלט אין מדבר:

נשא אָרון את נושאיו [1].

דער אָרון הקודש האָט געטראָגן זיינע טרעגער.

## תלמידי חכמים

עס איז זיך גאָרנישט פאַרצושטעלן, ווי יידן האָבן אַמאָל פאַרהערלעכט די תורה און די תלמידי חכמים.

אַגב, איז זער מערקווירדיק באַלד דער באַגריף תלמיד חכם, וואָס איז מער באַליבט און פאַרהערלעכט ווי חכם.

עס איז דאָך ווירקלעך נאַריש זיך צו האַלטן פאַר אַ חכם. אויסער אַלעם האָט דאָך שוין דער חכם אַלץ דערגרייכט, טאָ וואָס איז אינטערעסאַנט דאָס ווייטערדיקע לעבן. אָבער דער תלמיד חכם, וואָס לערנט און שטרעבט צו זיין אַ חכם — איז דאָך גאָרנישט דאָ קיין גרענעץ, ווי גרויס ער קאָן וואַקסן און ווי הויך ער קאָן שטייגן.

אָמר רב יהודה אָמר רב: מאי דכתיב [2]: „אַל תגעו במשיחי ולנביאַי אַל תרעו!"? — „אַל תגעו במשיחי" —

---

1. סוטה, לה, א. מדרש רבה, במדבר, ד.
2. תהלים, קה, טו. דברי הימים א', טז, כב.

אלו תינוקות של בית רבן; „ולנביאי אל תרעו" — אלו תלמידי חכמים[1].

**רב יהודה זאָגט אין רב׳ס נאָמען: וואָס איז דער זין פון פסוק אין תהלים: "איר זאָלט נישט אָנרירן מיינע געזאַלבטע און איר זאָלט נישט שלעכטס טוען מיינע נביאים!"? — "איר זאָלט נישט אָנרירן מיינע געזאַלבטע!" — דאָס מיינט מען די שול־קינדער; "און איר זאָלט נישט קיין שלעכטס טוען מיינע נביאים!" — דאָס מיינט מען די תלמידי חכמים.**

אָמר רב אַבדימי דמן חיפה: מיום שחרב בית המקדש ניטלה נבואָה מן הנביאים וניתנה לחכמים. אַטו, חכם לאו נביא הוא?! — הכי קאמר: אַף על פי שניטלה מן הנבי־אים, מן החכמים לא ניטלה.

אָמר אַמימר: וחכם עדיף מנביא[2].

**רב אַבדימי פון חיפה זאָגט: נאָך חורבן בית המקדש איז די נבואָה געוואָרן צוגענומען פון די נביאים און איז געוואָרן איבערגעגעבן צו די חכמים. פרעגט זיך: וואָס הייסט דאָס? איז דען דער חכם נישט קיין נביא?! נאָר מען מיינט צו זאָגן: הגם פון די נביאים איז די נבואה געוואָרן צוגענומען, איז זי אָבער נישט געוואָרן צוגענומען פון די חכמים.**

**זאָגט אַמימר: דער חכם איז מער ווי דער נביא.**

*

אָמר רבא: כמה טפשאי שאר אינשי דקיימי מקמי ספר תורה ולא קיימי מקמי גברא רבה, דאילו בספר תורה כתיב ארבעים ואָתו רבנן בצרו חדא[3].

**רבא זאָגט: ווי נאַריש זענען מענכע מענטשן, וואָס שטייען אויף פאַר (לכבוד) אַ ספר תורה און פאַר אַ וויכטיקן מענטש, פאַר אַ תלמיד**

**1. שבת, קיט, ב.**
**2. בבא בתרא, יב, א.**
**3. מכות, כב, ב.**

חכם, שטייען זיי נישט אויף. זיי ווייסן נישט, ווי די תלמידי חכמים ווירקן אויף דער תורה.

לאָמיר לערנען אַ משנה:

כהן קודם ללוי, לוי לישראל, ישראל לממזר וכ"ו. אי־מתי? — בזמן שכולם שוין, אבל אם היה ממזר תלמיד חכם, וכהן גדול עם הארץ — ממזר תלמיד חכם קודם לכהן גדול עם הארץ[1].

אַ כהן האָט פאָרצוג פאַר אַ לוי, אַ לוי — פאַר אַ ישראל, אַ ישראל (סתם) — פאַר אַ ממזר. ווען איז דאָס אַלץ געזאָגט געוואָרן? ווען זיי זענען גייסטיק גלייך, אָבער ווען דער ממזר איז אַ תלמיד חכם און דער כהן גדול איז אַן עם הארץ — איז דער ממזר, דער תלמיד חכם, פריער ווי דער כהן גדול, דער עם הארץ.

*

חכם קודם למלך, חכם שמת — אין לנו כיוצא בו, מלך שמת — כל ישראל ראוין למלכות[2].

אַ חכם איז פריער ווי אַ מלך, אַז אַ חכם שטאַרבט קאָן אים קיינער נישט פאַרטרעטן, אָבער אַז עס שטאַרבט אַ מלך, איז יעדער ייד ראוי צו דער מלוכה.

*

שמעון העמסוני, ואמרי לה: נחמיה העמסוני, היה דורש כל את'ין שבתורה. כיון שהגיע ל„את ה' אלהיך תי־רא!"[3] — פירש. אמרו לו תלמידיו: רבי, כל את'ין שדרשת, מה תהא עליהן? אמר להם: כשם שקבלתי שכר על הדרישה, כך אני מקבל שכר על הפרישה. עד שבא רבי עקיבא ולימד: „את ה' אלהיך תירא!" — לרבות תלמידי חכמים[4].

---

1. משנה, סוף הוריות.
2. ירושלמי, הוריות, ג, ה.
3. דברים, פרשת עקב, י, כ.
4. פסחים, כב, ב. בבא קמא, מא, ב.

עס איז אַ פראַגע, צי דאָס ביי־וואָרט "את" גיט צו עפּעס אַ באַזונדערע באַדייטונג, צי נישט. האָט שמעון פון עמסון געהאַלטן, אַז יאָ, אַז מען מיינט דערמיט נאָך עפּעס צוצוגעבן. ווען ער איז אָבער צוגעקומען צו דעם פּסוק אין דער תורה: "את ה' אלהיך תירא!", "דו זאָלסט מורא האָבן פאַר גאָט!", האָט ער זיך איבערצייגט, אַז דער "את" איז גאָרנישט מרבה, ער גיט גאָרנישט צו. ביז עס איז געקומען רבי עקיבא און האָט געלערנט: "דו זאָלסט מורא האָבן פאַר גאָט!" און אויך פאַר תלמידי חכמים.

*

דאָס אַלץ איז, פאַרשטייט זיך, געזאָגט געוואָרן לגבי די עכטע אמת'ע תלמידי חכמים, אָבער נישט לגבי יענע, וואָס קליידן זיך נאָר ווי תלמידי חכמים.

אָמר רב יהודה אָמר רב: כל המתגאה בטלית של תלמיד חכם, ואינו תלמיד חכם — אין מכניסין אותו במחיצתו של הקדוש ברוך הוא[1].

רב יהודה זאָגט אין רב'ס נאָמען: דער וואָס צירט זיך אין דער תלמיד חכם'דיקער קליידונג און באמת איז ער נישט קיין תלמיד חכם — ווערט ער נישט צוגעלאָזט צו דער געטלעכער נאָענטקייט.

## די תלמידי חכמים צווישן זיך

ביי די אַלע, געוויס אָפט גאַנץ שטאַרקע, מיינונגס־פאַרשידנקייטן צווישן די חכמי התלמוד, האָט ביי זיי כמעט שטענדיק געהערשט פולשטענדיקע טאָלעראַנץ און געגנזייטיקע פריינדלעכע, און אַפילו אויך גאָר האַרציקע באַציאונגען.

גאַנץ באַזונדער איז, למשל, צו באַוווּנדערן טאַקע די האַרציקע באַציאונגען פון די חכמי יבנה צו רבי אליעזר בן הורקנוס, וואָס זיי האָבן געהאַלטן, אַז זיי זענען געצוווּנגען אים צו דערווייטערן, כדי צו פאַרקלענערן זיין איינפלוס. מען וועט ווייטער זעען, ווי אַזוי די חכמים

1. בבא בתרא, צח, א.

האָבן זיך באַצויגן צו רבי אליעזר בן הורקנוס, אַפילו שוין נאָך דעם אַזוי־געררופענעם חרם.

די חכמי התלמוד האָבן גוט געוווּסט, אַז די געגנזייטיקע באַציאונ־גען צווישן תלמידי חכמים איז נישט קיין לייכטער פּראָבלעם. זיי האָבן גוט געקענט דאָס לעבן, די מענטשן בכלל און האָבן אויך אַוודאי גוט געקענט די נייגונגען פון תלמידי חכמים — האָבן זיי זער אָפּט גע־לערנט און געוואָרנט וועגן די גוטע געגנזייטיקע באַציאונג צווישן די תלמידי חכמים.

די חכמי התלמוד האָבן געוווּסט דעם כלל:

כל הגדול מחברו — יצרו גדול הימנו[1].

וואָס גרעסער דער מענטש איז — איז אַלץ גרעסער זיין יצר הרע. און אַביי זאָגט:

ובתלמידי חכמים — יותר מכולם.

ביי די תלמידי חכמים זענען די ליידנשאַפטן שטאַרקער ווי ביי אַנדערע.

*

די חכמי התלמוד האָבן אַריינקומענדיק אין בית המדרש געפּלעגט מתפּלל זיין אַ ווונדערלעכע תפילה, וואָס באַווייזט זייער לעבנס־חכמה און טאַקע אויך זייער אויפריכטיקייט:

יהי רצון מלפניך, ה׳ אלהי, שלא יאֶרע דבר תקלה על ידי, ולא אכשל בדבר הלכה וישמחו בי חברי, ולא יכשלו חברי בדבר הלכה ואשמח בהם[2].

רבונו של עולם, זאָל זיין דיין ווילן, אַז עס זאָל נישט געשעען דורך מיר קיין שלעכטס, איך זאָל נישט געשטרויכלט ווערן און מיינע חברים זאָלן זיין דערפון צופרידן, מיינע חברים זאָלן נישט געשטרויכלט ווערן און איך זאָל זיין דערפון צופרידן.

1. סוכה, נב, א.
2. ברכות, כח, ב.

די חכמי התלמוד האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, אַז אַפילו ביי דעם בעסטן ווילן קאָן מען זיך נישט באַפרייען פון אַ געוויסער צופרידנקייט ביי דעם חבר׳ס דורכפאַל — האָבן זיי גאַנץ אויפריכטיק געבעטן ביי דעם רבונו של עולם, אַז זיי זאָלן נישט דאַרפן צוקומען צו אַזאַ נסיון.

באַקלאָגט זיך טאַקע רבי חנינא, פאַרוואָס עס איז שווין אַזוי דער שטייגער, אַז מען איז נישט צופרידן פון דעם כבוד, וואָס עס ווערט צו־געטיילט עמעצן אַן אַנדערן:

אָמר רבי חנינא: מלמד שכל אחד ואחד נכוה מחופתו של חברו. אוי לה לאותה בושה, אוי לה לאותה כלימה![1]

*

שני תלמידי חכמים היושבים בעיר אחת ואין נוחין זה את זה בהלכה — עליהם הכתוב[2] אומר: „וגם אני נתתי להם חוקים לא טובים, ומשפטים לא יחיו בהם"[3].

צוויי תלמידי חכמים, וואָס וווינען אין דער זעלבער שטאָט און זענען נישט צווישן זיך אַנגענעם אין לערנען — זאָגט אויף זיי דער פּסוק אין ספר יחזקאל: "און איך האָב זיי אויך געגעבן נישט גוטע געזעצן, און משפּטים, וואָס זענען נישט צום לעבן".

*

אָמר רבי אַבא אָמר רבי שמעון בן לקיש: שני תלמידי חכמים המקשיבים זה לזה בהלכה, הקדוש ברוך הוא שומע לקולם. ואם אין עושים כן — גורמים לשכינה שמסתלקת מישראל.

רבי אַבא זאָגט אין נאָמען פון רבי שמעון בן לקיש: צוויי תלמידי חכמים, וואָס הערן זיך גוט צו, איינער צום אַנדערן — הערט זיך אויך צו, צו זיי, דער רבונו של עולם. אָבער ווען זיי פירן זיך נישט אַזוי — זענען זיי גורם, אַז די שכינה זאָל זיך אָפּטוען פון יידן.

---

1. בבא בתרא, עה, א.
2. יחזקאל, כ, כה.
3. מגילה, לב, א.

ואָמר רבי אַבא אָמר רבי שמעון בן לקיש: שני תלמידי חכמים המדגילים זה לזה בהלכה — הקדוש ברוך הוא אוהבם, שנאמר[1]: ודגלו עלי אהבה[2].

און נאָך זאָגט רבי אַבא אין נאָמען פון רבי שמעון בן לקיש: צוויי תלמידי חכמים, וואָס דערהייבן איינער דעם אַנדערן — ליבט זיי דער רבונו של עולם.

*

האָבן די חכמי התלמוד זער ליב תלמידי חכמים.

אָמר מר בר רב אַשי: פסילנא ליה לצורבא מרבנן לדינא, מאי טעמא? — דחביב עלי כגופאי, ואין אָדם רואה חובה לעצמו[3].

מר בר רב אשי זאָגט: איך טאָר נישט משפט'ן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ תלמיד חכם, ווייל איך האָב אים ליב ווי זיך אַליין און קיין מענטש זעט נישט אַזוי זיין אייגענע שולד.

*

אַוודאי ווערט מען גאַנץ אָפט פאַרפירט פון ליבע.

אהבה מקלקלת את השורה.

ליבע צעשטערט דאָס גלייכגעוויכט.

אַפילו רבי, דער מסדר המשנה, רבי יהודה הנשיא, איז אַמאָל געוואָרן אַביסל פאַרפירט דורך זיין שטאַרקער ליבע צו דער תורה און צו תלמידי חכמים:

רבי פתח אוצרות בשני בצורת ואָמר: יכנסו בעלי מקרא, בעלי משנה, בעלי גמרא, בעלי הלכה, בעלי אגדה, אבל עמי האָרץ אַל יכנסו. דחק יונתן בן עמרם ונכנס. אָמר לו:

1. שיר השירים, ב, ד.
2. שבת, סג, א.
3. שבת, קיט, א.

רבי, פרנסני! אָמר לו: בני, קרית? אָמר לו: לאו! שנית? אָמר לו: לאו! אָמר לו: אם כן, במה אפרנסך? אָמר לו: פרנסני ככלב וכעורב! פרנסיה. בתר דנפק, יתיב רבי וקא מצטער ואָמר: אוי לי שנתתי פתי לעם הארץ! אָמר לפניו רבי שמעון ברבי: שמא יונתן בן עמרם תלמידך הוא שאינו רוצה ליהנות מכבוד תורה?! בדקו ואשכח. אָמר רבי: יכנסו הכל!

רבי לטעמיה, דאָמר רבי: אין פורענות בא לעולם אלא בשביל עמי הארץ[1].

עס זענען געווען טריקענע יאָרן, אָן רעגן. האָט רבי (ער איז געווען זער רייך) געעפנט זיינע שפייכלער און געלאָזט וויסן, אַז עס קאָנען קו־מען אַלע לערנער, פון תנ"ך, משנה, גמרא[2], הלכה, אַגדה, אָבער נישט קיין עם־הארצים.

האָט זיך אַריינגעשטופּט יונתן בן עמרם און געזאָגט: רבי, שפּייז מיך! פרעגט אים רבי: מיין קינד, דו האָסט געלערנט תורה? ענט־פערט ער: ניין! האָסטו געלערנט משנה? — ניין! זאָגט רבי: אויב אַזוי טאָ ווי אַזוי קאָן איך דיך שפּייזן? זאָגט יונתן בן עמרם: שפּייז מיך אַזוי ווי אַ הונט און ווי אַ ראָב! האָט ער אים געשפּייזט.

ווען יונתן איז שוין געהאַט אַוועקגעגאַנגען, זיצט אַזוי רבי און קווּעלט זיך: אוי ווי, אַן עם הארץ! זאָגט אים זיין זון, רבי שמעון: אפשר איז גאָר דער דאָזיקער יונתן בן עמרם, דיין תלמיד, נאָר ער וויל נישט נהנה זיין, ער וויל נישט געניסן, פון דעם כבוד התורה?

האָט מען נאָכגעפאָרשט און זיך דערוווסט, אַז עס איז טאַקע אַזוי. האָט רבי געזאָגט: זאָלן אַלע קומען!

רבי איז אויסגעהאַלטן אין זיין שיטה, אַז אַלע צרות קומען דורך די עם־הארצים.

*

רבי דער נשיא, דער אַריסטאָקראַט צווישן די נשיאים, איז, אין געגנזאַץ צו אַלע אַריסטאָקראַטן, געווען אַנטשידן דאָגעגן, אַז די גע־לערנטע, די תלמידי חכמים, זאָלן בילדן אַ באַזונדערן קלאַס און אַ העכ־ערע שיכט אין דער געזעלשאַפט. רבי האָט געשטרעבט און געקעמפט

1. בבא בתרא, ח, א.
2. דאָ מיינט גמרא, די ברייטערע באַהאַנדלונג פון דער משנה.

דערפאַר, אַז דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זיין בני תורה און תלמידי חכמים. איז אים, אַלזאָ, אויסגעקומען איבערצוכאַפּן די מאָס.

*

זאָל דאָ ווערן דערציילט אַן עפּיזאָד, וואָס האָט אַ שייכות צו רבי׳ס באַציאונגען צו תלמידי חכמים:

רבי ורבי חייא הוו שקלי ואָזלי באורחא. כי מטו להאי מתא, אָמרי: אי איכה צורבא מרבנן הכא, ניזיל ונקבל אפּיה. אָמרי להו: איכא צורבא מרבנן הכא ומאור עינים הוא. אָמר ליה רבי חייא לרבי: תיב אַת הכא ולא תזלזל בנשי־אותך, איזיל אנא ואַקביל אַפּיה. תקפיה ואָזיל בהדיה. כי הוה מיפטרי מקמיה, אָמר להם: אַתם הקבלתם פּנים הנראים ואינם רואים, תזכו ותקבלו פּני שכינה הרואָה ואינה נראָה! אָמר ליה רבי לרבי חייא: איכו השתא מנעתני מהאי ברכתא![1]

רבי און רבי חייא זענען געגאַנגען אין וועג. זענען זיי אַריינגעקומען אין אַ שטאָט און האָבן געפרעגט: אפשר איז דאָ הי אַ תלמיד חכם, וועט מען אים באַזוכן. האָט מען זיי געזאָגט, אַז עס איז דאָ אַ תלמיד חכם, אַ בלינדער. זאָגט רבי חייא: האַלט נישט גרינג דיין נשיאות, איך וועל אַליין גיין אים באַזוכן. האָט רבי שטאַרק זיך געגנגעשטעלט און איז יאָ מיטגעגאַנגען. איז דער בלינדער תלמיד חכם געוועזן זער גערירט און האָט זיי געווונטשן: אַזוי ווי איר זענט געקומען זען מיין געזיכט, וואָס ווערט געזעען און זעט נישט — אַזוי זאָלט איר זוכה זיין אויך צו זען די שכינה, וואָס זעט יאָ, נאָר ווערט נישט געזען!

זאָגט רבי צו רבי חייא׳ן: נו, וואָס פאַר אַ ברכה וואָלסטו מיר אויסגעברענגט!

1. חגיגה, ה, ב.

# די חכמי התלמוד אין דעם פאָלקס־באַוווסטזיין

עס זענען פאַרהאַנדן זער וווּנדערלעכע דערשיינונגען, וואָס מען איז צו זיי אַזוי צוגעוווינט, דאָס מען לייגט נישט אויף זיי קיין אַכט. מען מיינט, אַז דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך און עס דאַרפט אַזוי זיין.

ווּעלכעס פאָלק קאָן למשל אויפווייזן ביי זיך אַזאַ ווּנדערלעכע דער־שיינונג, וואָס ביי יידן איז דאָס אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך, דאָס מען נעמט עס גאָרנישט באַזונדער אין באַטראַכט: אָט למשל דאָס, וואָס גאָרנישט קיין קליינע צאָל גרויסע יידן, הערלעכע געשטאַלטן און אידע־אַלע פערזענלעכקייטן, לעבן אין דעם זכרון און אין דעם באַוווסטזיין ביי יעדערן ייד, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ יידישע דערציאונג און איז נישט געוואָרן אינגאַנצן פאַרגרעבט.

מען גיט זיך גאָרנישט אָפּ קיין חשבון דערפון און מען באַמערקט אַפילו נישט די דאָזיקע אַזוי ווּנדערלעכע דערשיינונג, וואָס באַגלייט יידן אין פאַרלויף פון דעם גאַנצן אַזוי לאַנגן און אַזוי פאַראַכטעטן גלות.

עס איז גאָרנישט קיין גוזמא און אוודאי נישט קיין הוילע מליצה, דאָס די יידישע גייסטיקע העלדן לעבן אין דעם אייגנאַרטיקן יידישן פאַנטעזיע: אין די יידישע הערצער און אין יידישן באַוווסטזיין. אַזאַ פאַנ־טעזיע איז אייגנטימלעך און אויך איינציק מעגלעך פאַר אַ פאָלק, וואָס לעבט אין גלות און האָט נישט די מעגלעכקייט צו בויען פאַנטעזיעס אין די לענדער, ווו זיי לעבן און זענען נישט זיכער מיטן מאָרגן.

דאָס איז געזאָגט געוואָרן נישט נאָר דווקא לגבי די תלמידי חכמים און למדנים, נאָר אויך וועגן די פּשוטע יידן פון פאָלק, וואָס האָבן געהאַט אַ יידישע דערציאונג, און ווּעלכער ייד, אַמאָל, האָט נישט געהאַט קיין יידישע דערציאונג?!

יעדערער יידישער ייד האָט לויט זיין שטייגער, לויט זיין פערזענ־לעכקייט און לויט זיינע השגות, געפילט זיך נאָענט און פאַרבינדן מיט די גדולי ישראל פון אַלע צייטן. לאָמיר זיך דערמאָנען, ווי אַזוי, כמעט, יעדערער ייד האָט זיך געפילט אַזוי נאָענט און אַפילו פאַמיליאַל מיט, למשל, רבן יוחנן בן זכאי. עס קאָן זיך עפּעס פּשוט נישט גלייבן, אַז עס איז שוין פון אים קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר. ביז ערשט דאָ נישט לאַנג איז ער דאָך געהאַט געווען אַזוי נאָענט צו די יידישע פאָלקס־מענטשן, צו מענער און צו פרויען, אַזוי ווי ער וואָלט דאָ צווישן אונז געלעבט.

דוד מלכי

# די חכמי התלמוד אַזוי ווי זיי זענען

אַזוי ווי אויף אַנדערע געביטן, אַזוי אויך וועגן היסטאָריע און אויך וועגן דעם לעבן פון גרויסע מענטשן און באַליבטע העלדן, האָבן יידן געהאַט גאָר אַן אַנדערן צוגאַנג און אַ גאַנץ אַנדערע אויפפאַסונג ווי אַנדערע פעלקער.

יידן האָבן, דער עיקר, זיך אינטערעסירט און געלייגט דעם הויפּט־געוויכט נישט אויף די פיזישע און מאַטעריעלע, נאָר אויף די גייסטיקע און מאָראַלישע אייגנשאַפטן און אויפטוען פון די גרויסע פערזענלעכקייטן.

אויך אויף דעם דאָזיקן געביט קומט צום אויסדרוק דער אָריגינעלער יידישער גייסט פון דעם אַלטן יידישן געבאָט:

## לא תעשה לך פסל וכל תמונה![1]

דער דאָזיקער שטרענגער יידישער געבאָט: נישט מאַכן זיך קיין געטשקעס, איז אויך חל אויף מענטשן, אויף גרויסע מענטשן. דער עיקר ביי דעם מענטש איז, לויט דער יידישער אויפפאַסונג, די גייסטיקע, די מאָראַלישע דערגרייכונגען.

ווערט אין תלמוד נישט איבערגעגעבן קיין ספּעציעלע ביאָגראַפישע ידיעות, אַפילו נישט די דאַטע פון דעם געבורט און פון דער פטירה, אַפילו פון די גרעסטע פערזענלעכקייטן. די ביאָגראַפישע ידיעות, אַן און פאַר זיך, האָבן זיך נישט גערעכנט פאַר גענוג וויכטיק און אינטערע־סאַנט, אַז זיי זאָלן, אַלס אַזעלכע, דאַרפן ווערן גענוי אָפּגעהיטן.

פונדעסטוועגן קאָן מען זיך מאַכן אַ מער־ווייניקער גענוי בילד פון דעם לעבן פון די חכמי התלמוד, לויט זייערער לערע, לויט זייערער ווירקונג און לויט זייערן גייסטיקן לעבן, וואָס קומט ממילא זער אָפט צום אויסדרוק.

*

די חכמי התלמוד האָבן אַבסאָלוט אידענטיפיצירט זייער לעבן מיט זייערער לערע, מיט דער תורה, וואָס זיי האָבן געלערנט. זייערע תורה איז לעבן און זייער לעבן איז תורה, תורת חיים, לעבנס־לערע אין דעם

---

1. שמות, פרשת יתרו, כ, ד.

פולן זין פון דעם דאָזיקן באַגריף. האָט מען שטענדיק אינעם תלמוד די מעגלעכקייט צו באַקענען גענוי די לערער דורך זייערע לערע.

באַקענט מען טאַקע די חכמי התלמוד פערזענלעך. מען זעט זיי אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן, מען זעט זיי אין די וואָכענדיקע טעג און אום שבת, יום־טוב און אין אַלע פייערלעכע מאָמענטן. מען זעט זיי שטענדיק אין דעם ריכטיקן ליכט. מען זעט זיי אין זייערע הויכער דערהויבנקייט און אַזוי אויך אין זייערע מענטשלעכע שוואַכקייטן.

## מענטשלעכע שוואַכקייטן

אין תלמוד קומט זער אָפט צום אויסדרוק דאָס שיינקייט פון מענטש, פון דעם מענטש מיט אַלע זיינע שוואַכקייטן. אָבער די שוואַכקייטן דאַרפן זיין מענטשלעך.

רבי ברכיה בשם רבי שמעון בר אמי: „אשרי נשוי פשע, כסוי חטאה"[1] — אשריו לאדם שהוא גבוה מפשעיו ולא פשעיו גבוהים ממנו[2].

רבי ברכיה זאָגט אין נאָמען פון רבי שמעון בר אַמי: ווייל איז דעם מענטש, וואָס ער איז העכער ווי זיינע זינד און זיי שטייגן אים נישט איבער.

עס איז שוין אַזוי די טבע פון מענטש, אַז ער זינדיקט; אָבער זאָל עס, על כל פנים, זיין מענטשלעך!

„בכל דרכיך דעהו"[3] — אמר רבא: אפילו לדבר עברה[4].

זאָגט רבא, אַז אפילו ווען מען באַגייט אַן עברה, טאָר מען אויך נישט פאַרגעסן דעם רבונו של עולם!

*

1. תהלים, לב, א.
2. מדרש רבה, בראשית, כב, ו. ילקוט שמעוני, תהלים, לב, תשיח.
3. משלי, ג, ו.
4. ברכות, סג, א.

ביי דער גאַנצער ליבע און פאַרהערלעכונג צו די תלמידי חכמים, ווערט אין תלמוד נישט פאַרשוויגן די שוואַכקייטן פון די חכמי התלמוד זעלבסט און עס ווערן אויך גאַנץ אָביעקטיוו איבערגעגעבן וועגן זייערע. אַגב: זעלטענע, עברות. זאָל דאָ ווערן געברענגט איינע אַזעלכע:

תנו רבנן: לעולם יהא אָדם רך כקנה ולא יהא קשה כארז.

מעשה שבא רבי אלעזר ברבי שמעון ממגדל גדור, מבית רבו, והיה רוכב על חמור ומטייל על שפת הנהר, ושמח שמחה גדולה, והיתה דעתו גסה עליו, מפני שלמד תורה הרבה. נזדמן לו אָדם אחד שהיה מכוער ביותר. אָמר לו: שלום עליך, רבי! ולא החזיר לו. אָמר לו: ריקה! כמה מכוער אותו האיש! שמא כל בני עירך מכוערין כמוך? — אָמר לו: איני יודע, אלא לך ואמור לאומן שעשני: כמה מכוער כלי זה שעשית!

כיון שידע בעצמו שחטא, ירד מן החמור ונשתטח לפניו ואָמר לו: נעניתי לך, מחול לי! — אָמר לו: איני מוחל לך עד שתלך לאומן שעשני, ואמור לו: כמה מכוער כלי זה שעשית!

היה מטייל אַחריו עד שהגיע לעירו. יצאו בני עירו לקראתו והיו אומרים לו: שלום עליך רבי, רבי! מורי, מורי! אָמר להם: למי אַתם קוראים: רבי, רבי! אָמרו לו: לזה שמטייל אַחריך. אָמר להם: אם זה רבי, אַל ירבה כמותו בישראל! אָמרו לו: מפני מה? אָמר להם: כך וכך עשה לי. אָמרו לו: אַף על פי כן, מחול לו, שאָדם גדול הוא בתורה. אָמר להם: בשבילכם הריני מוחל לו, ובלבד שלא יהא רגיל לעשות כן!

מיד נכנס רבי אלעזר ברבי שמעון ודרש: לעולם יהא אָדם רך כקנה ואַל יהא קשה כארז[1].

די חכמים האָבן געלערנט: שטענדיק זאָל דער מענטש זיין אַזוי בייגעוודיק ווי אַ ריטל און זאָל נישט זיין אַזוי האַרט ווי אַ צעדערבוים! ווערט דערציילט:

1. תענית, כ, א.

רבי אלעזר בן רבי שמעון איז געקומען פון מגדול גדור, פון זיין רבי׳ן, האָט ער רייטנדיק אויפן אייזל שפּאַצירט ביים וואַסער און איז געווען גאָר פריילעך און זער שטאָלץ, ווייל ער האָט געהאַט געלערנט אַ סך תורה.

טרעפט ער אַ מענטש, זער אַ מיאוס׳ער, וואָס באַגריסט אים: שלום עליך רבי!, האָט רבי אלעזר אים נישט געענטפערט אויף דער באַגריסונג, נאָר גאָר געזאָגט: ליידאַק, ווי מיאוס! זענען אַלע דיינע שטאָט־טישע אַזוי מיאוס ווי דו? ענטפערט יענער: איך ווייס נישט, נאָר גיי צום מייסטער, וואָס האָט מיך געשאַפן און זאָג אים: ווי מיאוס איז דיין שאַפונג!

אַזוי ווי רבי אלעזר האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט געזינדיקט, איז ער אַראָפּ פון אייזל און זיך געביקט פאַר אים: איך בעט דיך איבער, זיי מיר מוחל! זאָגט אים יענער: איך בין דיר נישט מוחל, ביז דו וועסט גיין צום מייסטער, וואָס האָט מיך געשאַפן און אים זאָגן: ווי מיאוס איז דיין שאַפונג!

איז רבי אלעזר יענעם אַזוי נאָכגעגאַנגען, ביז ער איז צוגעקומען צו זיין שטאָט. זענען די שטאָט־לייט אים אַקעגנגעקומען און אים באַ־גריסט: שלום עליך רבי, רבי! מורי, מורי! פרעגט זיי יענער מענטש: וועמען רופט איר דאָס רבי, רבי! ענטפערן זיי: דעם, וואָס גייט דיר נאָך. זאָגט ער זיי: אויב דער איז אַ רבי, זאָלן זיך נישט מערן צווישן יידן אַזעלכע ווי ער! פרעגן זיי אים: פאַרוואָס?! דערציילט ער זיי די גאַנצע מעשה. בעטן זיי אים: פונדעסטוועגן, זיי אים מוחל, ווייל ער איז גרויס אין דער תורה. האָט ער זיי געזאָגט: צוליב אייך בין איך אים מוחל, אָבער מיט דעם באַדינג, אַז ער זאָל מער נישט אַזוי זיך פירן!

איז רבי אלעזר ברבי שמעון באַלד אַריין אין בית המדרש און געלערנט:

שטענדיק זאָל דער מענטש זיין אַזוי בייגעוודיק ווי אַ ריטל און נישט אַזוי האַרט ווי אַ צעדערבוים!

*

ווי מען זעט איז די דאָזיקע פּאַסירונג איבערגעגעבן אָן שום פאַר־מילדערונגען, הגם עס האַנדלט זיך דאָך וועגן רבי אלעזר ברבי שמעון. פאַרקערט, עס ווערט שטאַרק אַקצענטירט די דאָזיקע עוולה, טאַקע ווייל זי איז געוואָרן באַגאַנגען דורך אַזאַ תלמיד חכם.

די דאָזיקע דערציילונג, ווי, בדרך כלל, די דערציילונגען אין תלמוד, אַנטהאַלט אין זיך וויכטיקע לערעס.

קודם כל ווערט געוויזן, דאָס אַפילו ביי לערנען תורה, מוז מען זיין זער שטאַרק נזהר, פּאַרזיכטיק און געוואָרנט, נישט צו ווערן צו שטאָלץ און נישט אַריינצופאַלן אין גאַווה, וואָס עס קומט דאָ אַזוי קלאָר צום אויסדרוק:

ושמח שמחה גדולה, והיתה דעתו גסה עליו, מפני שלמד תורה הרבה.

וואָס דאַרפט מען מער: רבי אלעזר ברבי שמעון, וואָס די מענטשן פון זיין שטאָט, וועלכע קענען אים גוט, זאָגן זיי אויף אים: שאָדם גדול בתורה הוא, און האָט זיך טאַקע געפרייט מיט דער תורה, איז ער דאָך אַזוי נכשל געוואָרן, אַז עס ווערט וועגן אים געזאָגט: והיתה דעתו גסה עליו — טאָ גלאַט אַזוי אַ בן תורה, אַ תלמיד חכם, דאַרפט ער דאָך אַוודאי זיין זער געוואָרנט נישט אַריינצופאַלן אין קיין גאַווה.

*

דורך דער דאָזיקער פּאַסירונג איז רבי אלעזר ברבי שמעון געקומען צו דעם מוסר השכל:

"שטענדיק זאָל דער מענטש זיין אַזוי בייגעוודיק ווי אַ ריטל און זאָל נישט זיין אַזוי האַרט ווי אַ צעדערבוים!".

וואָס פאַר אַ שייכות האָט אייגנטלעך די דאָזיקע פּאַסירונג מיט דעם דאָזיקן מוסר השכל?

עס איז זיך פאַרצושטעלן די שווערע געפילן און דאָס עגמת נפש פון רבי אלעזר ברבי שמעון, ווען ער האָט זיך געכאַפּט, וואָס עס איז פאָרגעקומען, און אַזוי אויך די שפּעטערדיקע דערלייכטערונג, ווען יענער האָט אים ענדלעך דאָך מוחל געווען.

איז דער מוסר השכל דערפון: מילא, דער מענטש זינדיקט, אָבער אַזוי נאָר ווי ער קומט צוריק צום באַוווסטזיין וועגן די באַגאַנגענע זינד, זאָל ער שוין זיך געבן אַ בייג איבער, און באַלד אַלץ טוען, כדי אַלץ צוריק אויסבעסערן.

נאָר אין דעם זין איז צו פאַרשטיין דעם מוסר השכל פון רבי אלעזר ברבי שמעון:

לעולם יהא אָדם רך כקנה ולא יהא קשה כארז!

# שברי לוחות

עס איז בכלל אַן אַלטער פּראָבלעם, די שוואַכקייטן פון העלדן און די קליינלעכקייטן פון גרויסע מענטשן.

עס איז פאַרהאַנדן נאָך אַ טראַגישער פּראָבלעם: זייער נפילה, דאָס פאַלן פון גרויסע מענטשן. אין העברעאיש איז דאָ אַ פּאַסיקער אויסדרוק: נפילים, דאָס הייסט: געפאַלענע ריזן.

ווי אַזוי דאַרפט מען זיך באַציען צו געפאַלענע ריזן, צו גרויסע מענטשן, וואָס האָבן זיך אויסגעגליטשט, צו ליכטיקע פערזענלעכקייטן, וואָס זענען געוואָרן פאַרטונקלט און צו תלמידי חכמים, וואָס האָבן פאַרגעסן זייער תורה?

אין תלמוד, ווו עס ווערט אַזוי הויך אָפּגעשאַצט דער ווערט פון מענטש, איז אויך אין דער דאָזיקער טראַגישער פראַגע פאַרהאַנדן אַ זער שיינע און גייסטרייכע פאָרמולע.

צווישן אַנדערע אָנווייזונגען פון רבי יהושע בן לוי צו זיינע קינדער, איז אויך:

והזהרו בזקן ששכח תלמודו מחמת אונסו, דאָמרינן: לוחות ושברי לוחות מונחים באָרון[1].

און איר זאָלט גוט אַכטונג געבן אין אייערער באַציאונג צו אַ זקן, וואָס האָט פאַרלוירן דעם זכרון און פאַרגעסן זיין לערנען; ווי עס זאָגן אונזערע חכמים: די לוחות און אויך די שברי לוחות, די שאַרבנס פון די פריערדיקע צעבראָכענע לוחות, ליגן אין ארון הקודש.

*

דאָס איז דער יידישער ענטפער אויף דער פראַגע וועגן דער באַציאונג צו גרויסע מענטשן, וואָס זענען געוואָרן צעבראָכן, צו תלמידי חכמים, וואָס האָבן פאַרגעסן די תורה:

נישט נאָר בלויז די לוחות, נאָר אויך די שברי לוחות, האָבן יידן מיט זיך געטראָגן אין ארון הקודש.

לוחות ושברי לוחות מונחים באָרון.

---

1. ברכות, ח, ב.

דוד מלכי

# פרייע קריטיק

די חכמי התלמוד, אין זייערער לערע און אין אַלע זייערע האַנד־לונגען, זענען אַ מוסטער, ווי אַזוי מען דאַרפט זיך באַציען ערלעך און בלי שום משא פנים, אַפילו צו די גרעסטע און הייליקסטע פּערזענלעכ־קייטן. צו אַלע דאַרפט מען זיך באַציען ערלעך קריטיש.

עס איז גאַנץ לייכט צו פאַרשטיין, דאָס יענע רעליגיע, וואָס איז דעמאָלט ערשט געהאַט אַנטשטאַנען אין ארץ ישראל, איז געווען אַ שווערע וואָרענונג, אַז אַן ענגער איינזייטיקער גלויבן, וואָס לאָזט נישט צו קיין ערלעכע לאָגישע קריטיק — קאָן פאַרפירן מענטשן אויף אַזעל־כע וועגן, וואָס פירן צום ווייטן געגנזאַץ פון די אייגענע אויסגאַנגס־אידעען.

האָבן טאַקע די חכמי ישראל יאָ דערלויבט צו באַציען זיך קרי־טיש, צו די גרעסטע, הערלעכסטע און אַנערקענטסטע פּערזענלעכקייטן פון יידישן פאָלק אין אַלע דורות.

די דאָזיקע מידה איז דאָס גרויסקייט פון דער יידישער אמונה, פון דער רעליגיע, וואָס האָט נישט קיין מורא פאַר קיין שום קריטיק און מוז זיך נישט שיצן הינטער אַ פאַנצער פון הייליקער אומבאַרירלעכקייט.

לויט דער עכט־יידישער אויפפאַסונג איז נישטאָ און עס קאָן גאָר־נישט זיין, אַ מענטש, וואָס האָט שוין דערגרייכט אַזאַ מדרגה, אַז ער איז שוין נישט עלול זיך טועה צו זיין, אַזוי וויט, דאָס מען זאָל אים אַזש נישט טאָרן קריטיקירן.

*

ווען דער דאָזיקער יידישער גרונד־פּרינציפּ וואָלט געהאַט געוואָרן אָנגענומען דורך דער מענטשהייט, וואָלט דאָך נישט געקאָנט קומען דערצו, אַז נישט ווו נישט ווען זאָל קומען עפּעס אַ מענטשל און ווערן אַ דיקטאַטער, אַן אומבאַגרענעצטער הערשער אויף דעם לעבן און טויט פון די מענטשן אַרום און ער זאָל וועלן איינגעמען די גאַנצע וועלט.

# שטענדיק מענטשלעך

אין פלוג קאָן אפשר זיך אויסדאַכטן, אַז דאָס אַנערקענען די באַ־גרענעצטקייט פונעם מענטש, פאַרמינערט אים זיין ווערט. דער אמת

איז אָבער פונקט פאַרקערט: דער דאָזיקער פּרינציפּ אָקצענטירט די גרויסע ווערט פונעם מענטש אַלס מענטש. נישט נאָר בלויז וואָס ער קאָן נישט, נאָר ער דאַרפט נישט און טאָר נישט קאָנען ווערן אַן איבער־מענטש. דער מענטש, וואָס וויל ווערן אַן איבערמענטש, איז נידריקער ווי אַ מענטש. אַ מענטש איז נאָר גרויס אין זיין מענטשלעכקייט.

דאָס וואָס דער מענטש ווייסט, אַז עס איז נישטאָ און עס קאָן נישט זיין קיין איבערמענטש, גיט אין אים אַריין דעם ריכטיקן זעלבסט־באַ־וווסטזיין.

דער דאָזיקער געדאַנק קומט זער שיין צום אויסדרוק ביי די חסידים. רבי ישראל'טשע ריזשינער האָט אַמאָל זיך אויסגעדריקט:

אַלץ, האָט אַפילו משה רבנו אויך נישט געוווסט; עפּעס, ווייסן מיר דאָך אויך — טאָ איז דאָך שוין דער מרחק נישט אַזוי גרויס!

צוקומען צו דער דאָזיקער מדרגה, קודם כל די השגה אַליין און דאָן דער מוט דאָס אַזוי אַרויסצוברענגען — קאָן נאָר אַזאַ רעליגיעזע נשמה און אַזאַ אײדעלער ראַפינירטער גייסט ווי רבי ישראל'טשע ריי־זשינער.

*

די גרויסע קראַפט און דער הויכער ווערט פון די חכמי התלמוד איז זייער מענטשלעכקייט, אַזאַ מענטשלעכקייט, ווי עס פאַרשטייט רבי מענדעלע קאָצקער:

דעם פּסוק אין דער תורה[1]:

ואַנשי קודש תהיון לי.

טייטשט רבי מענדעלע קאָצקער:

און איר זאָלט מיר זיין מענטשלעך הייליק!

איז טאַקע די כאַראַקטעריסטישסטע אייגנשאַפט פון די חכמי התלמוד, דאָס זיי זענען שטענדיק מענטשלעך.

1. שמות, פרשת משפטים, כב, ל.

# לאָמיר אָנהייבן ביי הילל און שמאי

משנכנסו חכמים בכרם ביבנה, אָמרו: עתידה שעה שיהא אָדם מבקש דבר מדברי תורה — ואינו מוצא, מדברי סופרים — ואינו מוצא, שנאמר[1]: „הנה ימים באים, נאום ה׳ אלהים, והשלחתי רעב באָרץ; לא רעב ללחם ולא צמא למים כי אם לשמוע את דברי ה׳. ונעו מים עד ים ומצפון ועד מזרח, ישוטטו לבקש את דבר ה׳ ולא ימצאו״. „דבר ה׳״ — זו נבואה. „דבר ה׳״ — זה הקץ. „דבר ה׳״ — שיהא דבר מדברי תורה דומה לחברו. אָמרו: נתחיל מהילל ומשמאי[2].

ווען די חכמים זענען זיך צוזאַמענגעקומען אין דער אַקאַדעמיע אין יבנה, האָבן זיי געזאָגט: עס קאָן קומען אַ צייט, אַז אַ מענטש וועט זוכן עפּעס פון דברי תורה און וועט נישט געפינען, די לערע פון די יידישע חכמים — און וועט נישט געפינען, אַזוי ווי עס ווערט געזאָגט: ״עס קומען טעג, זאָגט גאָט, און איך וועל אָנוואַרפן אַ הונגער אין לאַנד; נישט קיין הונגער נאָך ברויט און נישט קיין דורשט נאָך וואַסער, נאָר צו הערן די רייד פון גאָט. זיי וועלן וואַגלען פון ים צו ים און פון צפון קיין מזרח, זיי וועלן אַרומוואַנדערן, זוכן גאָטס וואָרט און וועלן נישט געפינען״.

גאָטס וואָרט, דאָס מיינט מען: נבואה. דאָס מיינט מען: דעם קץ. דאָס מיינט מען: דברי תורה זאָלן צווישן זיך האַרמאָנירן.

האָבן זיי געזאָגט: נתחיל מהילל ומשמאי, לאָמיר אָנהייבן ביי הילל און שמאי.

*

באַלד נאָך דער גרויסער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע, נאָך דער פאַרשפּילטער מלחמה, נאָך חורבן ירושלים, נאָך שריפת בית המקדש

---

1. עמוס, ח, יא—יב.
2. תוספתא, ריש עדיות. שבת, קלח, ב.

און דאָס פאָלק איז געהאַט געווען באַהערשט פון אַ שרעקלעכער פאַר־צווייפלונג, אַז אַלץ איז פאַרלוירן — זענען דאַמאָלט זיך צוזאַמענגעקומען די יידישע חכמים אין יבנה און באַשלאָסן: צוריק אָנצוהייבן ביי הילל און ביי שמאי.

דאָס איז דער סוד פון קיום האומה, פון דער עגזיסטענץ פון יידישן פאָלק:

ביי דעם ערגסטן פאָלקס־אומגליק, ביי דער שווערסטער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע, ווען עס קאָן אויסזעען, אַז אַלץ איז שוין פאַרלוירן — ווייסן אָבער די אמת'ע יידישע חכמים, די אייגנטלעכע לערער און פירער פון פאָלק, אַז די בעסטע, די זיכערסטע און דרינגענדיקסטע רפואה איז צו שטאַרקן דעם גייסט און ווידער צוריק אויפלעבן די תורה לויט די געענדערטע אומשטענדן און צוגעפּאַסט צו די ניי־אַנטשטאַנענע נויטן.

ממשיך זיין די תורה, די אייביקע יידישע תורה, וואָס דאַרפט קיינמאָל נישט בלייבן הינטערשטעליק פון לעבן.

*

אייגנטלעך איז די תורה שבעל פּה זער אַלט, אַ סך עלטער ווי מען קאָן דאַרויף אָנווייזן. אין לעבן קומען דאָך ממילא אַרויס ניי־אַנטשטאַנענע פראַגן און עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז נישט אויף אַלע פון זיי זאָל מען אַזוי לייכט קאָנען געפינען אַן ענטפער אין דער תורה. איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז שוין אין די גאָר אַלטע צייטן איז געהאַט געווען אַ נויטווענדיקייט אָנצוקומען צו די חכמים אין יענע דורות, אַז זיי זאָלן לעזן די ניי־אַנטשטאַנענע פּראָבלעמען אין גייסט פון דער תורה.

דאָס איז געזאָגט געוואָרן, ווען עס איז שנים כתיקונן, אין נאָרמאַלע רואיקע צייטן, ווען דאָס לעבן גייט גלייך נאָרמאַל און עס פליסט כסדר אין זיין נאַטירלעכן גאַנג. קאָן מען ממילא האָבן אַן אָנונג, ווי עס זעט אויס, ווען עס געשעען פלוצלינג וויכטיקע ענדערונגען און אוודאי ווען עס קומען פאַר אַזעלכע דערשיטערונגען און איבערייסלונגען, וואָס ענדערן ראַדיקאַל די געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג.

איז דאָס געווען דאַמאָלט נאָך דעם שרעקלעכן יאָר, ג, תת"ל, דאָס הייסט: יאָר 70, לויט דער אָנגענומענער צייט־רעכענונג, נאָך חורבן ירושלים, וואָס האָט ראַדיקאַל געענדערט דאָס גאַנצע יידישע לעבן.

די רוימער, מיט טיטוס'ן בראש, האָבן שוין געהאַט געמיינט, אַז עס איז שוין אינגאַנצן געוואָרן געבראָכן דער יידישער ווידערשטאַנד

און די יידן וועלן גענצלעך אויפגעבן דאָס אייגנאַרטיקע יידישע לעבן און וועלן, אַזוי ווי אַלע אַנדערע דאַמאָלט באַזיגטע פעלקער זיך אַריינ־פּאַסן, פּאָליטיש און גייסטיק, אַלס וואַסאַל אין דער גרויסער און מעכ־טיקער רוימישער אימפּעריע.

זענען דאַמאָלט זיך צוזאַמענגעקומען די יידישע חכמים אין יבנה ממשיך זיין, ווייטער פאַרזעצן, די תורה ביי די אַלע אַזוי ראַדיקאַל־געענ־דערטע אומשטענדן און ביי די אַזוי גאַנץ אַנדערע באַדינגונגען פון דעם אַלעם וואָס עס איז געהאַט געווען פריער, פאַרן חורבן, ווען דאָס רעליגיעזע לעבן איז געהאַט געווען קאָנצענטרירט אַרום דעם בית המקדש און עס איז נאָך דאָך געהאַט געווען עפּעס פאַרבליבן פון דער אַמאָליקער פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט.

איז פאַר אַלעם געוואָרן באַשטימט: נתחיל מהילל ומשמאי, לאָמיר אָנהייבן ביי הילל און ביי שמאי, אַרום הונדערט יאָר, פאַר חורבן ירושלים.

# די מחלוקות צווישן בית שמאי און בית הילל

עס איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז אין דער תורה שבעל פה קומען אָפט פאָר מחלוקות, חילוקי דעות, מיינונגס־פאַרשידנקייטן צווישן די חכמים. על פי רוב ווערן די מחלוקות מער־ווייניגער געלעזן אויפן אָרט. גאַנץ אַנדערש זענען די מחלוקות צווישן הילל און שמאי, וואָס פון זייביידע האָבן זיך אַנגעהויבן די צוויי באַזונדערע שולן: בית שמאי און בית הילל.

די חילוקי דעות און די מחלוקות צווישן די דאָזיקע צוויי שולן האָבן אַלץ מער זיך פאַרשאַרפט און האָבן טיילמאָל אָנגענומען אַפילו גאָר דראַסטישע פאָרמען. אָפּיציעל, אַזוי צו זאָגן, האָבן די מחלוקות צווישן זיי אָנגעהאַלטן אַ הונדערט יאָר, ביז עס איז אין יבנה געוואָרן דעצידירט, אַז די הלכה איז אַזוי ווי בית הילל. ווי געזאָגט, איז דאָס נאָר אָפּיציעל, אָבער אין דער אמת'ן, יעדנפאַלס אין דעם פּרינציפּיעלן זין, האַלטן אָן די דאָזיקע מחלוקות עד היום הזה, ביזן היינטיקן טאָג; אַזוי ווי עס איז טאַקע געוואָרן פאַראויסגעזעען אין תלמוד ירושלמי, וואָס וועט ווייטער ווערן געברענגט.

אַז מען פאַרטיפט זיך אין די פאַרשידענע חילוקי דעות און אין די אַלע מחלוקות צווישן די דאָזיקע צוויי שולן און מען פאָלגט נאָך כסדר די גאַנצע אַנטוויקלונג, זעט מען קלאָר, אַז דאָס זענען נישט געווען

נאָר אַקאַדעמישע דיסקוסיעס און אַבסטראַקטע חילוקי דעות, נאָר פּאַק־טישע אַקטועלע און גאַנץ אָפט, אַפילו גאָר ברענענדיקע, לעבנס־פּראַגן.

אי די בית שמאי, אי די בית הילל, זענען אין די מחלוקות צווישן זיך, געווען שטענדיק קאָנסעקווענט צו זייערע גענצלעך־אויסגעהאַלטענע שיטות אין לעבן, וואָס האָט זיי טאַקע שיער נישט פאַרוואַנדלט אין צוויי באַזונדערע געגנערישע און, צווישן זיך קעמפנדיקע, סעקטעס מיט צוויי באַזונדערע תורות.

*

משרבו תלמידי שמאי והילל שלא שימשו כל צרכן, רבו מחלוקות בישראל ונעשית תורה כשתי תורות[1].

ווען עס האָבן זיך געמערט די תלמידים פון שמאי און הילל, וואָס האָבן נישט ווי געהעריק געלערנט ביי זייערע לערער, האָבן זיך גע־מערט מחלוקות ביי יידן און די תורה איז געוואָרן אַזוי ווי צוויי תורות.

אין דער תוספתא איז עס איבערגעגעבן שטאַרקער:

ונעשו שתי תורות[2].

און עס זענען געוואָרן צוויי תורות.

אין תלמוד ירושלמי ווערט צוגעגעבן:

ורבו המחלוקות בישראל ונחלקו לשתי כתות, אלו מטמאין ואלו מטהרין. ועוד אינו עתידה לחזור למקומו עד שיבוא בן דוד[3].

און עס האָבן זיך געמערט די מחלוקות ביי יידן און זענען אַזש געוואָרן צעטיילט אויף צוויי סעקטעס, איינע פאַרשווערט און די אַנדערע פאַרלייכטערט; און עס וועט שוין נישט ווערן צוריק אַזוי, ווי עס איז געהאַט געווען פריער, ביז משיח וועט קומען.

*

1. סוטה, מז, ב. סנהדרין, פח, ב.
2. תוספתא, סוטה, יד, ט.
3. ירושלמי, חגיגה, ב, ב.

צום גליק זענען אין שפיץ פון פאָלק געשטאַנען אַזעלכע חכמים, וואָס האָבן געוווּסט, ווי אַזוי אויסצומיידן אַ שפּאַלטונג אין יידישן פאָלק. ווערט אין דער משנה איבערגעגעבן:

אף על פי שאלו אוסרין ואלו מתירין, אלו פוסלין ואלו מכשירין, לא נמנעו בית שמאי מלישא נשים מבית הילל, ולא בית הילל מבית שמאי.
כל הטהרות והטומאות שהיו אלו מטהרין ואלו מטמאין, לא נמנעו עושין טהרות אלו על גבי אלו [1].

הגם די בית שמאי מיט די בית הילל זענען נישט געווען איינשטימיק אין אַ סך הלכות, האָבן די בית שמאי נישט אויסגעמיטן חתונה צו האָבן מיט די פרויען פון בית הילל, און די בית הילל האָבן נישט אויסגעמיטן די פרויען פון די בית שמאי.

אַזוי האָבן זיי זיך נוהג געווען אויך ביי די דיני טהרות.

*

מער אויספירלעך ווערט דאָס איבערגעגעבן אין דער תוספתא, אין תלמוד ירושלמי און אין תלמוד בבלי:

אף על פי שנחלקו בית שמאי ובית הילל, בצרות, ובאחיות, ובספק אשת איש, ובגט ישן, ובמקדש בשוה פרוטה, ובמגרש את אשתו ולנה עמה בפונדקי — לא נמנעו בית שמאי לישא נשים מבית הילל, ולא בית הילל מבית שמאי, אלא נהגו האמת והשלום ביניהם. לקיים מה שנאמר [2]: „והאמת והשלום אהבו". ואף על פי שאילו אוסרין ואילו מתירין, לא נמנעו עושין טהרות אילו על גבי אילו, לקיים מה שנאמר [3]: „כל דרך איש ישר בעיניו, ותוכן לבות ה'" [4].

הגם עס זענען געווען מחלוקות צווישן די בית שמאי און די בית הילל אין פיל פאַרשידענע הלכות, וואָס זענען נוגע אינעם לעבן צווישן

1. משנה, יבמות, א, ד.
2. זכריה, ח, יט.
3. משלי, כא, ב.
4. תוספתא, יבמות, א, י; ירושלמי, א, ו; בבלי, יד, ב.

מאַן און פרוי — האָבן די בית שמאי נישט אויסגעמיטן צו נעמען פרויען פון די בית הילל, און די בית הילל — פון די בית שמאי, נאָר האָבן דערהאַלטן דעם אמת און דעם שלום צווישן זיך און האָבן מקיים געווען די אָנווייזונג פון נביא: "און ליבט דעם אמת און דעם שלום!". און הגם זיי אַסר'ן און די אַנדערע זענען מתיר, האָבן אויך אַפילו יענע, וואָס היטן שטרענג אָפּ די דינים פון טהרות, נישט אויסגעמיטן איינע די אַנדערע, און דערמיט האָבן זיי באַשטעטיקט דעם פסוק: "יעדערער וועג פון מענטש איז ריכטיק אין די אייגענע אויגן, אָבער גאָט דער־גרונטעוועט די הערצער".

*

איז פאַרהאַנדן נאָך אַ גאָר וויכטיקער און זער אינטערעסאַנטער מאמר, וואָס ווערט געבערענגט מערערע מאָל, אי אין דער תוספתא, אי אין תלמוד ירושלמי, אי אין תלמוד בבלי:

לעולם הלכה כבית הילל, והרוצה לעשות כבית שמאי — עושה, כבית הילל — עושה. והרוצה להחמיר על עצמו ולנהוג כחומרי בית שמאי וכחומרי בית הילל, עליו הכתוב אומר[1]: „והכסיל בחושך הולך". והתופס כקולי בית שמאי וכקולי בית הילל, הרי זה רשע. אלא, או כדברי בית שמאי כקוליהון וכחומריהון, או כדברי בית הילל כקוליהון וכחומ־ריהון[2].

איז לעולם די הלכה (עס איז מאָסגעבנד) ווי די בית הילל. פונדעסט־וועגן קאָן יעדער זיך פירן ווי ער וויל: ווי די בית שמאי אָדער ווי די בית הילל. וויל עמיצער זיך מאַכן שווער און נעמען אויף זיך די חומרות, די שווערקייטן, אי פון די בית שמאי, אי פון די בית הילל — איז אויף אים געזאָגט געוואָרן: "און דער נאַר גייט אין דער פינסטער". נעמט ער אָבער אָן נאָר די קולות, די פאַרלייכטערונגען, אי פון די בית שמאי, אי פון די בית הילל — איז ער אַ רשע. נאָר: אָדער ווי די בית שמאי מיט זייערע קולות און מיט זייערע חומרות, אָדער ווי די בית הילל, אי מיט זייערע קולות, אי מיט זייערע חומרות.

1. קהלת, ב, יד.
2. עירובין, ו, ב. ראש השנה, יד, ב. חולין, מג, ב. תוספתא, יבמות, א, יג; עדיות, ב, ג. ירושלמי, יבמות, א, ו; קדושין, א, א.

*

עס איז אויך באַקאַנט די משנה אין אבות, וואָס מען געדענקט נאָך פון די קינדער־יאָרן אין "חדר":

איזו היא מחלוקת שהיא לשם שמים? — זו מחלוקת שמאי והילל[1].

וואָס איז אַ ריין־אידעאישער קאַמף — דער קאַמף צווישן שמאי און הילל.

## די דעציזיע אין יבנה

עס זעט זיך אויס, אַז בימי הבית, אין די לעצטע יאָרן פאַרן חורבן בית המקדש, איז בית שמאי געהאַט געוועזן די מערהייט. יעדנפאַלס האָט זייער שיטה דאָמינירט אין ערנסטע ענינים און ביים לעזן וויכ־טיקע פּראָבלעמען. נאָך חורבן ירושלים האָט אַלץ ראַדיקאַל זיך געענ־דערט און די בית הילל זענען געוואָרן די פּאַקטישע וואָרט־זאָגער. נאָך אַ הונדערט־יעריקער מחלוקה צווישן בית שמאי און בית הילל איז אין יבנה געוואָרן דעצידירט:

אלו ואלו דברי אלהים חיים, אבל הלכה כבית הילל[2].

ביידע, אי די לערע פון בית שמאי, אי די לערע פון בית הילל, זענען די רייד פון לעבעדיקן גאָט, אָבער די הלכה איז ווי בית הילל.

*

אוודאי איז נישט באַלד אַזוי לייכט דאָס אַלץ צו פאַרשטיין און באַגרייפן דאָס אַלץ צוזאַמען, וואָס קאָן אויסזעען ווי שאַרפע סתירות, וואָס זאָלן זיין געגנצלעך געגנזעצלעך צווישן זיך.

די אַלע מחלוקות צווישן בית שמאי און בית הילל זענען דאָך אין

1. משנה, אבות, ה, יז.
2. ירושלמי, ברכות, א, ד; יבמות, א, ו. עירובין, יג, ב.

זער ערנסטע ענינים בדברים העומדים ברומו של עולם, אין די הויכע גייסטיקע פּראָבלעמען, און אַזוי אויך וועגן אַקטועלע ברענענדיקע לעבנס־פראַגן, ווי אויך וועגן פאַרשידענע טאָג־טעגלעכע אָנגעלעגנהייטן, אי פון יעדערן יחיד באַזונדער, אי פון גאַנצן פאָלק צוזאַמען.

האָבן די דאָזיקע מחלוקות געפירט דערצו, דאָס לויט דעם תלמוד בבלי, האָט זיך געשאַפן אַזוי ווי צוויי תורות. לויט דער תוספתא, האָט זיך טאַקע געשאַפן צוויי תורות. לויט דעם תלמוד ירושלמי, זענען בית שמאי און בית הילל געוואָרן צעטיילט אויף צוויי סעקטעס און עס איז פאָראויסגעזען, אַז דאָס וועט זיך שוין נישט ענדערן ביז משיח וועט קומען.

טאָ נאָך דעם אַלעם ווערט גאָר געזאָגט, אַז ביידע האָבן רעכט, אַז אלו ואלו דברי אלהים חיים!

*

צו פאַרשטיין דעם ריכטיקן זין פון דעם אַלעם, מוז מען טיפער אַריינדרינגען אין דער תורה שבעל פה. מען מוז זיך באַקענען גרינדלעך מיט די אַלע פלוגתות און מחלוקות צווישן בית שמאי און בית הילל, כדי צו קאָנען געהעריק באַגרייפן זייערע ביידענס באַזונדערע שיטות אין לעבן, וואָס יעדערע באַזונדער אַן און פאַר זיך, איז שטענדיק קאָנ־סעקווענט אויסגעהאַלטן.

פאַר אַלעם איז אָבער נויטווענדיק צו געבן מינדעסטנס, אַ גאַנץ קורצע איבערזיכט איבער דער דאַמאָלטיקער פּאָליטישער סיטואַציע.

## די פּאָליטישע סיטואַציע

הילל און שמאי האָבן געלעבט אין אַ זער קריטישער און, אָן שום גוזמא, אין אַ ברענענדיקער עפּאָכע אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק. זיי האָבן געלעבט און געווירקט אין די צייטן פון דעם קעניג הורדוס.

ארץ ישראל איז שוין געהאַט געווען פאַרנומען דורך די רוימער ווייט פּאָמפּעיוס האָט געהאַט איינגענומען ירושלים אינעם יאָר דריי און עכציק פאַר דער אָנגענומענער צייט־רעכענונג. פון יאָר זיבן און דריי־סיק ביז יאָר פיר האָט אין זייער נאָמען געהערשט דער האַלבער ייד, דער דעספּאָט, דער קעניג הורדוס, וואָס האָט טעראָרעזירט די יידישע

באַפעלקערונג נישט קיין סך וויניקער פון דעם פיינדלעכן רוימישן הערשער אַליין.

אַזוי ווי שטענדיק אין אַלע צייטן ביי אַלע אונטערדריקטע פעלקער, איבעראַל אין אַלע איינגענומענע און אָקופּירטע לענדער — איז אַזוי אויך דאַמאָלט אין ארץ ישראל געהאַט געוועזן אַקטועל די ברענענ־דיקע פראַגע:

דערשטיקן אין זיך דעם ווייטיק און די חרפּה און געדולדיק אויס־טראָגן אויף זיך דעם שווערן יאָך פון דעם שונא, אַבי נישט אַרויסצו־רופן זיין צאָרן, וואָס ער האָט דאָך די מעגלעכקייט נאָך גרויזאַמער אונטערצודריקן דאָס איינגענומענע לאַנד — אָדער ליבערשט יאָ ריזי־קירן צו זיין אויסגעשטעלט אויף דעם ערגסטן און טראָץ אַלע דראָענ־דיקע סכנות, דאָך פּראָבירן צוזאַמענצונעמען אַלע כוחות, מאָביליזירן דאָס גאַנצע פאָלק צו דעם גרויסן אויפשטאַנד געגן דעם מעכטיקן שונא, כדי אים צו פאַרטרייבן פון לאַנד און צוריק געווינען די פרייהייט.

דער דאָזיקער אַלטער פּראָבלעם, וואָס בלייבט שטענדיק ניי און אַקטועל, איז דער צענטראַל־פּונקט אין פיל פּלוגתות און מחלוקות צווישן די בית שמאי מיט די בית הילל[1]. די דאָזיקע מחלוקות האָבן זיך נאָך מער פאַרשאַרפט און געוואָרן פאַרביטערטער אין די שפּעטערדיקע יאָרן און גאָר שטאַרק אין די לעצטע יאָרן פאַר חורבן ירושלים.

עס פאַרשטייט זיך, אַז לעולם זענען די דאָזיקע ביידע שיטות באַ־רעכטיקט אַן און פאַר זיך, נאָר עס ווענדט זיך שטענדיק דער עיקר אין די באַדינגונגען און אין די אומשטענדן. אין אַלע אַזעלכע ענלעכע פאַלן איז שטענדיק די דעצידירנדיקע פראַגע: וועלכע פון די דאָזיקע ביידע שיטות איז די ריכטיקע, גינסטיקע, צוגעפּאַסטע שיטה אין דעם געגע־בענעם מאָמענט ביי די גראַד עגזיסטירנדיקע באַדינגונגען און אומ־שטענדן.

עס איז אויך, גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַ סך אָפּהענגיק אין דעם כאַ־ראַקטער און אין דער גאַנצער איינשטעלונג פון די דעצידירנדיקע פאָלקס־פירער.

*

די בית שמאי זענען, בלי שום ספק, די באַגייסטערטע אָנהענגער

---

1. נישט שטענדיק קאָן מען געניי אָנווייזן, וועלכע פּלוגתות זענען געוואָרן געפירט צווישן הילל און שמאי אַליין, און וועלכע — צווישן זייערע תלמידים, די בית הילל און די בית שמאי. קאָן מען, אַלזאָ, אויך אין דעם דאָזיקן ספר, נישט אויסמיידן דאָס פאַרמישן גאַנץ אָפט, צווישן הילל און שמאי מיט די בית הילל און בית שמאי.

פון דער צווייטער שיטה און האָבן די זעלבע אָדער אַן ענלעכע איינ־שטעלונג ווי די קנאים, די יידישע קעמפנדיקע פּאַטריאָטן: אָרגאַניזירן דאָס פאָלק צום אויפשטאַנד און אַנטגילטיק זיך באַפרייען פון דער פרעמ־דער הערשאַפט.

אַזוי אויך האַלטן די בית שמאי, אַז מען דאַרפט וואָס מער זיך דערווייטערן פון די גויים, די געצן־דינער, וואָס איז זיי, אגב, געוואָרן צוגעטיילט אַלע אַרט פּריווילעגיעס אויפן חשבון פון דער יידישער באַפעלקערונג.

דאַגעגן אָבער די בית הילל, די שטענדיקע איבערצייגטע פּאַציפיסטן און אָנהענגער פון כסדר׳דיקע פּשרות און פאַרשידענע קאָמפּראָמיסן, זענען אוודאי באַלד פון אָנפאַנג אָן געהאַט געוועזן אַנטשידן געגן דעם אויפ־שטאַנד, נאָר אַלץ איבערטראָגן, אַבי נישט גורם זיין קיין שפיכת דמים און שטענדיק, ביי אַלע באַדינגונגען, אויסמיידן בלוט־פאַרגיסונגען.

די בית הילל זענען אויך געוועזן געגן די בית שמאי אין זייערער שיטה צו דערווייטערן זיך פון די גויים.

די דאָזיקע צוויי פּראָבלעמען, וואָס שטאַמען פון איין שורש, זענען דער קערן און דער צענטראַל־פּונקט פון די וויכטיקסטע מחלוקות צווישן די בית שמאי און די בית הילל.

*

אין די יאָרן פאַר חורבן ירושלים האָבן, געוועגלעך, די בית שמאי געהאַט די איבערמאַכט איבער די בית הילל, אָבער נאָך דעם שווערן דורכפאַל פונעם אויפשטאַנד, נאָך דער אַזוי טראַגיש־פאַרשפּילטער מלחמה, וואָס האָט צוגעפירט צום שרעקלעכן חורבן, איז די העגעמאָניע, גאַנץ נאַטירלעך, איבערגעגאַנגען צו די מעסיקע, פּאַציפיסטישע, בית הילל.

אין יבנה, ווו עס האָט, הויפּטזעכלעך, געהערשט דער גייסט פון די בית הילל, פון רבן יוחנן בן זכאי, איז געוואָרן דעצידירט: הלכה כבית הילל.

מען איז אָבער אין יבנה געווען גענוג ערלעך, געוויסנהאַפט און אויך פּאָליטיש־קלוג, כדי צו אַנערקענען, דאָס לעולם זענען ביידע שיטות, אי פון די בית שמאי, אי פון די בית הילל, גלייכבאַרעכטיקט, נאָר עס איז שטענדיק אָפּהענגיק אין די באַדינגונגען, אין די אומשטענדן און אין די פאַרהעלטענישן. האָט מען אין יבנה דאָס אַלץ געניי אויסגעדריקט אין דער קורצער, אָבער אַזוי וווּנדערלעכער, אינהאַלטס־רייכער פאָרמולע:

אלו ואלו דברי אלהים חיים, אבל הלכה כבית הילל.

# חנניה בן חזקיהו בן גוריון

ואלו מן ההלכות שאָמרו בעלית חנניה בן חזקיהו בן גוריון שעלו לבקרו. נמנו ורבו בית שמאי על בית הילל, ושמונה עשר דברים גזרו בו ביום[1].

דאָס זענען פון די הלכות, וואָס זיי האָבן געזאָגט אויף דעם אויבערשטן גאָרן פון חנניה בן חזקיהו בן גוריון, וואָס זיי זענען אַרויפגעגאַנגען אים באַזוכן. זיי האָבן אַדורכגעפירט אַן אָפּשטימונג, ווו די בית שמאי זענען געווען אין דער מערהייט געגן די בית הילל, און אַכטצן זאַכן האָבן זיי פאַרווערט אין יענעם טאָג.

די דאָזיקע דריי ווערטער: ושמונה עשר דברים, אָדער ווי עס איז מער באַקאַנט: שמונה עשר דבר, אַכטצן זאַכן, באַצייכענען אַ פאַרביטערטן קאַמף צווישן בית שמאי און בית הילל.

עס זענען נישט געווען באַקאַנט אַלע איינצלהייטן פון דעם דאָזיקן שווערן קאַמף, וואָס זיינע פאָלגן האָבן געהאַט אַ דעצידירנדיקן איינפלוס אויף דער געשטאַלטונג פון יידישן פאָלק אין משך פון דעם צוויי טויזנטיעריקן גלות.

וועלן דאָ ווערן געברענגט עטלעכע אָריגינעלע מקורות, אַלטע אויטענטישע קוועלן, וואָס האָבן אַ שייכות צום דאָזיקן קאַמף.

*

עס איז כדאי דאָ צו מאַכן אַן הפסקה און ברענגען צוויי אויסצוגן פון תלמוד בבלי, ווו עס ווערט דערציילט וועגן דעם אייגנטימער פון דער דאָזיקער עליה, פון דעם אויבערשטן גאָרן, ווו עס זענען געוואָרן אָנגענומען די דאָזיקע שמונה עשר דבר.

עס איז אוודאי אינטערעסאַנט צו באַקענען זיך מיט וואָס דער דאָזיקער חנניה בן חזקיהו האָט זיך אָפּגעגעבן, כדי צו קאָנען זיך מאַכן

---

1. משנה, שבת, א, ד. בבלי, דף יג, ב. אין דער תוספתא איז דער נוסח: שעלו ובקרו ונמנו וכ״ו.

עפּעס אַ שטיקל פֿאַרשטעלונג וועגן דער אַטמאָספֿערע דאָרטן אויף יענער, שפּעטער שוין געהיימענס־פּולער עליה. אויף יענעם בוידעם, ווו עס איז געוואָרן דעצידירט וועגן דער ווייטערדיקער געשטאַלטונג פֿון יידישן פֿאָלק.

תנו רבנן: מי כתב מגילת תענית? — אמרו: חנניה בן חזקיה וסיעתו, שהיו מחבבין את הצרות[1].

די מגילת תענית שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ כראָניק פֿון די וויכטיקע און, גאַנץ אָפֿט, נישט אַזוי פֿריילעכע היסטאָרישע געשעענישן ביי יידן. ווערט דאָ איבערגעגעבן, אַז חנניה בן חזקיהו מיט זיין קרייז מענטשן זענען די מחברים פֿון דער דאָזיקער, פֿון אַלע שטאַנדפּונקטן, זער וויכ־טיקער מגילה. עס ווערט אויך דערביי צוגעגעבן, אַז זיי זענען געווען מחבבין את הצרות, זיי האָבן געצערטלט די צרות.

אַגב, ווער נאָך אַזוי ווי דער היינטיקער יידישער דור וואָלט גע־דאַרפֿט פֿילן און פֿאַרשטיין, וואָס עס הייסט: צערטלען צרות!

*

נאָך אַ ציטאַט פֿון תלמוד, ווו עס ווערט איבערגעגעבן וועגן נאָך אַן אַנדערער אונטערנעמונג פֿון דעם זעלבן חנניה בן חזקיהו און טאַקע אויף דער זעלבער עליה, אויפֿן דאָזיקן בוידעם:

---

1. שבת, יג, ב. אין מגילת תענית איז צום סוף שפּעטער געוואָרן צוגע־געבן: ומי כתב מגילת תענית? סיעתו של רבי אלעזר בן חנניה בן חזקיה בן גוריון. פֿון דעם זעלבן רבי אלעזר ווערט געבראַנגט אַ מאמר אין דער מכילתא (פּרשת יתרו, כ, ח), וואָס דער זעלבער מאמר ווערט אין תלמוד בבלי (ביצה, טז, א) געבראַנגט אין נאָמען פֿון בית שמאי. אויך דער ספר יוחסין גיט אַזוי איבער: סיעתו של רבי אלעזר בן חנניה בן חזקיה בן גוריון כתבו מגילת תענית.

גרעץ איז ביי דער מיינונג, אַז עס איז דער זעלבער אלעזר בן חנניה, דער באַרימטער העלד און אָנפֿירער פֿון דעם גרויסן אויפֿשטאַנד אין ארץ ישראל געגן די רוימער. ער האַלט, אַז די שמונה עשר דבר זענען געוואָרן אָנגענומען אין דער צייט פֿון דעם זעלבן רבי אלעזר און אין דער אויבן־געבראַנגטער משנה וועגן די שמונה עשר דבר, דאַרף זיין: בעלית אלעזר בן חנניה בן חזקיה בן גוריון.

גרעץ ברענגט זער וואָגיקע אַרגומענטן צו ווייזן, אַז נאָר יענע אַזוי שטורמישע עפּאָכע, יענע אָנגעגליטע אַטמאָספֿערע, די לעצטע יאָרן פֿאַרן גרויסן אויפֿשטאַנד, זענען געווען געאייגנט, אַז עס זאָלן ווערן אָנגענומען אַזלכע דראַסטישע מיטלען וועגן דער דערווייטערונג פֿון די גויים, די שונאי ישראל.

אויב מען זאָל אָננעמען די דאָזיקע מיינונג, איז שווער דער מאמר אין מסכת שבת, וואָס ווערט געבראַנגט דאָ ווייטער אויף זייט 87: ואותו היום היה הילל כפוף ויושב לפני שמאי כאחד מן התלמידים. וואָרעם אין דער צייט פֿון אלעזר בן חנניה האָבן שוין נישט געלעבט נישט הילל און נישט שמאי.

אָמר רב יהודה אָמר רב: ברם, זכור אותו האיש לטוב, וחנניה בן חזקיהו שמו, שאלמלא הוא, נגנז ספר יחזקאל, שהיו דבריו סותרין דברי תורה. מה עשה? — העלו לו שלוש מאות גרבי שמן, וישב בעליה ודרשן[1].

אין די אַלטע צייטן זענען ביי יידן געהאַט געווען פיל מער ספרים ווי די וואָס זענען געוואָרן אַריינגענומען אין די כתבי קודש, אין תנ״ך, אָבער געבליבן זענען, אויסשליסלעך נאָר די דאָזיקע, וואָס זענען יאָ געוואָרן אַריינגענומען אין תנ״ך. אַלע אַנדערע, וואָס זענען געבליבן דרויסן און דעריבער ווערן זיי גערופן: ספרים חיצונים, דרויסנדיקע ספרים — זענען אַלע פאַרלוירן געגאַנגען.

די ספרים חיצונים, די אַפּאָקריפן, וואָס זענען אונז באַקאַנט, זענען זיי אַלע געבליבן נאָר אין איבערזעצונגען, אָבער אַפילו קיין איינער איז נישט געבליבן אין זיין העברעאישן אָדער אַראַמעאישן אָריגינאַל.

צווישן די ספרים, וואָס זענען יאָ געוואָרן אַריינגענומען אין די כתבי קודש, זענען פאַרהאַנדן עטלעכע פון זיי, וואָס האָבן געזאָלט בלייבן דרויסן. אויך ספר יחזקאל געהערט צווישן זיי.

זאָגט רב יהודה אין נאָמען פון זיין רבי׳ן, רב, אַז מען דאַרפט זיין דאַנקבאַר דעם דאָזיקן חנניה בן חזקיהו, וואָס אַ דאַנק אים איז פאַר אונז געוואָרן אָפּגעראַטעוועט דאָס ספר יחזקאל, וואָס עס האָט נישט געזאָלט ווערן אַריינגענומען צווישן די כתבי קודש, ווייל מענכע שטעלן דערינען זענען נישט פונקט אַזוי ווי אין דער תורה.

האָט חנניה בן חזקיהו גענומען אויף זיך די מיסיע אויפצווייזן, אַז דאָס ספר יחזקאל איז יאָ ראוי צו ווערן אַריינגענומען צווישן די כתבי הקודש. דאָס איז אים אָבער אָנגעקומען ביי גרויסע און לאַנגע אָנשטרענגונגען, אַזוי ווייט, ווערט איבערגעגעבן בדרך גוזמא, אַז מען האָט אים דערצו אַרויף באַזאָרגט אויף זיין עליה, אַזש דריי הונדערט פעסער בוימל אויף באַלייכטונג; אַזוי לאַנג האָט געדויערט זיין שטודירן און פאַרשן דעם דאָזיקן פּראָבלעם.

1. שבת, יג, ב. חגיגה, יג, א. מנחות, מה, א. אין ספרי (דברים, פרשת כי תצא, כה, יד) ווערט געברענגט אויף אַ פּסוק אין ספר יחזקאל, אַ דרשה פון רבי אלעזר בן חנניה בן חזקיה בן גוריון.

דוד מלכי

# שמונה עשר דבר

קומט מען יעצט ווידער צוריק צו די שמונה עשר דבר, וואָס זענען געוואָרן באַהאַנדלט אויף דער דאָזיקער עליה פון חנניה בן חזקיהו.

די תוספתא ברענגט דאָס זעלבע, ווי די אויבן־דערמאָנטע משנה וועגן די שמונה עשר דבר און גיט צו:

> אותו היום היה קשה לישראל כיום שעשו בו העגל. רבי אליעזר אומר: בו ביום גדשו סאָה רבי יהושע אומר: בו ביום מחקו סאָה[1].

דער דאָזיקער טאָג איז געווען אַזוי שווער פאַר יידן ווי דער טאָג, ווען זיי האָבן געמאַכט דאָס עגל (דאָס גאָלדענע קאַלב, אין דער מדבר). רבי אליעזר זאָגט, אַז אין יענעם טאָג האָבן זיי געגעבן אַ גוטע מאָס (דאָס הייסט, אַז זיי האָבן געטוען אַ גוטע זאַך). רבי יהושע זאָגט, אַז זיי האָבן דאַמאָלט געגעבן אַ קנאַפּע מאָס (ווייל זיי האָבן צופיל איבער־געטריבן, איז עס נאָך ווייניקער ווי די ריכטיקע מאָס).

די דאָזיקע צוויי גרויסע חכמי יבנה זענען טאַקע ביידע די תלמידים פון רבן יוחנן בן זכאי, נאָר רבי אליעזר בן הורקנוס איז אַן אָנהענגער פון בית שמאי און רבי יהושע בן חנניה — פון בית הילל.



אין תלמוד ירושלמי ווערט צוגעגעבן אויסטערלישע פּאַסירונגען:

> תנא רבי יהושע אונייא: תלמידי בית שמאי עמדו להן מלמטה והיו הורגין בתלמידי בית הילל. תני: ששה מהן עלו, והשאָר, עמדו עליהן בחרבות וברמחים[2].

רבי יהושע אונייא גיט איבער, אַז די תלמידי בית שמאי זענען געשטאַנען אונטן און האָבן אָפּגעקלאַפּט (והיו הורגין) די תלמידי בית הילל. עס ווערט איבערגעגעבן, אַז זעקס פון זיי זענען יאָ אַרויפגעגאַנגען,

1. תוספתא, שבת, א.
2. ירושלמי, א, ד.

אָבער געגן די איבעריקע זענען זיי אַרויסגעטרעטן מיט שווערדן און מיט שפּיזן.

אין תלמוד בבלי ווערט איבערגעגעבן אַזוי סתם:

נעצו חרב בבית המדרש, אָמרו: הנכנס יכנס, והיוצא אַל יצא! ואותו היום היה הילל כפוף ויושב לפני שמאי כאחד מן התלמידים. והיה אותו היום קשה לישראל כיום שנעשה בו העגל[1].

זיי האָבן אַריינגעשטעקט אַ שווערד אין בית המדרש און האָבן געזאָגט: אַריין — יאָ! אָבער אַרויס — נישט! און אין דעם דאָזיקן טאָג איז הילל געווען אונטערטעניק און געזעסן פאַר שמאי'ן, ווי איינער פון די תלמידים. און דער דאָזיקער טאָג איז געווען פאַר יידן אַזוי שווער ווי דער טאָג, ווען עס איז געוואָרן געמאַכט דאָס עגל.

*

וואָס, אייגנטלעך, שטעלן מיט זיך פאָר די דאָזיקע אַכטצן זאַכן, די שמונה עשר דבר?

תני רבי שמעון בן יוחאי: בו ביום גזרו על פיתן, ועל גבינתן ועל יינן וכ"ו ועל לשונן ועל עדותן ועל מתנותיהון ועל בניהון ועל בנותיהון וכ"ו[2].

רבי שמעון בן יוחאי גיט איבער: "אין יענעם טאָג האָבן זיי פאַרווערט זייער ברויט (פון די גויים, די געצן־דינער), זייער קעז, זייער ווייַן, זייער שפּראַך, זייער עדות־באַגלייבטקייט, זייערע מתנות[3], זייערע זין, זייערע טעכטער א. א. וו.".

די חכמים האָבן גוט געוווסט, אַז סתם אַלגעמיינע אַבסטראַקטע רע־

1. שבת, יז, א.
2. ירושלמי, שבת, א, ד.
3. מתנותיהן, זייערע מתנות, מיינט צו זאָגן: נישט אָננעמען פון גויים קיין מתנות פאַרן בית המקדש און נישט מקריב זיין פאַר זיי קיין קרבנות. יוסף פלאַוויוס שרייבט, אַז אלעזר בן חנניה האָט דאַמאָלט איינגעפירט די דאָזיקע תקנה אין בית המקדש און טאַקע דאַמאָלט האָט מען אויפגעהערט מקריב זיין דעם קרבן לכבוד דעם רוימישן קייסער, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן צאָרן ביי די רוימער. (תולדות מלחמת היהודים, ב, יז, ב). אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן פאַקט, ווערט אין תלמוד בבלי דערמאנט רבי זכריה בן אַבקולס, וואָס איז געווען פון די זקני בית שמאי. (גטין, נו, א).

זאָלוציעס האָבן אַ גאַנץ קנאַפּן ווערט, האָבן זיי באַלד אויפן אָרט געגוי פּרעציזירט אויף וואָס פאַר אַן אופן עס זאָל טאַקע ווערן אַדורכגעפירט די דאָזיקע דערווייטערונג פון די גויים, די געצן־דינער.

דאָס אַלץ איז נישט אַנגעקומען אַזוי לייכט און עס איז נישט אַדורכ־געגאַנגען אַזוי גלאַטיק. די בית הילל האָבן געשטעלט אַ שטאַרקן ווידער־שטאַנד און גאָר ענערגיש געקעמפט געגן די אַלע דאָזיקע גזירות. ווערט געברענגט אין תלמוד ירושלמי, אַז די דאָזיקע אַכטצן הלכות, די שמונה עשר דבר, וועלן קיינמאָל נישט בטל ווערן, מפני שעמדה להם בנפשותיהם, ווייל די בית שמאי האָבן זיך מוסר נפש געווען און זיי אויסגעקעמפט מיטן לעבן.

*

עס זעט זיך אויס, אַז אַ טייל פון די דאָזיקע אַכטצן הלכות זענען נאָך פון פריער געהאַט געווען אָנגענומען אין פאָלק אַלס מינהגים, וואָס זענען נישט געווען אַזוי שטאַרק פאַרפליכטעט און אין יענעם טאָג זענען זיי געוואָרן פעסטע געזעצן.

מענכע געלערטע זענען ביי דער מיינונג, אַז, למשל, דער איסור אויף גויאישן בוימל איז לכתחילה נישט געוואָרן אַרויסגערופן נאָר בלויז צוליב רעליגיעזע טעמים, נאָר אויך צוליב עקאָנאָמישע מאָטיוון: כדי ער זאָל נישט קאָנקורירן דעם יידישן בוימל, וואָס איז דאַמאָלט געהאַט געווען פון די הויפּט־צווייגן אין דער ארץ ישראל׳דיקער לאַנד־פּראָ־דוקציע.

מיט דער דאָזיקער מיינונג קאָן מען פאַרענטפערן אַן אומפאַרשטענד־לעכע שטעלע אין תלמוד בבלי:

הבוצר לגת, שמאי אומר: הוכשר; הילל אומר: לא הוכשר. אָמר ליה הילל לשמאי: מפני מה בוצרין בטהרה ואין מוסקין בטהרה? אָמר ליה: אם תקניטני, גוזרני טומאה אף על המסיקה[1].

די פראַגע איז, צי ביי פראָדוצירן ווין, מוז מען אָפּהיטן די אַלע פאָרשריפטן וועגן טהרות, אָדער נישט. עס פאַרשטייט זיך, אַז אויב יאָ — איז דאָך דאַרויף קיין גוי נישט באַגלייבט און זיין ווין איז אָסור.

1. שבת, יז, א.

האַלט שמאי, אַז מען מוז יאָ אָפּהיטן טהרות. פרעגט אים הילל: פאַרוואָס איז וויין אַנדערש ווי בוימל, און ביי בוימל דאַרפט מען דאָך, לכל הדעות, נישט אָפּהיטן קיין טהרות?! ענטפערט אים שמאי: אויב דו וועסט מיך דערבייזערן, וועל איך דאָס זעלבע אויך גוזר זיין אויף בוימל!

דער דאָזיקער ענטפער איז דאָך, אין פלוג גענומען, אינגאַנצן אומ־פאַרשטענדלעך: אויב מען דאַרפט טאַקע ביי בוימל אָפּהיטן טהרות, טאָ וואָס וואַרט שמאי ביז הילל וועט איר דערבייזערן?! דאַרפט מען נישט אָפּהיטן קיין טהרות? — טאָ וואָס האָט דערמיט צו טוען, צי הילל וועט אים יאָ דערבייזערן אָדער נישט.

וואָלט דאָ טאַקע געווען די בעסטע דערקלערונג, דאָס אויסער די ריין־רעליגיעזע טעמים, האָט אין די פריערדיקע יאָרן אויך געווירקט עקאָנאָמישע מאָטיוון.

דאָס, וואָס עס איז דאָ געזאָגט געוואָרן, איז נאָר בנוגע בוימל[1]. אָבער די אַנדערע הלכות פון די שמונה עשר דבר איז זייער ציל: נאָר דאָס דערווייטערן זיך פון די גויים.

באותו היום, אין יענעם טאָג, אויף דער עליה פון חנניה בן חזקיהו בן גוריון, ביים אָננעמען די דאָזיקע אַכטצן אַזוי שטרענגע מיטלען צו דערווייטערן זיך פון גויים, איז געוואָרן דעצידירט דער עגזיסטענץ פון יידישן פאָלק אין גלות.

*

עס איז אויבן געוואָרן ציטירט פון דער תוספתא, פון תלמוד ירו־שלמי און פון תלמוד בבלי דער באַקאַנטער מאמר:

### והיה אותו היום קשה לישראל כיום שנעשה בו העגל.

און דער דאָזיקער טאָג (פון די שמונה עשר דבר) איז געווען פאַר יידן אַזוי שווער ווי דער טאָג, ווען עס איז געוואָרן געמאַכט דאָס "עגל".

הגם דער דאָזיקער פאַרגלייך שטאַמט דאָך, זעלבסטפאַרשטענדלעך, פון בית הילל — דאַרפט מען נישט מיינען, אַז דאָס גוזר זיין די שמונה

[1] אַרום צוויי הונדערט יאָר שפּעטער האָט רבי יהודה נשיאה צוריק מתיר געווען גויאישן בוימל. ירושלמי, שבת, א. עבודה זרה, לו, א, תוספות ד"ה: אשר וד"ה: והתנן. דף לג ב, תוספות, ד"ה: בעא.

עשר דבר ווערט פאַרגליכן צו מעשה העגל; נאָר עס ווערט געמיינט צו זאָגן, אַז די פאָלגן דערפון זענען געווען אַזוי שווער, ווי די פאָלגן פון מעשה העגל, וואָס עס איז דערביי, אַזוי ווי עס איז געשריבן אין אין דער תורה, אומגעקומען אַן ערך פון אַ דריי טויזנט מאַן.

ווערן, אַלזאָ, די בית שמאי אין זייערן קנאות פאַר יידישקייט ממילא פאַרגליכן צו משה רבנו מיט די אַלע בני לוי, וואָס האָבן אַזוי שטרענג רעאַגירט אויף דעם מעשה העגל.

## שמאי דער מחמיר

שמאי ווערט געווענלעך פאָרגעשטעלט אַלס זער שטרענגער מחמיר, ווי עס ווערט אויסגעדריקט אין תלמוד בבלי: שאני שמאי דמחמיר טפי, שמאי צייכנט זיך באַזונדער אויס, וואָס ער איז זער שטרענג[1]. ער איז ווייט פון פשרות, פון פאַרגלעטן און פאַרדעקן סתירות.

שמאי איז זער שטרענג, קודם כל, לגבי זיך אַליין. עס ווערן וועגן אים דערציילט אויסטערלישע חומרות ביי זיך אין דער היים. אַזוי ווערט, למשל, דערציילט:

> מעשה וילדה כלתו של שמאי הזקן ופחת את המעזיבה וסכך על גבי המטה בשביל הקטן[2].

עס האָט פּאַסירט, אַז די שנור פון שמאי הזקן האָט געבוירן אַ ייִנגל, ערב סוכות. האָט ער אויפגעבראָכן דעם סופיט און באַדעקט מיט סכך איבערן בעט, צוליב דעם ערשט-געבוירן ייִנגעלע.

די דאָזיקע פּאַסירונג, למשל, מאַכט דאָך זיכער דעם איינדרוק ווי עפּעס אַ קוריאָז פון נאַאיווער פרומער פּעדאַנטישקייט. עס זענען בכלל פאַרהאַנדן פיל שטעלן אין די אַזוי אַלטע תלמודישע ווערק, וואָס קאָנען ביי אַן אויבערפלעכלעכן צוגאַנג פון אַ היינטיקן מענטש, מאַכן דעם איינדרוק פון נאַאיוויטעט. די חכמי התלמוד זענען אָבער זער ווייט דער־פון. אָט טאָקע, למשל, די דאָזיקע אַזוי מאָדנע פּאַסירונג, וואָס שמאי האָט זיין נאָר־וואָס געבוירן אייניקל שוין פאַרזאָרגט מיט אַ סוכה.

עס איז אַן אַלטער פּראָבלעם, וואָס עגזיסטירט ביזן היינטיקן טאָג,

---

1. נזיר, נג, א.
2. משנה, סוכה, ב, ח.

וואָס אויך די מאָדערנע פעדאַגאָגן זוכן נאָך דאַרויף אַן ענטפער:
פון ווען אָן דאַרפט מען זאָרגן פאַר דער דערציאונג פון קינד?
זאָגט שמאי: פון ווען אָן?! — פון דעם ערשטן טאָג ווען עס ווערט געבוירן!

*

ומעשה בשמאי הזקן שלא היה רוצה להאכיל את בנו בידו אחת, וגזרו עליו חכמים שיאכילו בשתי ידיו[1].

עס האָט פּאַסירט ביי שמאי הזקן, אַז ער האָט, יום כפור, נישט געוואָלט זיין יינגל געבן צו עסן מיט איין האַנט, האָבן אים די אַנדערע חכמים באַוויזגן, אַז מיט ביידע הענט זאָל ער אים געבן צו עסן.

יום כפור גיט מען, געוועגלעך, די קינדער צו עסן אַזוי כאַפּעדיק, אַז זיי זאָלן וויסן, אַז עס איז נישט אַזוי ווי אַלע טאָג. ווערט דאָ באַנוצט דער אויסדרוק, אַז שמאי האָט נישט געוואָלט געבן צו עסן מיט איין האַנט, אַזוי ווי עס פּירט זיך אום יום כפור — אָבער אַז ער איז פון די אַנדערע חכמים געוואָרן באַוויזגן דערצו, איז עס ממילא געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ גאַנצן ענין און עס האָט שוין אויסגעזעעט, ווי ער וואָלט געגעבן דעם יינגל צו עסן מיט ביידע הענט.

אגב, זעט מען דאָ ביי דעם דאָזיקן עפּיזאָד, אַז שמאי איז דאָך נישט געווען אַזאַ שווערער עקשן, ווי מען שטעלט זיך פאָר, נאָר האָט דאָך נאָכגעגעבן זיינע חברים.

דער דאָזיקער פאַקט איז אויך זער כאַראַקטעריסטיש פאַר שמאי'ן דערמיט, דאָס ווען ער האָט שוין יאָ נאָכגעגעבן זיינע חברים, האָט ער אַליין, מיט זיינע אייגענע הענט, און נישט דורך אַן אַנדערן, געגעבן דעם קינד צו עסן.

---

1. תוספתא, יומא, ה; בבלי, עז, ב.

דוד מלכי

# שמאי דער קנאי

האומר לשלוחו: צא הרוג את הנפש! — הוא חייב ושולחיו פטור. שמאי הזקן אומר משום חגי הנביא: שולחיו חייב, שנאמר[1]: „ואותו הרגת בחרב בני עמון“[2].

אַז מען שיקט עמיצן הרג'ענען אַ מענטש, איז נאָר חייב דער אויספירער, אָבער נישט דער שיקער. שמאי הזקן זאָגט אין נאָמען פון חגי הנביא, אַז דער שיקער איז יאָ חייב, אַזוי ווי עס שטייט אין פסוק וועגן דער מעשה מיט אוריה החתי: "און אים האָסטו גע'הרג'עט מיט דער שווערד פון די בני עמון", זעט מען דערפון, אַז עס איז אַזוי ווי מען הרג'עט אַליין.

אייגנטלעך, איז פון דאָרטן אַ גאַנץ קנאַפּע ראיה: ווייל עס איז אַ וועזנטלעכער אונטערשיד צווישן אַ מלך, וואָס מען מוז פאָלגן זיינע באַפעלן — און אַ געווענלעכער מענטש, וואָס אים מוז מען נישט פאָלגן.

נאָר די דאָזיקע פלוגתא איז, גאַנץ וואַרשיינלעך, גאָרנישט אַזוי אומשולדיק, ווי זי איז דאָ פאָרמולירט און אורשפּרינגלעך איז טאַקע געווען די רייד, נישט וועגן אַ געווענלעכן מענטש, נאָר וועגן אַ הערשער. איז דאַריבער אויך פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס שמאי האָט געדאַרפט צו פאַרופן זיך אַזש אויף חגי הנביא.

די דאָזיקע פלוגתא איז, זעט זיך אויס, פאַרבינדן מיט אַ מעשה נוראָ, וואָס עס גיט איבער דער היסטאָריקער יוסף בן מתתיהו הכהן, פלאַוויוס:

דער יונגער הורדוס, דער דאַמאָלטיקער הערשער אין גליל אין נאָמען פון הורקנוס, האָט אָן שום דין און משפט באַפוילן אומצוברענגען דעם פאַטריאָט, דעם קנאי, חזקיה[3] מיט זיינע אָנהענגער. האָט די דאָזיקע רציחה אַרויסגערופן אַ שטאַרקן שטורם צווישן פאָלק, אַז הורקנוס האָט ענדלעך דאָך נאָכגעגעבן און גערופן הורדוס'ן צו משפט פאַר די יידישע סנהדרין אין ירושלים.

האָט הורדוס זיך טאַקע געשטעלט צום משפט, אָבער נישט ווי אַ

1. שמואל ב, יב, ט.
2. קידושין, מג, א.
3. גרעץ איז נוטה אָנצונעמען, אַז ער איז דער פאָטער פון חנניה, דער זיידע פון אלעזר בן חנניה בן חזקיה בן גוריון; איז דעריבער פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס מען רעכנט אויס אַלע פיר דורות פון דער דאָזיקער באַרימטער משפחה.

באַשולדיקטער, נאָר ווי אַ מעכטיקער הערשער: אָנגעטוען אין אַ פּור־פּורן מאַנטל און אַרומגערינגלט מיט אַ באַוואָפנטער מיליטערישער וואַך.

גיט איבער יוסף פלאַוויוס, ווי אַלע ריכטער, די סנהדרין, האָבן זיך שרעקלעך דערשראָקן און קיינער פון זיי האָט דאָס מויל נישט געעפנט, ביז עס איז אויפגעשטאַנען שמאי, דער צדיק, וואָס האָט פאַר קיינעם נישט קיין מורא, און האָט געוואָרנט דעם מלך הורקנוס און די סנהדרין, אַז זיי וועלן דערפאַר טייער באַצאָלן.

יוסף פלאַוויוס ענדיקט דערמיט, דאָס שמאי האָט גאָרנישט זיך טועה געווען און עס איז טאַקע אַלץ מקוים געוואָרן אַזוי ווי שמאי האָט פאָראויסגעזען, ווייל שפּעטער, ווען הורדוס איז געוואָרן מלך, האָט ער טאַקע אומגעברענגט, אי דעם מלך הורקנוס, אי די אַלע סנהדרין, אויסער גאָר שמאי'ן, וואָס הורדוס איז געווען אַנטציקט פון זיין ערלעכקייט און פון זיין מוט [1].

עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז דאָס האָט פּאַסירט איידער הילל איז גע־קומען קיין ארץ ישראל.

## ווען פאַרלייכטערן די בית שמאי

איז עס, אַלזאָ, אַ דבר ידוע, אַז די בית שמאי זענען מחמיר און די בית הילל זענען מקיל, בית שמאי באַשווערן און בית הילל פאַרלייכטערן. עס זענען אָבער אויך פאַרהאַנדן פיל פאַלן, ווו עס איז פאַרקערט: בית שמאי זענען מקיל און בית הילל — מחמיר.

וויפיל זענען דאָס פאַרהאַנדן אַזעלכע פאַלן?

לויט ווי רבי יוחנן גיט איבער, האָט רבי מאיר גערעכנט פיר און צוואַנציק אַזעלכע פאַלן [2], הגם זייער צאָל איז מער ווי טאָפּלט.

אין די איבער דריי הונדערט מחלוקות צווישן בית שמאי און בית הילל, איז אין איבער פופציק פון זיי: בית שמאי לקולא און בית הילל לחומרא.

*

1. קדמוניות היהודים, יד, ו, אין דער נייער העברעאישער איבערזעצונג, זייט 132. אין דער גמרא סנהדרין, דף יט, ווערט דערציילט אַזאַ ענלעכע פּאַסירונג וועגן שמעון בן שטח און ינאי המלך, אָבער מענכע יידישע געלערטע דערקלערן מיט גאַנץ וואָגיקע אַרגומענטן, אַז עס דאַרפט דאָרט זיין: שמאי און הורדוס.
2. ירושלמי, סוטה, ג, ח; שבת, ז, ב. תוספתא, עדיות, ב, ב.

בדרך כלל איז שמאי דער מחמיר און צייכנט זיך באַזונדער אויס מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, מיט אַ סך מוט און פירט זיך בכל חומר הדין, מיט דער גאַנצער שטרענגקייט פון געזעץ. שמאי האָט נישט ליב קיין פשרות און גייט נישט איין אויף קיין קאָמפּראָמיסן.

גאַנץ באַזונדער זענען די בית שמאי שטרענג ביי שמירת שבת, ביי טומאה וטהרה און ביי טהרת משפחה.

נאָר ווי געזאָגט, זענען פאַרהאַנדן איבער פופציק מחלוקות, ווו בית שמאי זענען מקיל, הגם אַפילו בית הילל זענען דאָרטן מחמיר.

וואָס איז אייגנטלעך דער טעם דערביי? וואָס זענען די מאָטיוון, וואָס באַוועגן די בית שמאי מקיל צו זיין?

אויב מען קאָן נישט ענטפערן אויף דער דאָזיקער פראַגע וועגן אַלע אַזעלכע פאַלן, קאָן מען אָבער יאָ ענטפערן בנוגע דער גרויסער מער־הייט פון זיי.

די בית שמאי זענען מקיל, דער עיקר, צוליב צוויי ערליי מאָטיוון:
ערשטנס, צוליב פּאַטריאָטישע מאָטיוון.

צווייטנס, לטובת די אָרעמערע און שוואַכערע און ממילא אויך לטובת דער פרוי.

## פּאַטריאָטישע מאָטיוון

### וכך היה שמאי אומר: „עד רדתה" — אפילו בשבת[1]!

די דאָזיקע צוויי ווערטער: אַפילו בשבת, אַנטהאַלטן אין זיך אַ גאָר וויכטיקע לערע, וואָס איז דאַמאָלט, אין יענע צייטן, געהאַט געווען אַן איבעראַשנדיק נייעס.

אין דער תורה[2], אין דער פרשה וועגן מלחמה, ווו עס רעדט זיך וועגן באַלאַגערן אַ שטאָט פונעם שונא, ווערט דאָרטן געברויכט דער אויסדרוק: עד רדתה, ביז איר אַראָפּנידערונג. באַנוצט זיך דאָ שמאי מיט דעם דאָזיקן אויסדרוק, ווען ער וויל זאָגן, אַז מלחמה איז דוחה שבת: "עד רדתה" — אַפילו בשבת! דאָס הייסט: קעמפן ביז אַראָפּ, אַפילו, שבת!

---

1. שבת, יט, א. תוספתא, עירובין, ג. ספרי, פרשת שופטים, כ, יט.
2. דברים, פרשת שופטים, כ, כ.

היינט צו טאָג קאָן דאָס אוודאי אויסזען גאַנץ נאַטירלעך, אָבער אין יענע צייטן איז די דאָזיקע לערע געהאַט געווען אַן אויסטערליש נייעס. איז דאָ אינטערעסאַנט צו ברענגען אַ זער מערקווירדיקע פּאַסי־רונג פון יענע צייטן:

אין דעם ערשטן מיליטערישן אָנגריף פון די רוימער, ווען זיי זענען אַריינגעדרינגען אין ארץ ישראל, הונדערט דריי און דרייסיק יאָר פאַר חורבן ירושלים, דאָס הייסט: אינעם יאָר 63 פאַר דער צייט־רעכענונג, האָט פּאָמפּעיוס אין אַ זער פאַרביטערטער מלחמה נאָך אַ באַלאַגערונג פון איבער דריי חדשים, ביי גאָר גרויסע פאַרלוסטן, איינגענומען ירושלים.

שרייבט יוסף פלאַוויוס אין זיין קדמוניות היהודים, אַז עס האָט אַ סך געהאָלפן די רוימער ביים איינגעמען ירושלים, דאָס וואָס די יידישע קעמפער האָבן זער שטרענג אָפּגעהיטן שבת אין דער מלחמה ביי דער באַלאַגערונג פונעם שונא.

לויט ווי יוסף פלאַוויוס גיט איבער, האָבן דאַמאָלט די יידישע קעמ־פער אין באַלאַגערטן ירושלים (אגב: בלויז צדוקים) זיך געפירט, אַז שבת האָבן זיי זיך פאַרטיידיקט נאָר אויסשליסלעך דאַמאָלט, ווען דער שונא האָט זיי דירעקט אַטאַקירט און עס איז שוין געהאַט געווען אומ־מיטלבאַר ממש סכנת־נפשות. דאַגעגן, אָבער, האָבן זיי נישט געשטערט די רוימער צו מאַכן אום שבת אַלע זייערע צוגרייטונגען צום אַנטגילטיקן אָנגריף. דאָס האָט ביי זיי נישט געהייסן סכנת נפשות, אַז מען זאָל מעגן מחלל שבת זיין.

האָבן טאַקע די רוימער אויסגענוצט די שבתים, כדי דאַמאָלט צו מאַכן אַלע זייערע נויטיקע צוגרייטונגען, וואָס אין דער וואָכן זענען זיי דורך די יידישע קעמפער געוואָרן געשטערט דאָס צו טוען.

שבת, האָבן די רוימער פאַרשיט די שוץ־גריבער אַרום דעם הר הבית, אַרום דעם באַרג, ווו עס איז געשטאַנען דאָס בית המקדש. זיי האָבן אויך דאַמאָלט אויפגעשטעלט די טורעמס, כדי צו קאָנען אַרײַ־בערשפּרינגען די מויערן. אַזוי האָבן זיי גוט אויסגענוצט די שבתים אויף איינצואָרדענען זיך און אויפבויען זייערע אַלע נויטיקע פּאָזיציעס.

יוסף פלאַוויוס פירט אויס, אַז די שבתים האָבן דערמעגלעכט פּאָמ־פּעיוס'ן איינצונעמען דאָס בית המקדש און טאַקע אום שבת. ער האָט אויך באַלד אויסגעפירט אַ שרעקלעכע שחיטה אויף אַלע, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען [1].

---

1. תולדות מלחמת היהודים, א, ז, ג. קדמוניות היהודים, יד, אין דער העב־רעאישער איבערזעצונג, זייט 122.

*

זעט מען, אַז פאַרהעלטעניש־מעסיג, נישט לאַנג נאָך דער דאָזיקער אַזוי טראַגישער פאַסירונג, האָט דער קאָנסערוואַטיווער שמאי, וואָס איז באַקאַנט אַלס שטרענגער מחמיר אין די דינים וועגן היטן שבת, גענומען לערנען נייעס: אַז מלחמה איז דוחה שבת, נישט נאָר דווקא ביים פאַר־טיידיקן זיך, נאָר אויך אַפילו ביים אָנגרייפן דעם שונא, אַפילו ביים באַלאַגערן זיינע שטעט:

„עד רדתה" — אפילו בשבת!

* * *

אַזוי איז שמאי אויך מקיל ביי אַזאַ האַרבער עברה, ווי איסור נדה און ער דערקלערט טאַקע גאַנץ קלאָר דעם פּאַטריאָטישן מאָטיוו פאַר זיינע פאַרלייכטערונגען:

שמאי אומר: כל הנשים דין שעתן; והילל אומר: מפקידה לפקידה, אפילו לימים הרבה[1].

אָמר לו שמאי להילל: אם כן, בטלת בנות ישראל מפריה ורביה[2]!

האָט שמאי געזאָגט צו הילל'ן: אויב אַזוי, אַז דו זאָלסט אַזוי פיל מחמיר זיין, וועסטו דאָך פאַרמינערן די געבורטן ביי יידן!

*

אויך אין דער ווייטערדיקער משנה איז שמאי מקיל און אוודאי צוליב דעם זעלבן מאָטיוו.

הילל אומר: מלא הין מים שאובין פוסלין המקוה, אלא שאָדם חייב לומר בלשון רבו; ושמאי אומר: תשעה קבין[3].

1. משנה, עדיות, א, א; נדה, א, א.
2. נדה, ג, ב.
3. משנה, עדיות, ג. הין = 12 לוגין. קב = 4 לוגין. קומט אויס, אַז 9 קבין איז 3 הין.

*

דערפאַר אָבער אין דער פראַגע וועגן דעם מינימום קינדער, וואָס אַ ייד דאַרפט שטרעבן דערצו — זענען די בית שמאי, פאַרשטייט זיך, לחומרא:

לא יבטל אָדם מפריה ורביה אלא אם כן יש לו בנים. בית שמאי אומרים: שני זכרים; וביה הילל אומרים: זכר ונקבה, שנאמר[1]: „זכר ונקבה בראָם[2].

די בית הילל האַלטן, אַז עס איז אויך גענוג אַ יינגל מיט אַ מיידל. דאַגעגן אָבער האַלטן די בית שמאי, אַז דער מינימום איז צוויי יינגלעך.

*

מי שנזר נזירות מרובה, והשלים את נזירותו, ואחר כך בא לארץ — בית שמאי אומרים: נזיר שלושים יום; ובית הילל אומרים: נזיר בתחילה[3].

ער האָט גענומען אויף זיך צו זיין אַ נזיר, אַ לאַנגע צייט, און נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט אויסגעפירט דאָס גאַנצע נזירות, איז ער געקומען קיין ארץ ישראל — זאָגן די בית שמאי, אַז עס איז גענוג, דאָס ער זאָל אין ארץ ישראל פירן נזירות נאָר דרייסיק טאָג. די בית הילל זאָגן, אַז ער מוז נאָכאַמאָל אָנהייבן צו פירן דאָס נזירות פון דער גאַנצער צייט, ווייל דאָס נזירות, וואָס ער האָט אויסגעפירט אין חוץ לאָרץ, ווערט גאָרנישט גענומען אין באַטראַכט.

דער טעם פון בית שמאי איז, גאַנץ וואַרשיינלעך, אַז דאָס מוזן נאָך אַמאָל אָנהייבן אויפסניי דאָס גאַנצע נזירות, קאָן אַמאָל זיין אַ מניעה צוריקצוקומען קיין ארץ ישראל.

1. בראשית, ה, ב.
2. משנה, יבמות, ו, ו.
3. משנה, נזיר, ג, ו.

דוד מלכי

# בית שמאי לטובת די אָרעמע און שוואַכע

בית שמאי אומרים יחלוקו יורשי הבעל עם יורשי האָב;
ובית הילל אומרים: נכסים בחזקתן[1].

ווען מען קאָן נישט געניי פעסטשטעלן, ווער פון די צוויי בעלי דינים האָבן רעכט, זאָגן די בית שמאי: יחלוקו, זאָלן זיי זיך צעטיילן גלייך אויף גלייך. דאַגעגן אָבער די בית הילל האַלטן זיך ביים כלל: נכסים בחזקתן, דאָס הייסט: דער קאַפּיטאַל בלייבט שטענדיק אומבאַרירט ביי די אייגנטימער, ביז עס זענען פאַרהאַנדן קלאָרע און נישט-וואַקלדיקע באַווייזן געגן זיי.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער פּריציפּ: נכסים בחזקתן, וואָס פאַרזיכערט דעם קאַפּיטאַל, איז לטובת די רייכע און פאַרמעגלעכע.

*

בית שמאי אומרים: הבקר לעניים — הבקר; ובית הילל אומרים: אינו הבקר, עד שיובקר אף לעשירים, כשמיטה[2].

די בית שמאי זאָגן, אַז מען איז מפקיר נאָר פאַר אָרעמע-לייט — איז עס הפקר. די בית הילל זאָגן, אַז עס איז נישט הפקר, ביז מען איז עס נישט מפקיר אויך פאַר די רייכע, אַזוי ווי שמיטה.

פאַרמעל זענען דאָ די בית הילל אַוודאי גערעכט, אָבער די בית שמאי פאַרבייגן לטובת די אָרעמע-לייט.

*

הגוזל את המריש ובנאו בבירה, בית שמאי אומרים: יקעקע את הבירה ויטול את המריש; ובית הילל אומרים: מחשב כמה היה שוה ונותן לבעלים, מפני תקנת השבים[3].

היורד לחרבתו של חברו ובנאָה שלא ברשות, וכשהוא יוצא אומר: תנו לי עציי ואבניי — אין שומעין לו. רבן שמעון

1. משנה, יבמות, ד, ג; כתובות, ח, ו; בבא בתרא, ט,ח—ט.
2. משנה, פאה, ו, א; עדיות, ד, ג.
3. תוספתא, בבא קמא, י; ירושלמי, ט, א; גיטין, ה, ו. בבלי, נה, א.

**בן גמליאל אומר: בית שמאי אומרים: הרשות בידו; ובית הילל אומרים: אין שומעין לו[1].**

ער גזל׳ט אַ בעלקע און מויערט זי איין אין פּאַלאַץ, זאָגן די בית שמאי: זאָל ער צעוואַרפן דעם פּאַלאַץ און צונעמען זיין בעלקע. די בית הילל זאָגן: ער באַרעכנט וויפיל די בעלקע איז ווערט געווען און באַצאָלט איר אייגנטימער, כדי בכלל צו פאַרלייכטערן די, וואָס ווילן תשובה טוען.

ער דרינגט אַריין, אַן דערלויבעניש, אין יענעמס חורבה און בויט זי אויף, און ביים אַרויסגיין וויל ער צוריק זיין בוי־מאַטעריאַל — באַקומט ער נישט. זאָגט רבן שמעון בן גמליאל, דאָס די בית שמאי האַלטן, אַז ער האָט יאָ רעכט דאָס צו פאָדערן, נאָר די בית הילל האַלטן אַז נישט.

די דאָזיקע צוויי דינים ווערן געברענגט, יעדערער באַזונדער, אויף פאַרשידענע שטעלן אין תלמוד, נאָר אין דער תוספתא ווערן זיי געברענגטביידע צוזאַמען.

אין ערשטן דין איז אַלץ נאָרמאַל: די בית שמאי, ווי עס איז זייער שטייגער, האַלטן: יקוב הדין את ההר! מיט גאָרנישט זיך רעכענען נאָר מיט דער גערעכטיקייט: ער האָט גע׳גזל׳ט אַ פרעמדע בעלקע און זי איינגעמויערט אין זיין פּאַלאַץ — קאָן יענער צעוואַרפן דעם פּאַלאַץ און זי צוריקנעמען. די בית הילל, ווי עס איז זייער שטייגער, גייען יאָ איין אויף פשרות: ער האָט דאָך זי שוין איינגעמויערט אין פּאַלאַץ, טאָ זאָל ער באַצאָלן איר ווערט און פטור.

דאָס איז נאָר ביים ערשטן דין, אָבער ביים צווייטן דין קאָן אויסזעען, אַז ביידע, אי די בית שמאי, אי די בית הילל, זענען אינגאַנצן נישט קאָנסעקווענט לגבי זייערע אייגנטלעכע שיטות: דאָ זענען גאָר די בית הילל בכל חומר הדין, אינגאַנצן שטרענג צום געזעץ: ער איז אָן דערלויבעניש אַריין אין יענעמס אייגנטום — זאָל ער אַרויס, אַזוי ווי עס איז דער פאָרמעלער דין. דאַגעגן אָבער די בית שמאי גייען יאָ איין לפנים משורת הדין: ער האָט טאַקע געהאַנדלט געגן געזעץ, דאָך זאָל ער מעגן פאַרלאַנגען צוריק דאָס מאַטעריאַל, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט.

נאָר לויט דער קאָנצעפּציע, וואָס איז דאָ אויבן געוואָרן אַנטוויקלט, זענען די בית שמאי יאָ קאָנסעקווענט: זיי זענען לטובת דעם אָרעמערן:

---

1. תוספתא, בבא קמא, י; כתובות, ח. בבא מציעא, קא, א.

אין דעם ערשטן פאַל, ביים איינמויערן אַ פרעמדע בעלקע, שטייט דאָך בפירוש: ובנאָה בבירה, ער האָט זי איינגעמויערט אין פּאַלאַץ — איז ער דאָך נישט קיין אָרעמאַן און מען דאַרפט נישט פאַר אים זוכן קיין ספּעציעלע פאַרלייכטערונגען. ער האָט גע׳גזל׳ט אַ בעלקע איינצו־מויערן ביי זיך אין פּאַלאַץ — מוז ער זי צוריקגעבן, אין רחמים בדין!

דאַגעגן אָבער אין דעם צווייטן פאַל, ווער ציט זיך דאָס אַריין אין אַ חורבה? — פאַרשטייט זיך, אַן אָרעמאַן. עס איז טאַקע נישטאָ קיין עצה און ער מוז פון דאָרטן אַרויס, אָבער עס איז אַ יושר, אַז מען זאָל אים, על כל פנים, באַצאָלן פאַר דעם בוי־מאַטעריאַל.

*

מי שחציו עבד וחציו בן חורין, עובד את רבו יום אחד ואת עצמו יום אחד. דברי בית הילל. אמרו להם בית שמאי: תקנתם את רבו ואת עצמו לא תקנתם. לישא שפחה — אינו יכול, בת חורין — אינו יכול; לבטל? — והלא לא נברא העולם אלא לפריה ורביה, שנאמר[1]: „לא תהו בראה, לשבת יצרה". אלא, מפני תקון העולם, כופין את רבו, ועושה אותו בן חורין, וכותב שטר על חצי דמיו. חזרו בית הילל להורות כבית שמאי[2].

עס איז פאַרהאַנדן אַמאָל אַ פּראָבלעם: חציו עבד וחציו בן חורין, אַ העלפט איז ער אַ קנעכט און אַ העלפט איז ער אַ פרייער מענטש. ער האָט, למשל, געהערט צו צוויי אייגנטימער און נאָר איינער פון זיי האָט אים באַפרייט.

אגב, דאַרפט מען געדענקען, אַז דער דאָזיקער פּראָבלעם איז גע־וואָרן באַהאַנדלט, דאַמאָלט, אינעם ערשטן יאָרהונדערט. עס איז אויך כדאי צוצוגעבן, אַז דאָ רעדט זיך וועגן אַן עבד כנעני, אַ קנעכט, אַ גוי, אַ געצנדינער.

זאָגן די בית הילל: אַ טאָג דינט ער זיין הער און אַ טאָג דינט ער זיך אַליין.

האָבן די בית שמאי געזאָגט צו די בית הילל: זיין הער האָט איר טאַקע פאַרזאָרגט, אָבער נישט אים אַליין. וואָס זאָל ער טוען? חתונה האָבן מיט אַ דינסט — קאָן ער נישט, מיט אַ פרייע — קאָן ער נישט.

1. ישעיהו, מה, יח.
2. משנה, עדיות, א, יג; גיטין, ד, ה.

זאָל ער בלייבן אַליין? איז עס דאָך געגן דער נאַטור, אַזוי ווי דער נביא זאָגט, אַז נישט צו זיין וויסט איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן. טאָ וואָס איז די עצה? — איז מפני תקון העולם, צווינגט מען דעם אייגנטימער, אַז ער זאָל אים באַפרייען און יענער שטעלט אים אויס אַ וועקסל אויף דער העלפט פון זיין ווערט.

דער הלכה דער בית הלל איינגעזען אין דער גערעכטיקייט פון די בית שמאי און האָבן זיך געלאָזט איבערצייגן.

אגב, קומט דאָ ביי די בית שמאי צום אויסדרוק דער אייביקער אמת, אַז פרייהייט איז נישט טיילבאַר; אַז אַ האַלבע פרייהייט — איז קיין פרייהייט נישט.

און נאָך עפּעס:

אייגנטלעך, וואָס הייסט, ער זאָל אויסשטעלן אַ וועקסל אויף דער העלפט פון זיין ווערט? פון וואַנעט וועט ער האָבן צו באַצאָלן? ער ווערט דאָך ערשט יעצט באַפרייט און ממילא פאַרמאָגט ער דאָך גאָר־נישט?!

קומט דאָ טאַקע אויך צום אויסדרוק, אַז אַ פרייער מענטש האָט שטענדיק די אויסזיכט צו קאָנען זיך אַרויפאַרבעטן.

*

לויט דעם תלמוד בבלי, האַלטן די בית הילל, אַז מען טאָר נישט ביים עסן זיך באַנוטצן מיט אַ באַדינער אַן עם הארץ, נאָר די בית שמאי האַלטן, אַז מען מעג יאָ:

בית הילל סברי: אָסור להשתמש בשמש עם האָרץ; ובית שמאי סברי: מותר להשתמש בשמש עם האָרץ[1].

* * *

אויך אין די מחלוקות צווישן די בית שמאי און די בית הילל, וואָס ווערן דאָ ווייטער געברענגט, זענען די בית שמאי לטובת העניים, צום גינסטן פון די אָרעמעלייט:

---

1. ברכות, נב, ב.

שמאי אומר: מקב לחלה; והילל אומר: מקביים[1].

*

מלבנות התבואה שבין הזיתים, בית שמאי אומרים: פאה מכל אחת ואחת; בית הילל אומרים: מאחת על הכל[2].

*

כרם רבע וכ"ו, בית שמאי אומרים: יש לו פרט ויש לו עוללות, והעניים פודין לעצמם; ובית הילל אומרים: כלו לגת[3].

*

וכמה הוא מרובה (שיהא מחויב בראשית הגז)? — בית שמאי אומרים: שתי רחלות, שנאמר[4]: „יחיה איש עגלת בקר ושתי צאן"; ובית הילל אומרים: חמש, שנאמר[5]: „וחמש צאן עשויות"[6].

*

בית שמאי אומרים: לא ימכור לו (למי שחשוד על שבי־עית) פרה חורשת, בשביעית; ובית הילל מתירין, מפני שהוא יכול לשחטה[7].

*

לא יאמר אדם לחברו: הלויני כור חטים ואני אתן לך לגורן, אבל אומר לו: הלויני עד שיבוא בני, או עד שאמצא מפתח; והילל אוסר. וכן היה הילל אומר: לא תלוה אשה ככר לחברתה עד שתעשנה דמים, שמא יוקרו חטים ונמצאו באות לידי רבית[8].

1. משנה, עדיות, א, ב.
2. משנה, פאה, ג, א.
3. משנה, פאה, ז, ו; מעשר שני, ה, ג.
4. ישעיהו, ז, כא.
5. שמואל א, כה, יח.
6. משנה, חולין, יא, ב. ספרי, דברים, פרשת שופטים, יח, ד.
7. משנה, שביעית, ה, ח.
8. משנה, בבא מציעא, ה, ט; תוספתא, ו, יד.

*

השולח יד בפקדון, בית שמאי אומרים: ילקה בחסר וביתר; ובית הילל אומרים: כשעת הוצאה. רבי עקיבא אומר: כשעת התביעה[1].

*

החושב לשלוח יד בפקדון — בית שמאי אומרים: חיב; ובית הילל אומרים: אינו חיב, עד שישלח בו יד, שנאמר[2]: „אם לא שלח ידו במלאכו רעהו"[3].

*

שני עמרים — שכחה, ושלשה — אינם שכחה. שני צבורי זיתים והרובים — שכחה, ושלשה — אינם שכחה. שני חצני פשתן — שכחה, ושלשה — אינם שכחה. שני גרגרים — פרט, ושלשה — אינם פרט, שני שבלים — לקט, ושלשה — אינם לקט. אלו כדברי בית הילל; ועל כולם, בית שמאי אומרים: שלשה — לעניים, וארבעה לבעל הבית[4].

* * *

בכלל זענען פאַרהאַנדן זער ווייניג כללים, וואָס זאָלן נישט האָבן קיין שום אויסנאַמען, זענען אויך דאָ פאַרהאַנדן צוויי אויסנאַמען, ווייל עס גייט אין דער פסיכאָלאָגישער אויסטייטשונג פון דעם אייגנטימערס האַנדלונג, וואָס דערפון איז אָפּהענגיק, צי עס איז יאָ שכחה, צי נישט:

כל עמרי השדה של קב קב, ואחד — של ארבעה קבים, ושכחו, בית שמאי אומרים: אינו שכחה; ובית הילל אומרים: שכחה[5].

---

1. משנה, בבא מציעא, ג, יב.
2. שמות, פרשת משפטים, כב, ז.
3. משנה, בבא מציעא, מכילתא, פרשת משפטים, כב, ז.
4. משנה, פאה, ו, ח.
5. משנה, פאה, ו, א.

העומר שהוא סמוך לגפה ולגדיש ולבקר ולכלים, ושכחו — בית שמאי אומרים: אינו שכחה; ובית הילל אומרים: שכחה [1].

* * *

עס וואָלט געווען אַ שאָד אַדורכצולאָזן די באַקאַנטע משנה, וואָס די משכילים האָבן וועגן איר גערעדט מיט ביטול און לצנות:

ביצה שנולדה ביום־טוב — בית שמאי אומרים: תאָכל. ובית הילל אומרים: לא תאָכל [2].

אַן איי, וואָס אַן עוף האָט געלייגט אום יום־טוב, זאָגן די בית שמאי, אַז מען מעג עס באַלד עסן און די בית הילל זאָגן, אַז נישט, נאָר ערשט נאָך יום־טוב.

די קלוגע משכילים האָבן נישט פאַרשטאַנען, אַז ביי אַ ייד אַן אָרעמאַן קאָן אַמאָל זיין אַ פאַרלייכטערונג צו מעגן עסן אַ פריש איי, יום־טוב, ווען עס איז זער באַגרענעצט דאָס באַקומען פרישע שפייזן.

## בית שמאי לטובת דער פרוי

געטריי צו זייערער שיטה: צו שטיצן די אָרעמערע און שוואַכערע, זענען די בית שמאי אין אַלע זייערע פלוגתות און מחלוקות מיט די בית הילל וועגן מאַן און פרוי — שטענדיק לטובת דער פרוי:

בית שמאי אומרים: לא יגרש אָדם את אשתו, אלא אם כן מצא בה דבר ערוה, שנאמר [3]: „כי מצא בה ערות דבר"; ובית הילל אומרים: אפילו הקדיחה תבשילו, שנאמר: „כי מצא בה ערות דבר" [4].

1. משנה, פאה, ו, ב.
2. משנה ריש ביצה.
3. דברים, פרשת כי תצא, כד, א.
4. משנה, סוף גיטין.

די בית שמאי זאָגן: מען טאָר נישט פאַרטרייבן די פרוי, אויסער מען האָט ביי איר אַנטדעקט אַ זינד פון פּאַראַט; און די בית הילל זאָגן: אַפילו ווען זי האָט נאָר געלאָזט אַנברענען דאָס געקעכטס.

*

אויך אין אַלע אַנדערע פלוגתות צווישן די בית שמאי מיט די בית הילל וועגן מאַן און פרוי — זענען שטענדיק די בית שמאי לטובת דער פרוי:

בית שמאי מתירין הצרות לאחים; ובית הילל אוסרים [1].

עס איז אינטערעסאַנט, דאָס ווען עס האָט זיך געטראָפן אַזאַ פאַל ביי דעם נשיא, רבן גמליאל אַליין, האָט ער, אין אַזאַ האַרבן ענין, זיך געפירט ווי די בית שמאי:

מעשה בבתו של רבן גמליאל שהיתה נשואה לאבא אחיו ומת בלא בנים, וייבם רבן גמליאל את צרתה [2].

*

ארבעה אחין, שנים מהן נשואים שתי אחיות, ומתו הנשו־אים את האחיות — הרי אלו חולצות ולא מתיבמות. ואם קדמו וכנסו — יוציאו. רבי אליעזר אומר: בית שמאי אומרים: יקימו; ובית הילל אומרים: יוציאו [3].

*

שלשה אחין, שנים מהם נשואים שתי אחיות, ואחד מופנה. מת אחד מבעלי אחיות, ועשה בה מופנה מאמר ואחר כך מת אחיו השני, בית שמאי אומרים: אשתו עמו, והלז תצא משום אחות אשתו; ובית הילל אומרים: מוציא את אשתו בגט ובחליצה, ואשת אחיו, בחליצה. זו היא שאמרו: אוי לו על אשתו ואוי לו על אשת אחיו [4].

1. משנה, יבמות, א, ד.
2. יבמות, דף טו, א.
3. משנה, יבמות, ג, א.
4. משנה, יבמות, ג, ה.

*

פוטר אָדם את אשתו בגט ישן; ובית הילל אוסרים. ואיזהו גט ישן? — כל שנתיחד עמה אחר שכתבו לה[1].

*

המגרש את אשתו ולנה עמו בפונדקי, בית שמאי אומרים: אינה צריכה הימנו גט שני; ובית הילל אומרים: צריכה הימנה גט שני[2].

*

המדיר את אשתו מת' המ', בית שמאי אומרים: שתי שבתות, כלידת נקבה; ובית הילל אומרים: שבת אחת, כלידת זכר וכימי נדתה. יותר על כן, יוציא ויתן כתובה[3].

*

הנותן רשות לשלשה לקדש לו את האשה, רבי נתן אומר: בית שמאי אומרים: יכולים שנים לעשות עדים, ואחד — שליח; ובית הילל אומרים: שלשתן שליחים ואינן יכולין להעד[4].

*

האשה שנפלה לה נכסים עד שלא תתארס, מודים בית שמאי ובית הילל שמוכרת ונותנת וקים. נפלו לה משנתארסה, בית שמאי אומרים: תמכור; ובית הילל אומרים: לא תמכור[5].

*

---

1. משנה, גיטין, ח, ד. תוספתא, עדיות, ב, ד.
2. משנה, גיטין, ח, ט.
3. תוספתא, עדיות, ב. משנה, כתובות, ה, ו.
4. תוספתא, קידושין, ד; בבלי, מג, א.
5. משנה, כתובות, ח, א.

מתו בעליהן עד שלא שתו, בית שמאי אומרים: נוטלות כתובה ולא שותות; ובית הילל אומרים: לא שותות ולא נוטלות כתובה[1].

*

שמע אָביה והפר לה ולא הספיק הבעל לשמוע עד שמת, חוזר האָב ומפר חלקו של בעל. אָמר רבי נתן: הן הן דברי בית שמאי; ובית הילל אומרים: אין יכול להפר[2].

*

נדרה מלהניק את בנה, בית שמאי אומרים: שומטת את דדיה; ובית הילל אומרים: כופה אותה להניק[3].

*

אין די ווייטערדיקע פלוגתות האָבן די בית הילל זיך געלאָזט אײַבערצייגן אין דער גערעכטיקייט פון דער מיינונג פון די בית שמאי, לטובת דער פרוי:

אלו דברים שחזרו בית הילל להורות כדברי בית שמאי: האשה שבאה ממדינת הים ואמרה: „מת בעלי" — תנשא, „מת בעלי" — תתיבם; ובית הילל אומרים: לא שמענו אלא בבאה מן הקציר — בלבד. אמרו להם בית שמאי: אחת הבאה מן הקציר, ואחת הבאה מן הזיתים, ואחת הבאה ממדינת הים; לא דברו בקציר, אלא בהוה. חזרו בית הילל להורות כבית שמאי.

*

בית שמאי אומרים: תנשא ותטול כתובתה; ובית הילל אומרים: תנשא, ולא תטול כתובתה. אמרו להם בית שמאי:

1 משנה, סוטה, ד, ב.
2. נדרים, סט, א; תוספתא, ו.
3. תוספתא, כתובות, ה; ירושלמי, ה; בבלי, נט, ב.

התרתם את הערוה החמורה, לא תתירו את הממון הקל?!
וכ"ו. חזרו בית הילל להורות כדברי בית שמאי [1].

*

בית שמאי עבדין כתובה מדרש, דבית שמאי דרשי מספר
כתובה נלמד שהוא כותב לה, שאם תנשאי לאחר, תטלי מה
שכתוב ליכי, חזרו בית הילל להורות כדברי בית שמאי [2].

* * *

אין אַלע פלוגתות מיט בית הילל, איז בית שמאי לטובת דער פרוי,
אויסער ווען עס האַנדלט זיך וועגן כהנים און אויך וועגן קדשים:

הנותן גט לאשתו ולא שהדו, בית שמאי אומרים: פסלה
מן הכהונה [3].

*

כתב לגרש את אשתו ונמלך, בית שמאי אומרים: פסלה
מן הכהונה; ובית הילל אומרים: אף על פי שנתנו לה
על תנאי ולא נעשה התנאי, לא פסלה מן הכהונה [4].

*

המסלדת בבנה, בית שמאי פוסלין; ובית הילל מכשירין.
שתי נשים שהיו מסלדות זו את זו, בית שמאי פוסלין; ובית
הילל מכשירין [5].

*

1. משנה, עדיות, א, יב; יבמות, טו, ב—ג. תוספתא, עדיות, א, ו.
2. ירושלמי, כתובות, ד, ח.
3. תוספתא, גיטין, ח.
4. משנה, גיטין, ח, ח.
5. ירושלמי, גיטין, ח, ח. תוספתא, סוטה, ה. סנהדרין, סט, ב.

בשר בכור, בית שמאי אומרים: אין מאכילין אותו לנדות; ובית הילל אומרים: מאכילין אותו לנדות[1].

* * *

ביי די יונגע מיידלעך, וואָס זייערע פאַמיליע מאַכט זיי חתונה אַפילו געגן זייער ווילן, זענען די בית שמאי מחמיר און דערקלערן בפירוש דעם מאָטיוו:

אָמרו להן בית שמאי: אין בנות ישראל הפקר!

האָבן די בית שמאי צו זיי (צו די בית הילל) געזאָגט: יידישע טעכ־טער זענען נישט הפקר![2]

* * *

עס איז אַוודאי זער כאַראַקטעריסטיש די פלוגתא צווישן בית שמאי און בית הילל וועגן דעם מינימום, וואָס עס מוז ווערט זיין די קידושין, וואָס דער מאַן איז דערמיט מקדש די פרוי:

בכסף, בית שמאי אומרים: בדינר, ובשוה דינר; ובית הילל אומרים: בפרוטה, ובשוה פרוטה[3].

די בית שמאי זאָגן, אַז מקדש זיין אַ פרוי קאָן מען, מינדעסטנס, מיט אַ גילדן, אָדער מיט דער ווערט פון אַ גילדן. די בית הילל זאָגן, אַז עס איז גענוג מיט אַ פרוטה, אָדער מיט דער ווערט פון אַ פרוטה.

אַ פרוטה איז די קלענסטע מטבע. אַ דינר, אַ גילדן, האָט די ווערט פון אַ צוויי הונדערט פרוטות.

*

איז אפשר כדאי דאָ צו באַהאַנדלען אַביסל אויספירלעכער דעם אייגנטלעכן זין פון דער דאָזיקער פלוגתא.

עס איז אַלע גוט באַקאַנט, ווי שטרענג עס ווערט ביי יידן אָפּגע־

1. תוספתא, בכורות, ג.
2. משנה, יבמות, יג, א.
3. משנה, ריש קידושין.

היטן טהרת משפחה, דאָס ריינע און ערלעכע צוזאַמענלעבן צווישן מאַן און פרוי, און וואָס עס באַדייט אשת־איש, אַ פאַרהייראַטע פרוי.

איז דער דין אַז אַזוי ווי אַ מאַן איז מקדש אַ פרוי מיט געלט אָדער מיט עפּעס אַ ווערט־זאַך ווערט זי זאַפאַרט אַן אשת איש. שטעלט זיך באַלד, ממילא, די פראַגע: ווי גרויס דאַרפט זיין די סומע געלט אָדער דער ווערט פון דער זאַך, אַז די קידושין זאָלן זיין גילטיק.

פאַרשטייט זיך, אַז ביים באַשטימען דעם מינימום ווערט גענומען אין באַטראַכט אויך דער אָרעמסטער קלאַס צווישן דער באַפעלקערונג, ווייל די באַשטימונג מוז דאָך זיין איינהייטלעך פאַר אַלע.

איז דאָס דאָך בכלל אַ זער שווער און גאָר האַרבער פּראָבלעם, ווייל אויב עס זאָל ווערן באַשטימט אַזאַ מינימום וועט דאָך אויסקומען, אַז אויב מען איז מקדש מיט אַ קלענערער סומע אָדער מיט אַ זאַך, וואָס האָט אַ קלענערן ווערט — זאָלן טאַקע די קידושין נישט זיין גילטיק און די פרוי איז ממילא נישט קיין אשת־איש און מעג חתונה האָבן מיט אַן אַנדערן מאַן.

איז דאַריבער גאַנץ פאַרשטענדלעך די שטעלונג פון די בית הילל, אַז דער מינימאַלסטער ווערט און די קלענסטע מטבע וואָס עגזיסטירט, אַפילו אַ פּרוטה, איז שוין גענוג, אַז די קידושין זאָלן זיין גילטיק.

דאַגעגן אָבער די בית שמאי, אַז זיי האָבן יאָ באַשטימט אַ מינימום, אַ דינר, האָט דאָך זיי, זיכער, געמוזט באַוועגן דערצו עפּעס אַ גאָר וויכטיקער מאָטיוו. טאָ וואָס איז ער, דער דאָזיקער אַזוי וויכטיקער מאָטיוו?

אויף דער דאָזיקער פראַגע גיט אַן ענטפער דער גרויסער תלמודישער אויטאָריטעט, רבא. ער דערקלערט בפירוש, אַז דער מאָטיוו פון די בית שמאי איז, דאָס וועלן אַקצענטירן די ווערטיקייט פון דער פרוי:

רבא אָמר: היינו טעמא דבית שמאי: שלא יהו בנות ישראל כהפקר[1]!

רבא האָט געזאָגט: דער מאָטיוו פון די בית שמאי איז, אַז די יידישע טעכטער זאָלן נישט זיין אַזוי ווי הפקר!

1. קידושין, יב, א.

# דער גרים־פּראָבלעם ביי הילל און שמאי

עס זענען פאַרהאַנדן, אַזוי אַלגעמיינע און אַזוי אויך ספּעציעל־יידי־שע, אייביקע פּראָבלעמען. איינער אַזאַ אייביקער יידישער פּראָבלעם איז, בלי שום ספק, דער ענין גרים. עס איז איינע צווישן די אומצאָליקע וווּנדערלעכע דערשיינונגען אין דער יידישער געשיכטע.

ביי די אַלע צרות צרורות, וואָס דאָס יידישע פאָלק שטייט כמעט שטענדיק אויס, האָט דאָך דאָס יידישקייט אַ רייץ און אַ צוציאונגס־קראַפט פאַר פיל אידעלע גויאישע רעליגיעזע מענטשן, עגזאַלטירטע נאַטורן, וואָס גאַרן נאָך דעם אמת, אָדער ווי מען פלעגט זיך אויסדריקן: וואָס זוכן גאָט.

עס איז אַ זער אינטערעסאַנטע און גאָר באַלערנדיקע געשיכטע, וואָס וואַרט אויף דעם גרויסן היסטאָריקער, וואָס זאָל ברייט אויפוויקלען די גרויסע מגילה פון מסירת נפש, וואָס אידעלע גוים, מענער און פרויען, האָבן אין פאַרשידענע צייטן אַרויסגעוויזן ביים וועלן אָננעמען די יידישע רעליגיע.

טראָץ די אַלע שיינע מענטשלעכע אייגנשאַפטן און די, בלי שום ספק, גוטע און ריינע כוונות, וואָס זענען געגנוג אָפט געקומען צום אויסדרוק, סיי ביי די פאַקטישע, סיי ביי די פּאָטענציאַנעלע גרים — קאָן מען דאָך, נאָך דער צוויי טויזנט־יעריקער דערפאַרונג, נישט קאָנסטאַטירן, צי דאָס האָט נישט געהאַט געברענגט פאַרן יידישן פאָלק, מער שאָדן ווי נוצן.

זענען טאַקע אין אַלע צייטן פאַרהאַנדן שטאַרקע חילוקי דעות און זער ערנסטע מיינונגס־פאַרשידנקייטן ביי די יידישע געלערטע און פאַר־אַנטוואָרטלעכע פירער, צי גרים זענען געווונטשן פאַר די אינטערעסן פון יידישן פאָלק, אָדער נישט.

דער דאָזיקער זער ערנסטער און גאָר וויכטיקער פּראָבלעם האָט אויך פאַרנומען אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע אין די חילוקי דעות צווישן די בית שמאי און בית הילל.

אַזוי ווי אַלע זייערע פלוגתות, איז אַזוי אויך די דאָזיקע פלוגתא וועגן גרים, נישט געהאַט געווען נאָר אַן אַקאַדעמישער וויכוח, נאָר, דער עיקר, אַן אַקטועלער פּראָבלעם.

נישט דאָ איז דאָס אָרט צו אַנטוויקלען ברייטער דעם דאָזיקן ענין, וואָס די בית הילל זענען די באַגייסטערטע אָנהענגער פון אויפנעמען וואָס מער גרים און די בית שמאי, דאַגעגן, זענען גאָרנישט אַזוי אַנטציקט דערפון.

דער תלמוד בבלי ברענגט עטלעכע דראַסטישע ביישפּילן, ווי ווייט

הילל האָט אַלץ געזאָלט איינגיין אויף אַלע מינים פשרות, אויף פאַרשיי־דענע גאָר ווייטגייענדיקע קאָמפּראָמיסן כדי צוציען גרים:

תנו רבנן. מעשה בנכרי אחד שבא לפני שמאי. אמר לו: כמה תורות יש לכם? אמר לו: שתים, תורה שבכתב ותורה שבעל פה. אמר לו: שבכתב — אני מאמינך, ושבעל פה — איני מאמינך, גיירני על מנת שתלמדני תורה שבכתב. גער בו והוציאו בנזיפה. בא לפני הילל, גייריה. יומא קמא אמר לו: אלף בית גימל דלת. למחר, אפיך ליה. אמר לו: והא אתמול לא אמרת לי הכי. אמר לו: לאו עלי דידי קא סמכת?! דעל פה נמי סמוך עלי[1].

די חכמים האָבן געלערנט: עס האָט פּאַסירט מיט אַ גוי, וואָס איז געקומען צו שמאי און אים געפרעגט: וויפיל תורות האָט איר? האָט ער אים געענטפערט: צוויי, תורה שבכתב און תורה שבעל פה. האָט ער אים געזאָגט: די תורה שבכתב, גלייב איך דיר, אָבער נישט די תורה שבעל פה; זיי מיך מגייר, אַז דו זאָלסט מיט מיר לערנען די תורה שבכתב. האָט שמאי אים אָנגעשריגן און אים אַוועקגעשיקט. איז ער געקומען צו הילל׳ן, האָט ער אים יאָ מגייר געווען. דעם ערשטן טאָג האָט ער אים געזאָגט: אלף בית גימל דלת. צומאָרגנס האָט ער אים געזאָגט פאַרקערט. האָט אים דער גר געפרעגט: נעכטן האָסטו דאָך מיר נישט אַזוי געזאָגט! האָט אים הילל געענטפערט: דאַרפסטו דען נישט צו פאַרלאָזן זיך אויף מיר?! טאָ וועגן תורה שבעל פה, פאַרלאָז זיך אויך אויף מיר!

אייגנטלעך איז דאָס בכלל נישט צו פאַרשטיין און אינגאַנצן גאָר־נישט משיג צו זיין, דאָס דאַמאָלט אין יענע צייטן, ווען די פּרושים האָבן געפירט אַ פאַרביטערטן קאַמף געגן די צדוקים, וואָס האָבן נישט אָנער־קענט די תורה שבעל פה — זאָל דאַמאָלט הילל אויפנעמען אַ גר, וואָס באַלד לכתחילה דערקלערט ער קלאָר און אָפן, אַז ער גלייבט גאָרנישט און אָנערקענט אינגאַנצן נישט די תורה שבעל פה. בכן, הילל האָט זיך פאַרלאָזט אויף דעם גוי׳ס יושר און אויף זיין שכל הישר, אַז סוף כל סוף וועט ער טוען די גרויסע טובה און ענדלעך יאָ אָנערקענען די תורה שבעל פה.

*

1. שבת, לא, א.

אַזוי ווערט אויך דערציילט אויף דער זעלבער שטעלע, אין תלמוד בבלי, נאָך אַזאַ ענלעכע מעשה וועגן אַ גר, וואָס איז אויך נישט צו פאַרשטיין:

שוב מעשה בנכרי אחד שבא לפני שמאי. אָמר לו: גיירני על מנת שתלמדני כל התורה כולה על רגל אַחת. דחפו באַמת הבנין שבידו. בא לפני הילל, גייריה. אָמר לו: **דעלך סני — לחברך לא תעביד!** זו היא כל התורה כולה, ואידך פירושא הוא, זיל גמור!

עס האָט ווידער פאַסירט אַזאַ מעשה מיט אַ גוי, וואָס איז געהאַט געקומען צו שמאי'ן און האָט אים געזאָגט: זיי מיך מגייר אויף דעם באַדינג, אַז דו זאָלסט מיך אויסלערנען די גאַנצע תורה אויף איין פוס. האָט ער אים אָוועקגעשטופט מיט דער מוירער־מאָס, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט. איז ער געקומען צו הילל'ן, האָט ער אים יאָ מגייר געווען און האָט אים געזאָגט: וואָס דו האָסט פיינט פאַר דיר, זאָלסט דו נישט טוען יענעם! דאָס איז די גאַנצע תורה און דאָס איבריקע איז צו דעם אַ פירוש, אַ קאָמענטאַר, גיי לערנען!

די צווייטע מעשה איז נאָך שווערער צו פאַרשטיין ווי די ערשטע: איז טאַקע די דאָזיקע, אַז און פאַר זיך גאַנץ גוטע און עטישע לערע— די גאַנצע תורה?!

* * *

די דאָזיקע לערע: וואָס דו האָסט פיינד פאַר דיר, זאָלסט דו נישט טוען יענעם! ווערט געברענגט צוויי מאָל אין דער תלמודישער ליטע־ראַטור. איין מאָל, אין נאָמען פון הילל הזקן, און איין מאָל, אין נאָמען פון רבי עקיבא.

אין נאָמען פון הילל הזקן ווערט עס געברענגט אין תלמוד בבלי, אין מסכת שבת, דער מאמר וואָס איז דאָ ערשט געוואָרן ציטירט.

אין נאָמען פון רבי עקיבא ווערט די דאָזיקע לערע געברענגט אין אָבות דרבי נתן:

מעשה באחד שבא לרבי עקיבא. אָמר לו: רבי, למדני כל התורה כולה כאחת. אָמר לו: בני, אם משה רבינו עליו השלום שעשה בהר אַרבעים יום ואַרבעים לילה עד

שלא למדה, ואתה אומר: למדני כל התורה כולה כאחת?! אלא בני, הוא כללה של תורה: מה דאת סני לגרמך, לחברך לא תעביד![1]

עס איז אַמאָל עמעצער געקומען צו רבי עקיבא און געזאָגט: רבי, לערן מיך אויס די גאַנצע תורה מיט אַ מאָל! האָט אים רבי עקיבא געזאָגט: מיין קינד, אפילו משה רבינו האָט דאָך געמוזט פאַרברענגען אויף דעם באַרג סיני פערציק טעג און פערציק נעכט, זאָגסט דו מיר: לערן מיך אויס די גאַנצע תורה מיט אַ מאָל?! נאָר, מיין קינד, דער פּרינציפּ פון דער תורה איז: וואָס דו האָסט פיינט פאַר דיר, זאָלסט דו נישט טוען יענעם!

אין צווייטן באַנד וועט אפשר ווערן באַהאַנדלט די פראַגע: וועלכע פון די דאָזיקע צוויי קוועלן איז מער אויטענטיש.

דאָ זאָל נאָר דערווייל ווערן באַמערקט, דאָס רבי עקיבא זאָגט נישט: דאָס איז די גאַנצע תורה, זו היא כל התורה. רבי עקיבא זאָגט: הוא כללה של תורה, דאָס איז אַ כלל, אַ פּרינציפּ, אין דער תורה, וואָס שטימט טאַקע מיט אַן אַנדערן מאמר פון רבי עקיבא:

*

„ואהבת לרעך כמוך"[2] — זה כלל גדול בתורה![3]

"דו זאָלסט ליב האָבן דיין חבר אַזוי ווי זיך אַליין" — דאָס איז אַ וויכטיקער פּרינציפּ אין דער תורה.

*

אויף דער זעלבער שטעלע אין תלמוד בבלי, אויף דעם זעלבן עמוד אין דער גמרא, ווערט נאָך דערציילט אַזאַ דריטע ענלעכע מעשה מיט אַ דריטן גר:

עס איז געקומען אַ גוי צו שמאי'ן און געזאָגט: זיי מיך מגייר, מיט דעם באַדינג אַז דו זאָלסט מיך מאַכן פאַר כהן גדול. האָט ער אים אַוועקגעשטופּט מיט דער מוירער־מאָס, וואָס ער האָט געהאַט אין דער האַנט. איז דער גוי געגאַנגען צו הילל'ן, האָט ער אים יאָ מגייר

1. אבות דרבי נתן, נו"ב, כו.
2. ויקרא, פרשת קדושים, יט, יח.
3. ירושלמי, נדרים, ט, ד.

געווען און ווען דער גר איז צוגעקומען צו די דינים וועגן כהן גדול, האָט ער אַליין זיך איבערצייגט, דאָס עס איז בכלל נישט מעגלעך, דאָס אַ גר זאָל אַמאָל ווערן כהן גדול.

ווערט דאָרטן צוגעגעבן, ווי דער דאָזיקער גר איז שפּעטער געקומען צו הילל׳ן און אים געזאָגט:

ענוותן הילל, ינוחו לך ברכות על ראשך, שהקרבתני תחת כנפי השכינה!

געדולדיקער הילל, עס זאָלן רוען ברכות אויף דיין קאָפּ, וואָס דו האָסט מיך דערנענטערט אונטער די פליגלען פון דער שכינה!

ווערט דאָרטן נאָך צוגעגעבן:

לימים נזדווגו שלשתן למקום אחד, אמרו: קפדנותו של שמאי בקשה לטורדנו מן העולם; ענוותנותו של הילל קרבנו תחת כנפי השכינה.

אין אַ צייט אַרום האָבן די דאָזיקע אַלע דריי גרים זיך צוזאַמענגעטראָפן אויף אַן אָרט, האָבן זיי געזאָגט: שמאי׳ס שטרענגקייט האָט אונז שיער נישט פאַרשטויסן פון דער וועלט; נאָר הילל׳ס געדולד האָט אונז דערנענטערט אונטער די פליגלען פון דער שכינה.

וועגן דעם דריטן גר ווערט דערציילט, אַז ער האָט געבוירן צוויי זין, האָט ער איינעם אַ נאָמען געגעבן: הילל און דעם אַנדערן: גמליאל. האָט מען זיי גערופן: "הילל׳ס גרים"[1].

נישט דאָ, איז דאָס אָרט צו באַהאַנדלען די פראַגע, צי שמאי איז טאַקע באַגאַנגען אַזאַ עוולה, וואָס ער האָט פאַריאָגט די דאָזיקע דריי טיפּן. יעדנפאַלס קומט דאָ בולט צום אויסדרוק די שטאַרקע שטרעבונג פון הילל׳ן אויפצונעמען וואָס מער גרים.

*

אין דער הלכה וועגן גרים זענען, פאַרשטייט זיך, בית שמאי לחומרא און בית הילל — לקולא. למשל:

גר שנתגייר כשהוא מהול, בית שמאי אומרים: צריך להטיף

1. אבות דרבי נתן, נו״א, טו.

ממנו דם ברית; ובית הילל אומרים: אין צריך להטיף ממנו דם ברית[1].

אַ גר, וואָס האָט זיך מגייר געווען, ווען ער איז שוין געהאַט געווען גע׳מל׳עט, זאָגן די בית שמאי, אַז מען דאַרפט לאָזן אָפּפליסן אַ טראָפּן בלוט, דם ברית. די בית הילל זאָגן, אַז מען דאַרפט נישט.

## די באַציאונג צום גר

קומט מען צו, צו אַ זער כאַראַקטעריסטישער דערשיינונג, וואָס באַשטעטיגט אַן איבריק מאָל, ווי קאָנסעקוועגט און אויסגעהאַלטן עס זענען, אי די בית שמאי, אי די בית הילל, אין זייערע אַלע פּלוגתות און מחלוקות.

עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך און זער נאַטירלעך, אַז בנוגע גרים זאָלן די בית שמאי זיין לחומרא און די בית הילל לקולא און אַזוי איז עס טאַקע געווען. אָבער במה דברים אמורים? ווען איז דאָס אַלץ געזאָגט געוואָרן? — פריער, איידער דער גר האָט זיך מגייר געווען, אָבער באַלד דערנאָך ווי ער האָט זיך מגייר געווען, איז שוין פּונקט פאַרקערט: דאַמאָלט זענען שוין די בית שמאי לקולא און די בית הילל לחומרא.

וואָס איז דער טעם? וועלכעס איז דער מאָטיוו דערפון? — גאָר פּשוט: פריער, ווען עס איז געהאַט געווען די פראַגע וועגן ווערן אַ ייד, האָבן די בית הילל אים געמאַכט אַלע פאַרלייכטערונגען דערצו, און די בית שמאי האָבן אים באַשווערט. מיט דעם מאָמענט אָבער, ווען ער איז שוין געוואָרן אַ ייד — מאַכן אים די בית שמאי פאַרלייכטערונגען, ווייל איז דען נאָך פאַראַנדן אַן אָרעמערער ייד ווי אַ גר?!

גר שנתגייר בערב פסח, בית שמאי אומרים: טובל ואוכל את פסחו לערב; ובית הילל אומרים: הפורש מן הערלה — כפורש מן הקבר[2].

אַ גר, וואָס האָט זיך מגייר געווען ערב פסח, זאָגן די בית שמאי: זאָל ער זיך טובל זיין, און אין אָוונט עסן דעם קרבן פסח. די בית הילל

1. שבת, קלה, א. ספרא, פרשת תזריע, יב, ג. תוספתא, טו; ירושלמי, יט.
2. משנה, פסחים, ח, ח; עדיות, ה, ב.

זאָגן: דער וואָס פאַרלאָזט די ערלה איז פונקט אַזוי ווי דער וואָס פאַר־לאָזט דאָס קבר. דאָס הייסט, אַז ער מוז נאָך פריער אַדורכגיין אַ לענגער־דויערנדיקע רייניגונג, אַזוי ווי ער וואָלט געווען טמא פון אַ מת.

אין יענע יאָרן, בימי הבית, ווען עס האָט נאָך געהאַט עגזיסטירט דאָס בית המקדש, איז פסח געהאַט געווען דער גרויסער פייערלעכער יום־טוב אין ירושלים, און אין דער ערשטער נאַכט פסח איז דאָס עסן דעם קרבן־פסח געווען זער פייערלעך.

עס איז גאָרנישט שווער זיך פאָרצושטעלן, וואָס פאַר אַ באַדייטונג עס האָט געהאַט פאַר אַ פרישן גר, דאָס באַטייליגן זיך אין דער דאָזיקער פייערלעכקייט. שוין בלויז דער פאַקט אַליין, אַז ער מעג עסן דעם קרבן פסח, איז שוין געווען די בעסטע באַשטעטיגונג, אַז ער איז שוין אַ פול־שטענדיקער ייד; דאָס איז דאָך געהאַט געווען פאַר אים אַ גרויס גליק, וואָס ער האָט דאָך געשטרעבט דערצו.

די בית שמאי, וואָס שטענדיק זענען זיי מחמיר בנוגע טומאה וטהרה און גאָר ספּעציעל ביי די דינים, וואָס האָבן אַ שייכות צו די ענינים פון בית המקדש — האָבן דווקא זיי, די דאָזיקע בית שמאי, גע־האַט איינזעעניש פאַר דעם אָרעמען גר, וואָס איז ערשט אָקערשט געוואָרן אַ ייד, און אים יאָ מתיר געווען דעם קרבן פסח, און זאָל ער האָבן אַ פריי־לעכן יום־טוב.

*

עס איז דאָ כדאי צו מאַכן אַן אַלגעמיינע באַמערקונג:

אַז מען זאָגט, למשל, דאָס די בית שמאי זענען שטענדיק מקיל לטובת די שוואַכערע און אָרעמערע, הייסט דאָס נישט, אַז די בית הילל זאָלן האָבן געהאַט וועלכע עס איז ספּעציעלע טענדענצן געגן די אינטע־רעסן פון די אָרעמע־לייט.

מען דאַרפט געהעריק פאַרשטיין און גוט אויפפאַסן, וואָס איז, אייגנט־לעך, בכלל, דער זין פון די מחלוקות צווישן די חכמים; אַזוי צווישן בית שמאי און בית הילל און אַזוי אויך שפּעטער אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט אין משך פון זעקס הונדערט יאָר, בימי המשנה והתלמוד, אין די אַלע מחלוקות צווישן די תנאים און אַזוי אויך שפּעטער צווישן די אמוראים.

ווען די חכמים באַטראַכטן אַ דין, נעמען זיי אין אַכט אַלע מינים מאָטיוון און אַלע רעזולטאַטן, וואָס קאָנען דערפון אַרויסקומען. טרעפט זיך זער אָפט, דאָס עס זענען פאַרהאַנדן פאַרשידענע מאָטיוון, וואָס זענען

געגנגעזעצט צווישן זיך און מען דאַרפֿט אַנטשיידן: וועלכע פֿון זיי זענען די וויכטיקע, די וועזנטלעכע און די דעציזירנדיקע, וואָס דאַרפֿן האָבן די בכורה, דעם פּרימאַט, דעם פֿאָרצוג, און מכריע זיין ביים פֿעסט־שטעלן דעם דין.

אין אַזעלכע פֿאַלן קומען אָפּט פֿאָר מחלוקות צווישן די חכמים, וואָס, געוויינלעך, האָבן זיי נישט שטענדיק די זעלבע מיינונגען און אַוודאי נישט די זעלבע נייגונגען, וואָס ווירקן, ממילא, אויף דעם באַשלוס.

ווען מען זאָגט, אַז די בית שמאי זענען שטענדיק מקיל לטובת די אָרעמערע און שוואַכערע, הייסט דאָס, אַז אין אַלע מחלוקות, ווו עס האַנדלט זיך וועגן אָרעמע, איז שטענדיק, געגן אַלע אַנדערע מאָטיוון, מכריע ביי די בית שמאי — די טובה פֿאַר די אָרעמע.

אין דעם פֿאַל, למשל, ביי דעם גר, וואָס האָט זיך מגייר געווען ערב פּסח, איז אַוודאַי דער פֿאָרמעלער דין ביי די בית הילל. אָבער די בית שמאי, וואָס הגם זיי זענען געוויינלעך מקפּיד און מחמיר פֿיל מער ווי די בית הילל — זענען זיי אָבער דאָ יאָ מקיל, כדי דער אָרעמער גר זאָל האָבן אַ פֿריילעכן יום־טוב, און אַ כשר'ן פּסח.

# געמיטלעכע דיסקוסיעס

## **אָפּטימיזם און פּעסימיזם**

### לוינט זיך געבוירן צו ווערן אָדער נישט?

תנו רבנן: שתי שנים ומחצה נחלקו בית שמאי ובית הילל.
הללו אומרים: נוח לו לאָדם שלא נברא — יותר משנברא;
והללו אומרים: נוח לו לאָדם שנברא — יותר משלא נברא.
נמנו וגמרו: נוח לו לאָדם שלא נברא — יותר משנברא.
עכשיו שנברא — יפשפש במעשיו![1]

די חכמים האָבן איבערגעגעבן: צוויי און אַ האַלב יאָר האָבן זיך געשפּאַרט די בית שמאי מיט די בית הילל. זיי זאָגן, אַז עס וואָלט בעסער געווען פֿאַרן מענטש, אינגאַנצן נישט געבוירן צו ווערן, און זיי זאָגן, אַז עס איז יאָ בעסער געבוירן צו ווערן.

1. עירובין, יג, ב.

אַז מען נעמט אין באַטראַכט, אין וואָס פאַר אַ קריטישער עפּאָכע עס איז פאָרגעקומען די דאָזיקע דיסקוסיע, איז אַ וווּנדער ווי אַזוי די אָפּטימיסטישע וועלט־אַנשויאונג האָט דאַמאָלט פאַרמאָגט אַזעלכע אײַ־בערצייגטע אָנהענגער ווי די בית הילל.

ווערט איבערגעגעבן, אַז נאָך דער דאָזיקער צוויי און אַ האַלב־יעריקער דיסקוסיע, איז טאַקע דאַמאָלט, ביי אַן אָפּשטימונג, די אָפּטי־מיסטישע וועלט־אַנשויאונג געבליבן אין דער מינדערהייט. עס איז נאָר אַם ענדע געוואָרן צוגעגעבן:

אַז ער איז שוין יאָ געבוירן געוואָרן, דער מענטש — טאָ זאָל ער, על כל פנים, לעבן אַ באַוווּסטזיניק לעבן.

*

עס ווערט דערציילט אַ מעשה, וואָס דאַרפט ווייזן הילל׳ס אָפּטימיזם:

מעשה בהילל הזקן שהיה בא בדרך, ושמע קול צווחה בעיר, אָמר: מובטח אני שאין זה בתוך ביתי[1].

עס האָט פּאַסירט ביי הילל הזקן, אַז ער איז געקומען פון וועג און געהערט אַ וויי־געשריי אין שטאָט, האָט ער געזאָגט: איך בין זיכער, אַז דאָס געשעט נישט אין מיין הויז[2].

*

**אמת און העפלעכקייט**

תנו רבנן: כיצד מרקדין לפני הכלה? — בית שמאי אומרים: כלה כמות שהיא; ובית הילל אומרים: כלה נאה וחסודה. אָמרו להם בית שמאי לבית הילל: הרי שהיתה חיגרת או סומא, אומרים לה: כלה נאָה וחסודה?!

---

1. ברכות, ס, א.
2. עס קאָן זיין, אַז די דאָזיקע פּאַסירונג האָט אַ פּאָליטישן אונטערשלאַג: דאַמאָלט, בימי הורדוס, האָט געהערשט אַ שווערער טעראָר. עס איז אָבער גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז הילל, מיט זיין רואיקן כאַראַקטער און אוודאי מיט זיין שיטה, איז מער ווי אַנדערע חכמי ישראל געוואָרן גערן־געזעען דורך הורדוס׳ן. איז עס ממילא גאַנץ נאַטירלעך, דאָס ווען הילל איז אַמאָל געהאַט געקומען פון וועג און געהערט קול צווחה בעיר, אַ וויי־געשריי אין שטאָט, איז ער געווען זיכער, אַז דאָס קומט נישט פאָר אין זיין הויז, וואָס ווערט, אַוודאי, געשוינט.

— והתורה אָמרה[1]: מדבר שקר תרחק! אָמרו להם בית הילל לבית שמאי: לדבריכם, מי שלקח מקח רע מן השוק, ישבחנו בעיניו או יגננו בעיניו? הוי אומר: ישבחנו בעיניו[2].

די חכמים האָבן געלערנט: ווי אַזוי טאַנצט מען פאַר אַ כלה? (ווי אַזוי דאַרפט מען זי משמח זיין?) — זאָגן די בית שמאי: כלה כמות שהיא, מען רימט איר אַזוי ווי זי איז. די בית הילל זאָגן: כלה נאָה וחסודה, שיינע, סימפּאַטישע כלה! האָבן די בית שמאי געזאָגט צו די בית הילל: אַז זי איז, למשל, אַ לאָמע אָדער אַ בלינדע, זאָל מען איר זאָגן: שיינע, סימפּאַטישע כלה?! — די תורה האָט דאָך אָבער געזאָגט: "פון אַ ליגנט זאָלסטו זיך דערווייטערן!". האָבן געזאָגט די בית הילל צו די בית שמאי: לויט אייך, אַז איינער האָט געמאַכט אַ שלעכטן קויף, טאָ זאָגט מען דען אים נישט, אַז ער האָט יאָ גוט געקויפט??!

*

## פרומקייט און באַקוועמלעכקייט

מי שאָכל ושכח ולא בירך. בית שמאי אומרים: יחזור למקומו ויברך; ובית הילל אומרים: יברך במקום שנזכר[3].

תניא, אָמרו להם בית הילל לבית שמאי: לדבריכם, מי שאָכל בראש הבירה, ושכח וירד ולא בירך, יחזור לראש הבירה ויברך?! אָמרו להם בית שמאי לבית הילל: לדבריכם, מי ששכח אַרנקי בראש הבירה, לא יעלה ויטלנה?! לכבוד עצמו הוא עולה, לכבוד שמים — לא כל שכן![4]

ער האָט געגעסן און פאַרגעסן צו בענטשן, זאָגן די בית שמאי: זאָל ער צוריקגיין צום זעלבן אָרט און בענטשן. די בית הילל זאָגן: זאָל ער בענטשן דאָרטן, וווּ ער האָט זיך דערמאַנט. האָבן די בית הילל געזאָגט צו די בית שמאי: לויט אייך, אַז ער האָט געגעסן אין דער הייך, אין אַ שלאָס, און האָט פאַרגעסן און איז אַראָפּגעגאַנגען נישט גע־

1. שמות, פרשת משפטים, כו, ז.
2. כתובות, יז, א.
3. משנה, ברכות, ח, ז.
4. ברכות, נג, ב.

בענטשט, טאָ זאָל ער צוריק אַרויפגיין אין דער הייך, בענטשן?! האָבן די בית שמאי געזאָגט צו די בית הילל: לויט אייך, אַז ער האָט פאַרגעסן אין דער הייך אַ בייטל געלט, וועט ער נישט צוריק אַרויפגיין?! פאַר אייגענע אינטערעסן גייט ער צוריק אַרויף, טאָ פאַר כבוד שמים, אַוודאי און אַוודאי!

*

### הימל און ערד

תנו רבנן, בית שמאי אומרים: שמים נבראו תחילה ואחר כך נבראת הארץ, שנאמר: בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ; ובית הילל אומרים: ארץ נבראת תחילה ואחר כך שמים, שנאמר [1]: ביום עשות אלהים ארץ ושמים [2].

די חכמים האָבן געלערנט, די בית שמאי זאָגן: צום ערשט זענען באַשאַפן געוואָרן די הימלען און דערנאָך די ערד. די בית הילל זאָגן: צום ערשט איז באַשאַפן געוואָרן די ערד און דערנאָך די הימלען.

*

### שבת און די וואָכעדיקע טעג

אָמרו עליו על שמאי הזקן, שלא היה זכרון שבת זז מתוך פיו: לקח חפץ טוב — אומר: זה לשבת! כלי חדש — אומר: זה לשבת [3]! אבל הילל הזקן — מדה אחרת היתה לו, שכל מעשיו לשם שמים, שנאמר [4]: „ברוך ה' יום יום"!

תניא נמי הכי: בית שמאי אומרים: מחד שביך, לשבתיך! ובית הילל אומרים: ברוך ה' יום יום! [5]

מען האָט געזאָגט וועגן שמאי הזקן, אַז ער האָט קיינמאָל נישט

---

1. בראשית, ב, ד.
2. חגיגה, יב, א. ירושלמי, ב, א.
3. מכילתא, דרבי שמעון בן יוחאי, יתרו, כ, ח.
4. תהלים, סח, כ.
5. ביצה, טז, א.

אויפגעהערט צו דערמאָנען וועגן שבת; האָט ער געקויפט עפּעס גוטס, האָט ער געזאָגט: דאָס איז אויף שבת! אַ נייע זאַך — דאָס איז אויף שבת! אָבער הילל הזקן האָט געהאַט אַן אַנדערע מידה: אַלץ איז ביי אים געווען לשם שמים, אַזוי ווי עס ווערט געזאָגט אין תהלים: ברוך ה׳ יום יום! גאָט איז געבענטשט טאָג־טעגלעך.

ווערט געברענגט, אַז די בית שמאי האָבן געפלעגט צו זאָגן: באַלד פון דעם ערשטן טאָג פון דער וואָך, געדענק וועגן שבת! און די בית הילל פלעגן זאָגן: ברוך ד׳ יום יום!

*

בית שמאי אומרים: מברך על היום ואחר כך מברך על היין; ובית הילל אומרים: מברך על היין ואחר כך מברך על היום[1].

די בית שמאי זאָגן: צום ערשט, מאַכט מען די ברכה וועגן שבת און יום־טוב און דערנאָך אויף דעם ווייַן. די בית הילל זאָגן: צום ערשט אויף דעם ווייַן און דערנאָך וועגן שבת און יום־טוב.

*

**דאָס וואָרט און די באַדייטונג**

בית שמאי אומרים: בערב, כל אָדם יטו ויקראו; ובבוקר, יעמודו, שנאמר[2]: „בשכבך ובקמך״; ובית הילל אומרים: כל אָדם קורא כדרכו, שנאמר: „ובלכתך בדרך״; אם כן, למה נאמר: „ובשכבך ובקמך״? — בשעה שבני אָדם שוכבים ובשעה שבני אָדם עומדים[3].

די בית שמאי זאָגן: אין אָוונט זאָל מען לייענען, קריאת־שמע, אייַנגעבויגן און אין דער פרי — שטייענדיק, ווי עס ווערט געזאָגט אין דער תורה: ״ביי דיין לייגן זיך און ביי דיין אויפשטיין״. די בית הילל זאָגן: יעדערער לייענט אַזוי ווי עס איז אים באַקוועמט, ווי עס ווערט דאָרט

1. משנה, פסחים, י, ב.
2. דברים, פרשת ואתחנן, ו, ז.
3. משנה, ברכות, א, ג.

געזאָגט: "און אין דיין גייען אין וועג". טאָ פאַרוואָס איז געזאָגט גע־וואָרן: "ביי דיין לייגן זיך און ביי דיין אויפשטיין"? — דאָס מיינט צו זאָגן: אין דער צייט ווען מענטשן לייגן זיך און אין דער צייט ווען מענטשן שטייען אויף.

*

## די קאָליר פון ליכט

בית שמאי אומרים: „שברא מאור האש"; ובית הילל אומרים: „בורא מאורי האש"[1].

בית שמאי סברי: חדא נהורא איכא בנורא; ובית הילל סברי: טובא נהורא איכא בנורא[2].

וועגן דער ברכה אויף ליכט, וואָס מען מאַכט מוצאי שבת ביי הבדלה, איז אַ פלוגתא צווישן בית שמאי און בית הילל, צי מען דאַרפט זאָגן: מאור האש, אָדער: מאורי האש, לשון יחיד אָדער לשון רבים, איינצאָל אָדער מערצאָל. האַלטן בית שמאי, אַז מען דאַרפט זאָגן מאור האש, ווייל נאָר איין קאָליר איז דאָ אינעם פלאַם. אָבער בית הילל האַלטן: מאורי האש, ווייל דער פלאַם ווייזט פאַרשידענע קאָלירן ליכט.

# ביאָגראַפישע ידיעות וועגן הילל און שמאי

שליסלעך ווייסט מען זער ווייניג וועגן דעם פערזענלעכן לעבן פון די דאָזיקע צוויי גרויסע יידישע פערזענלעכקייטן, די צוויי זיילן פון דער תורה שבעל פה.

וועגן דעם פערזענלעכן לעבן פון שמאי ווייסט מען גאָר גאָרנישט. אין דער גאַנצער אַזוי ברייטער תלמודישער ליטעראַטור ווערט גאָרנישט איבערגעגעבן, נישט פון וואַנען ער שטאַמט און טאַקע גאָרנישט וועגן זיין לעבן. עס איז אַלץ גרינדלעך פאַרשוויגן געוואָרן. אויסער וואָס עס

1. משנה, ברכות, ח, א.
2. בבלי, נב, ב.

ווערן דערציילט אַ פּאָר קוריעזע עפּיזאָדן, וואָס זענען געוואָרן געברענגט, מער אין אַ נעגאַטיווער פאָרם. אפילו קיין איין לעגענדע ווערט נישט דערציילט וועגן שמאי הזקן.

מענכע ווילן דרינגען, אַז ער איז געהאַט געווען אַ מויערער, ווייל אין צוויי פון יענע אויבן־דערמאַנטע דריי מעשות מיט די גרים, ווערט דערציילט, אַז שמאי האָט זיי אַוועקגעשטופּט באמת הבנין שבידו, מיט דער מוירער־מאָס, וואָס ער האָט געהאַט אין האַנט.

וועגן הילל׳ן, דאַגעגן, ווערט שוין גראָד יאָ אַ סך איבערגעגעבן און עס ווערט וועגן אים דערציילט פיל לעגענדעס. עס איז אָבער נישט אַלץ גענוג קלאָר און עס זענען אויך פאַרהאַנדן דערביי מענכע, אפשר נאָר שיינבאַרע, אינערלעכע סתירות.

הילל איז געקומען פון בבל. ער ווערט טאַקע גערופן אויך הילל הבבלי[1], אַזוי אויך הילל הזקן, ווי שמאי הזקן. אגב, מיינט דאָ נישט, הזקן, דער אַלטער; נאָר דער וויכטיקער, דער פאָרשטייער, דער פירער.

> אָמר רבי לוי: מגילת יוחסין מצאו בירושלים וכתוב בה: הילל דדוד[2].

רבי לוי האָט געזאָגט, אַז מען האָט געהאַט געפונען אין ירושלים אַ יחוס־בריוו, ווו עס איז געווען געשריבן: הילל שטאַמט פון דוד המלך.

לויט אַן אַנדערן מאמר אין תלמוד ירושלמי, שטאַמט הילל פון דוד המלך, נישט פון אַ זון, נאָר פון אַ טאָכטער[3].

אין די תלמוד׳ישע ווערק איז גאָרנישט איבערגעגעבן וועגן דער באַשעפטיגונג פון הילל׳ן, אַזוי ווי עס ווערט נישט איבערגעגעבן וועגן שמאי׳ס באַשעפטיגונג.

דער רמב״ם[4] און רבי בחיי אבן פקודה[5] שרייבן, אַז הילל איז פריער געהאַט געווען אַ האָלץ־העקער.

*

„ומשה בן מאה ועשרים שנה"[6] — זה אחד מארבעה שמתו

1. פסחים, סו, א. סוכה, כ, ב.
2. ירושלמי, תענית, ד, ב. כתובות, סב, ב. מדרש רבה, פרשת ויחי, סב, ב.
3. ירושלמי, כלאים, ט, ג.
4. פירוש המשניות לרמב״ם, אבות, ד, ה.
5. חובת הלבבות, שער הפרישות, ה.
6. דברים, פרשת וזאת הברכה, לד, ז.

בני מאָה ועשרים שנה, ואלה הם: משה, והילל הזקן, ורבן יוחנן בן זכאי, ורבי עקיבא. הילל הזקן, עלה מבבל בן ארבעים שנה, ושמש חכמים ארבעים שנה, ופרנס ישראל ארבעים שנה[1].

אין דער תורה איז געשריבן: "און משה איז אַלט געווען הונדערט און צוואַנציק יאָר, ווען ער איז געשטאָרבן" — ווערט געזאָגט אין ספרי, אַז ער איז איינער פון די פיר, וואָס זענען געשטאָרבן ביי הונדערט און צוואַנציק יאָר: משה, הילל הזקן, רבן יוחנן בן זכאי און רבי עקיבא. הילל הזקן איז אויפגעגאַנגען קיין ארץ ישראל, ווען ער איז אַלט געווען פערציק יאָר, געלערנט ביי די חכמים פערציק יאָר, און געזאָרגט פאַרן פאָלק פערציק יאָר.

לויט ווי עס איז איבערגעגעבן, זאָל הילל האָבן געקומען קיין ארץ ישראל צוויי מאָל. פריער איז ער געקומען אין די יונגע יאָרן און גע־לערנט תורה ביי שמעיה און אַבטליון און צוריק אַהיימגעפאָרן. ערשט שפּעטער, נאָך פיל יאָרן, איז ער ווידער געקומען. עס ווערט דערציילט, אַז ער האָט געליטן נויט און איז געווען עוסק בתורה מתוך עוני, ער האָט געלערנט תורה אין אָרעמקייט, ווי עס וועט ווייטער ווערן געברענגט.

## דער נשיא און דער אַב בית דין

עס איז אָנגענומען, אַז הילל איז געווען דער נשיא און שמאי — דער אַב בית דין. דאָס קאָן הייסן אַזוי ווי הילל — דער פרעזידענט, און שמאי — דער פאַרזיצער פון געריכט. הגם לויט דער משנה קאָן זיך אויסזעען פאַרקערט: אַז שמאי זאָל האָבן געווען דער נשיא און הילל — דער אַב בית דין[2].

איז טאַקע אויך נישט צו פאַרשטיין די שוין אויבן־געברענגטע גמרא: ווי שמאי זאָגט צו הילל'ן: אם תקניטני, גוזרני טומאה אף על המסיקה, אויב דו וועסט מיך דערבייזערן, וועל איך פאַרווערן אויך זייער בוימל[3].

אויך פון דער תוספתא זעט זיך אויס. אַז שמאי איז געווען קאָמ־פּעטענט אַרויסצוגעבן נייע געזעצן; סיידן מען זאָל זאָגן, אַז דער אַב־בית־דין איז געווען אומאָפּהענגיק פון נשיא[4].

1. ספרי, דברים, סוף.
2. משנה, חגיגה, ב, ב.
3. שבת, יז, א. זע אויבן זייט 88.
4. תוספתא, שביעית, ג.

*

ווי אַזוי איז הילל געקומען צום נשיאות?

אין אַלע דריי גרויסע ווערק פון דער תורה שבעל פה: אין דער תוספתא, אין תלמוד ירושלמי און אין תלמוד בבלי, ווערט איבערגעגעבן די זעלבע מעשה מיט געוויסע ענדערונגען.

אין תלמוד בבלי ווערט דאָס אַזוי איבערגעגעבן:

תנו רבנן. הלכה זו נתעלמה מבני בתירה:

פעם אחת חל ארבעה עשר להיות בשבת. שכחו ולא ידעו **אם פסח דוחה את השבת, אם לאו.** אָמרו: כלום יש אָדם שיודע **אם פסח דוחה את השבת, אם לאו?** אָמרו להם: אָדם אחד יש שעלה מבבל והילל הבבלי שמו, ששמש שני גדולי הדור, שמעיה ואבטליון, ויודע **אם פסח דוחה את השבת, אם לאו.** שלחו וקראו לו. אָמרו לו: כלום אתה יודע **אם הפסח דוחה את השבת, אם לאו?** אָמר להם: וכי פסח אחד יש לנו בשנה שדוחה את השבת?! והלוא הרבה יותר ממאתים פסחים יש לנו בשנה שדוחין את השבת! אָמרו לו: מנין לך? אָמר להם: נאמר[1]: „מועדו" בפסח ונאמר[2]: „מועדו" בתמיד — מה „מועדו" האמור בתמיד דוחה את השבת, אף „מועדו" האמור בפסח דוחה את השבת. ועוד, קל וחומר הוא: ומה תמיד שאין ענוש כרת, דוחה את השבת — פסח שענוש כרת, אינו דין שדוחה את השבת?!

מיד הושיבוהו בראש ומינוהו נשיא אליהם, והיה יושב ודורש כל היום כולו בהלכות הפסח. התחיל מקנתרן בדב-רים, אָמר להם: מי גרם לכם שאעלה מבבל ואהיה נשיא עליכם? עצלות שהיתה בכם, שלא שמשתם שני גדולי הדור, שמעיה ואבטליון!

אָמרו לו: רבי, שכח ולא הביא סכין מערב שבת, מהו? אָמר להן: הלכה זו שמעתי ושכחתי, אלא הנח להם ליש-

---

1. במדבר, פרשת בהעלותך, ט, ב.
2. במדבר, פרשת פינחס, כח, ב.

ראל, אם אין נביאים הם — בני נביאים הם! למחר, מי שפסחו טלה — תוחבו בצמרו, מי שפסחו גדי — תוחבו בין קרניו. ראה מעשה ונזכר הלכה ואמר: כך מקובלני מפי שמעיה ואבטליון[1].

די פאלגנדיקע הלכה איז געווען פארהוילן פאר די בני בתירה: עס איז אמאל אויסגעפאלן שבת ערב פסח, האבן זיי פארגעסן און נישט געוווסט, צי פסח איז דוחה שבת, צי נישט. דאס הייסט, צי מען איז שבת מקריב דעם קרבן פסח.

זאגן די בני בתירה: איז טאקע עמעצער דא, וואס זאל וויסן, צי פסח איז דוחה שבת, צי נישט?!

האט מען זיי געזאגט: עס איז דא א מענטש, וואס איז געקומען פון בבל, מען רופט אים: הילל הבבלי, וואס האט געלערנט ביי די צוויי גדולי הדור, ביי שמעיה און אבטליון, און ער ווייסט, צי פסח איז דוחה שבת, צי נישט.

האבן די בני בתירה געשיקט רופן הילל'ן און אים געפרעגט: ווייסטו טאקע, צי פסח איז דוחה שבת, צי נישט?

זאגט זיי הילל: האבן מיר דען אין יאר נאר איין קרבן פסח, וואס איז דוחה שבת?! מיר האבן דאך אינעם יאר מער ווי צוויי הונדערט אזעלכע, וואס זענען דוחה שבת!

הילל האט דערמיט געמיינט דעם קרבן תמיד און דעם קרבן מוסף פון שבת און יום טוב.

פרעגן אים די בני בתירה: מנין לך? פון וואנען נעמסטו, אז אויך דער קרבן פסח זאל זיין דוחה את השבת?

ענטפערט הילל: ביים קרבן פסח איז געזאגט אין דער תורה: במועדו, אין זיין צייט, אזוי ווי ביים קרבן תמיד — טא פונקט אזוי ווי דער קרבן תמיד איז דוחה שבת, איז אזוי אויך דער קרבן פסח דוחה שבת.

אויסער דעם איז עס אויך א קל־וחומר: אז קרבן תמיד, וואס איז נישט בכרת, איז דוחה שבת — טא קרבן פסח, וואס איז יא בכרת, דארפט עס דאך אוודאי זיין דוחה שבת.

האבן זיי אים באלד געזעצט אויבן־אן און האבן אים באשטימט אלס נשיא איבער זיי.

איז הילל א גאנצן טאג געזעסן און געלערנט מיט זיי הלכות הפסח

1. פסחים, סו, ב.

און האָט זיי אויך שטאַרק קריטיקירט: פאַרוואָס בין איך, אַן ערשט־געקומענער פון בבל, געוואָרן אַ נשיא איבער אייך? ווייל איר האָט פאַרנאַכלעסיקט די צוויי גדולי הדור, שמעיה און אַבטליון און ביי זיי נישט געלערנט.

ווערט ווייטער דערציילט, ווי זיי האָבן הילל׳ן געפרעגט אַ הלכה, האָט ער מודה געווען, אַז ער האָט די דאָזיקע הלכה יאָ געהאַט געהערט, נאָר פאַרגעסן. זאָגט ער זיי: לאָמיר זען, ווי אַזוי דאָס פאָלק וועט זיך נוהג זיין, אויב זיי זענען נישט קיין נביאים — שטאַמען זיי דאָך פון נביאים!

איז טאַקע אַזוי געווען: יידן האָבן אַליין געוווּסט, ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין און הילל האָט זיך דערמאָנט, אַז פונקט אַזוי האָט ער טאַקע געהאַט געהערט די דאָזיקע הלכה פון זיינע צוויי לערער, שמעיה און אַבטליון.

*

אין תלמוד ירושלמי ווערט נישט געזאָגט: שכחו ולא ידעו, נאָר בלויז: הלכה זו נתעלמה מזקני בתירה, די דאָזיקע הלכה איז געווען פאַרהוילן, פאַר די זקני בתירה, ווערט דאָרט ווייטער איבערגעגעבן, ווי הילל האָט דאָמאָלט אַנטוויקלט דריי אַזעלכע כללים, מדות שהתורה נדרשת בהן, וואָס מיט זיי האָט ער באַוויזן, אַז פסח איז דוחה שבת: אַ היקש, אַ גזירה שוה און אַ קל־וחומר, אָבער די בני בתירה (דאָרטן: זקני בתירה) האָבן דאָס נישט געוואָלט אָננעמען און געזאָגט:

כבר אָמרנו: אם יש תוחלת מבבלי?!

מיר האָבן באַלד פאַרשטאַנען, אַז פון אַ בבלי איז גאָרנישט צו דערוואַרטן.

ווערט דאָרטן ווייטער דערציילט:

אַף על פי שהיה יושב ודורש כל היום, לא קבלו ממנו עד שאָמר להן: יבוא עלי, כך שמעתי משמעיה ואבטליון!

כיון ששמעו ממנו כן, עמדו ומינו אותו נשיא עליהן[1].

1. ירושלמי, פסחים, ו, א.

הגם הילל איז געזעסן אַ גאַנצן טאָג און געלערנט מיט די בני בתירה, האָבן זיי דאָס נישט אָנגענומען, ביז ער האָט זיי געזאָגט בלשון שבועה, אַז אַזוי האָט ער געהערט פון שמעיה און אַבטליון.

אַז זיי האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי אים באַלד באַשטימט אַלס נשיא איבער זיי.

*

אין דער תוספתא ווערט נישט דערמאָנט די בני בתירה נאָר סתם:

שאלו את הילל הזקן: פסח, מהו שידחה את השבת?

ווערט דאָרטן איבערגעגעבן, אַז הילל׳ס ענטפער האָט געמאַכט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק, אַז:

חברו עליו כל העזרה, אָמרו לו: מנין לך?

די גאַנצע עזרה, דאָס הייסט: אַלע פון בית המקדש, האָבן זיך צוזאַמענגענומען געגן אים, געגן הילל׳ן, און אים געפרעגט: פון וואַנען נעמסטו דאָס, אַז פסח איז דוחה שבת?!

האָט הילל פאַר זיי אַנטוויקלט די אויבן־דערמאַנטע דריי מידות און האָט צוגעגעבן, דאָס אויסער אַלעם האָט ער בקבלה פון זיינע לערער, אַז פסח איז דוחה שבת. ווערט אויך אין דער תוספתא פאַרענדיקט:

בו ביום מינו את הילל נשיא והיה מורה להן הלכות הפסח[1]

* * *

איז, אייגנטלעך, די גאַנצע מעשה גאָרנישט צו פאַרשטיין.

קודם כל פרעגט רבי אָבין אַ גוטע קשיא: וואָס הייסט, זיי האָבן נישט געוווסט, ווי אַזוי מען פירט זיך שבת ערב פסח?! מינדעסטנס, מוז על כל פנים, איין מאָל אין פאַרלויף פון פערצן יאָר אויספאַלן שבת ערב־פסח[2]

עס איז אויך בכלל נישט צו פאַרשטיין דאָס גאַנצע לשון, אַזוי אין

1. תוספתא, פסחים, ד.
2. ירושלמי, שבת, יט; פסחים, ו.

ירושלמי און אַזוי אין בבלי: עס איז דאָ איינער פון בבל מיטן נאָמען הילל, וואָס האָט געהאַט געלערנט ביי שמעיה און אַבטליון, ווייסט ער, צי פסח איז דוחה שבת, צי נישט.

אין בבלי ווערט אַזש פיר מאָל ווידערהאָלט די פראַזע: אם פסח דוחה שבת, אם לאו.

אַזוי איז אויך אויסטערליש די פראַגע פון די בני בתירה, ווי עס איז איבערגעגעבן אין ירושלמי:

שמעת מימיך, כשחל ארבעה עשר להיות בשבת, אם דוחה את השבת, אם לאו?

האָסטו אַמאָל אין דיין לעבן געהערט — ווען ערב פסח פאַלט אויס שבת, צי איז עס דוחה שבת, צי נישט?

*

אויסער אַלעם דאַרפט מען דאָך אויך נעמען אין באַטראַכט, דאָס די כוהנים אין בית המקדש, וואָס זענען געווען אַזוי באַרימט מיט דער מוסטערהאַפטער אָרדענונג, מיט זייער אויסערגעוויינלעכער דיסציפּלין, מיט דעם פּעדאַנטישן אָפּהיטן אַלע דינים אין יעדן פּרט באַזונדער און די גאַנצע איינגעשטעלטע אָרדענונג אין בית המקדש בכלל — זאָלן זיי אַלע, ממש אַלע כוהנים און אויך דאָס גאַנצע פאָלק, פאַרגעסן, ווי אַזוי מען פירט זיך ביי אַזאַ עפנטלעכער פאָלקס־פייערונג, ווי דאָס ברענגען דעם קרבן פסח?!

זאָלן זיי אַלע דאָס אַלץ האָבן פאַרגעסן, ביז מען האָט זיך דערוווּסט, אַז עס איז פאַרהאַנדן אַ ייד פון בבל, וואָס האָט אַמאָל געהאַט געלערנט ביי די צוויי גדולי הדור אין ארץ ישראל, שמעיה און אַבטליון, און נאָר ער ווייסט דאָס, וואָס קיינער ווייסט נישט!

* * *

נאָר די מעשה איז אַזוי:

ווי עס איז באַוווּסט, זענען די שפּעטערדיקע מלכים פון דער חשמונאים־דינאַסטיע געווען צדוקים. איז ממילא גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז אין בית המקדש האָט דאַמאָלט אַלץ זיך געפירט לויט די צדוקים.

ווען הורדוס איז געקומען צו דער מאַכט, האָט ער אכזריות׳דיק אומ־

געברענגט די חשמונאים און שרעקלעך פאַרפאָלגט, קודם כל, די גאַנצע רעגירנדיקע פּאַרטיי, די צדוקים.

פאַרשטייט זיך, אַז פאַר דעם ברוטאַלן הורדוס זענען די מעסיקע, און דאַמאָלט אויך אפשר: אַפּאָליטישע, פּרושים געווען וועניקער שעד־לעך און אין אַלע הינזיכטן פיל גינסטיקער, ווי זייערע געגנער, די צדוקים.

איז גאַנץ נאַטירלעך און גאָר פשוט אָנצונעמען, אַז טאַקע דאַמאָלט, ווען הורדוס איז געקומען צו דער מאַכט, איז דאָס התנהגות, דאָס פירונג, דער סדר העבודה, אין בית המקדש איבערגעגאַנגען צו די פּרושים.

איז דאַמאָלט ממילא נישט געהאַט געווען די פראַגע, ווי אַזוי מען האָט זיך געהאַט געפירט אין בית המקדש, נאָר ווי אַזוי דאַרפט מען זיך פירן לויט דער תורה, ווי עס לערנען די פּרושים.

עס איז אָנצונעמען, אַז נישט נאָר בלויז די צדוקים, נאָר אויך פיל פון די פּרושים האָט הורדוס פאַרפאָלגט און אויך אומגעברענגט. איז דאַמאָלט גאָרנישט געווען אַזוי לייכט צו געפינען אַ גדול בתורה, אַפילו צווישן די פּרושים, וואָס זאָל נושא חן זיין ביי הורדוס'ן.

איז אפשר דאָס דער זין, וואָס עס ווערט אַזוי אָקצענטירט, אַז הילל איז געקומען פון בבל, וואָס זאָל הייסן, אַז ער איז, אַלזאָ, נישט אַנגאַ־זשירט אינעם קאַמף געגן הורדוס'ן, האָט ער ממילא מער שאַנסן, אַז הורדוס זאָל נישט זיין געגן אים.

איז טאַקע פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס הילל האָט נישט געענטפערט לאַקאָניש, פראָסט פשוט, ווי עס איז דער דין, נאָר האָט דערביי אַנט־וויקלט אַ גאַנצע תורה, אַ טעאָריע, ווי אַזוי מען לערנט אַרויס די דינים פון דער תורה שבכתב, ווייל ריכטיק איז דאַרטן דאַמאָלט נישט געגאַנגען נאָר בלויז אין דעם איינצלנעם פאַל וועגן פסח דוחה שבת, נאָר וועגן דער גאַנצער איינשטעלונג פון די חכמי הפּרושים בכלל.

*

אַם ענדע זאָל דאָ אויך ווערן באַמערקט, אַז דאָס נשיאות דאַרטן, האָט דאַמאָלט, זעט זיך אויס, געהאַט נאָר אַ לאָקאַלן כאַראַקטער.

מינו אותו נשיא עליהן.

זיי האָבן אים באַשטימט אַלס נשיא איבער זיך.

דער אויסדרוק: איבער זיך, ווערט, אגב, אַקצענטירט צוויי מאָל אין תלמוד ירושלמי און אויך צוויי מאָל אין תלמוד בבלי.

דוד מלכי

# מדות שהתורה נדרשת בהן

אויף אַן אַנדער אָרט אין דער תוספתא ווערט געברענגט, אַז הילל האָט אַנטוויקלט זיבן מידות, שבע מידות שהתורה נדרשת בהן:

שבעה דברים דרש הילל הזקן לפני זקני בתירה: קל וחומר, וגזירה שוה, ובניין אָב, וכתוב אחד ושני כתובים, וכלל ופרט ופרט וכלל, וכיוצא בו ממקום אחר, ודבר הלמד מעניינו. אלו שבע מדות דרש הילל הזקן לפני זקני בתירה[1].

עס ווערט נישט אָנגעגעבן אין די פונדאַמענטאַלע ווערק פון דער תורה שבעל פה, צי הילל איז געהאַט געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך באַנוצט מיט די דאָזיקע מידות, אָדער ער האָט דאָס געהאַט איבער־גענומען מרבותיו, פון זיינע לערער. יעדנפאַלס ווייסט מען פון זיי דורך הילל'ן.

עס איז אויך נישט אָנגעגעבן, ווי אַזוי שמאי זאָל זיך האָבן באַ־צויגן צו די דאָזיקע מידות. עס איז צו פאַרשטיין, אַז מיט די פשוט־לאָגישע פון זיי האָט אויך שמאי זיך באַנוצט.

וועגן דער גזירה שוה ווערט בפירוש איבערגעגעבן, אַז זי איז נישט געוואָרן אָנערקענט דורך בית שמאי:

בית שמאי, לית להו גזירה שוה[2].

# הילל'ס תקנות

הילל האָט איינגעפירט וויכטיקע און זער ניצלעכע תקנות, ווי עס ווערט טאַקע ריכטיק באַצייכנט: מפני תקון העולם, אַזעלכע תקנות, וואָס זענען געוואָרן נויטווענדיק ביי די ניי־אַנטשטאַנענע ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען.

1. תוספתא, סנהדרין, ז. אגב, דאָ ווערט יאָ דערמאָנט: לפני זקני בתירה, און צוויי מאָל.
2. נדרים, עח, א. עס דאַרפט דאָ ווערן באַמערקט, אַז דער אויסדרוק: גזירה שוה אין דער משנה, ביצה, א, ו, האָט נישט קיין שום שייכות צו דעם באַגריף, וואָס מען מיינט דאָ.

איינע פון די דאָזיקע תקנות, די באַרימטסטע און אוודאי אויך די וויכטיקסטע פון זיי, איז די תקנה, וואָס איז באַקאַנט מיטן נאָמען: פּרוזבול, צו מעגן איינמאָנען די חובות אין אַ שמיטה יאָר, וואָס, לויט דער תורה, ווערט אין יעדערן זיבעטן יאָר, אין שמיטה, בטל אַלע חובות און מען טאָר זיי מער נישט מאָנען[1].

אַז עס זאָל נישט אויסזעען, דאָס עס ווערט בטל אַ בפירושער דין אין דער תורה, האָט הילל געפונען אַ מיטל, אַז דער מלוה, דער באָרגער, זאָל אַזוי ווי איבערגעבן זיין חוב צום בית דין, צום געריכט, אַז עס זאָל הייסן, אַז נישט ער, נאָר דאָס בית דין פאָדערט אויף זיין חוב.

דאָס איז דאַמאָלט געהאַט געוועזן אַ זער נויטווענדיקע תקנה, ווען אין ארץ ישראל האָט זיך געהאַט פאַרברייטערט דער האַנדל, ווו עס שפּילט אַ גרויסע ראָלע דער קרעדיט, אָבער דער דין פון שמיטה האָט אים אַ סך געשטערט אין זיין אַנטוויקלונג.

דער נאָמען "פּרוזבול" איז אַ יורידישער טערמין אין דער גריכי־שער שפּראַך.

אויסער דעם "פּרוזבול" האָט הילל מתקן געווען נאָך אַנדערע זער וויכטיקע און נוצלעכע תקנות[2]. ווי עס זעט זיך אויס, זענען צוליב פאַר־שידענע סיבות, נישט אַלע צו אונז דערגאַנגען.

## שמאַי'ס שטעלונג צו הילל'ס תקנות

מען געפינט נישט, דאַכט זיך, אין ערגעץ, וואָס פאַר אַ שטעלונג שמאי האָט אָנגענומען אין דעם ענין שמיטת כספים, צי האָט ער מתיר געווען אויפצומאָנען די חובות אין שמיטה אָדער נישט. יעדנפאַלס איז צו פאַרשטיין, אַז דער סיסטעם פון "פּרוזבול" איז נישט לויט זיין גייסט. ווען שמאי וואָלט געהאַלטן, אַז מען דאַרפט דערלויבן דאָס אויפ־מאָנען חובות אין שמיטה, וואָלט ער אוודאי דאָס מתיר געווען דירעקט און וואָלט זיך נישט באַנוצט מיט אַזעלכע מיטלען.

די בית שמאי זענען בכלל געגן אַזעלכע און ענלעכע מיטלען. אַזוי האַלטן זיי נישט פון ביטול רשות בשבת[3]. און זיי זענען טאַקע פּרינ־ציפּיעל אַנטשידן געגן עירוב בכלל:

1. ספרי, דברים, פרשת ראה, טו, ג. משנה, שביעית, י, ג; גיטין, ד, ג. בבלי, לו, א.
2. משנה, ערכין, ט, ד; בבלי, לא, א. גיטין, עד, ב.
3. עירובין, עא, א.

## דוד מלכי

**חנניה אומר: כל עצמן של בית שמאי לא היו מודים בעירוב**[1].

**חנניה זאָגט:** די בית שמאי, אין זייערן גאַנצן וועזן, האָבן זיי נישט געהאַלטן פון "עירוב".

אַז די חכמים האָבן באַוויגן שמאי הזקן, אַז ער זאָל יאָ געבן דאָס יינגעלע צו עסן אום יום־כפור, האָט ער דאָס נישט געטוען דורך קיין אַנדערן, נאָר ער אַליין, ווי עס ווערט דאָרטן אויסגעדריקט: מיט ביידע הענט האָט ער אַליין יום כפור געגעבן דעם יינגעלע צו עסן[2].

אַז שמאי האָט געפונען פאַר נויטיק מתיר צו זיין דאָס פירן מלחמה אום שבת, האָט ער נישט געמאַכט קיין פרומע מינע, נאָר גאַנץ קלאָר, שוין באַלד: מיליטעריש, דערקלערט: עד רדתה — אַפילו בשבת! ביז אַראָפּ — אַפילו אום שבת![3]

קאָן מען גאַנץ דרייסט אָננעמען, אַז יעדנפאַלס, דער פאָרם פון דער דאָזיקער זער וויכטיקער און נויטווענדיקער תקנה און אפשר אויך דער גריכישער נאָמען, איז לגמרי נישט געווען צום האַרצן פון די בית שמאי.

איז אינטערעסאַנט דאָ צוצוגעבן, אַז בערך צוויי הונדערט יאָר דערנאָך טרעט זער שאַרף אַרויס געגן דעם "פרוזבול", דער באַרימטער יוריסט, דער ערשטער פון די אמוראי בבל, שמואל:

**אָמר שמואל: הא פרוזבלא, עולבנא דדייני הוא. אי איישר חיל — אבטליניה!**[4]

**שמואל האָט געזאָגט:** דער "פרוזבול" איז אַ באַליידיגונג פאַר די דיינים, פאַר די ריכטער. אַז איך וועל האָבן כח — וועל איך אים באַזייטיקן, אינגאַנצן מבטל זיין.

---

1. עירובין, ל, ב. זע אויך רש"י, ד"ה: כמאן דלא כחנניה. עס איז, אגב, גאַנץ וואַרשיינלעך אָנצונעמען, אַז דער דאָזיקער חנניה, וואָס גיט דאָ איבער די שטעלונג פון די בית שמאי וועגן עירוב, איז חנניה בן חזקיה, וואָס ביי אים אויפן גאָרן זענען געוואָרן אָנגענומען די שמונה עשר דבר; הגם אַנדערע מיינען, אַז עס איז חנניה בן אחי רבי יהושע בן חנניה.
יעדנפאַלס, זעט זיך אויס, אַז צווישן די בית שמאי זענען געווען פאַרשידענע מיינונגען וועגן עירובין.
2. געברענגט אויבן אויף זייט 91.
3. זע אויבן אויף זייט 94.
4. גיטין, לו, ב.

# הילל׳ס ליבע צו דער תורה

ווען הילל׳ס ליבע צו דער תורה ווערט דערציילט, אַז ער האָט אָוועקגעגעבן אַ האַלבן לוין פון זיין אַרבעט דעם שומר פון בית המדרש, אַז ער זאָל אים אַריינלאָזן הערן דאָס לערנען תורה פון שמעיה און אַבטליון. אייגנטלעך, איז דאָך שוין געגוג צו שטוינען, אַז עס זאָל זיין געווען איינגעשטעלט אַזאַ מין אָרדענונג. ווערט נאָך דאָרטן ווייטער דערציילט, דאָס עס האָט אַמאָל פּאַסירט, אַז הילל האָט גאָרנישט פאַרדינט און דער שומר האָט אים טאַקע נישט אַריינגעלאָזט אין בית המדרש, האָט ער זיך אַרויפגעכאַפּט אויף דעם דאַך.

דאָס איז געהאַט געווען אַ פרייטיק אין חודש טבת, האָט אַזוי אַרויפגעשנייט אויף אים אַ גאַנצע נאַכט. אין דער פרי, ווען דער מאָרגנשטערן איז אויפגעגאַנגען, זאָגט שמעיה צו אַבטליון: ברודער אַבטליון, שטענדיק איז שוין ליכטיק און היינט איז נאָך טונקל? האָבן זיי אַרויפגעקוקט אין דער הייך און געזען אַ געשטאַלט פון אַ מענטש אויפן פענסטער. זענען זיי אַרויף אויפן דאַך און אים געפונען אונטער דריי איילן שניי. האָט מען אים אַראָפּגענומען, געוואַשן, געשמירט און אים דערוואַרעמט נעבן פייער. זיי האָבן געזאָגט: ראוי זה לחלל עליו את השבת! ער איז ראוי, אַז מען זאָל צוליב אים מחלל שבת זיין[1].

*

מען האָט געפלעגט צו זאָגן: הילל מחייב את העניים[2], דאָס הייסט, אַז צוליב הילל׳ן קאָן קיינער זיך נישט פאַרענטפערן, דאָס צוליב זיין אָרעמקייט האָט ער נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו לערנען תורה.

> כי אָתא רב דימי אָמר: הילל ושבנא אַחי הוו. הילל עסק בתורה, שבנא עבד עיסקא. לסוף אָמר ליה: תא נערוב וליפלוג. יצאָה בת־קול ואָמרה[3]: „אם יתן איש את כל הון ביתו באַהבה — בוז יבוזו לו!”[4].

ווען רב דימי איז געקומען, האָט ער דערציילט, אַז הילל און

1. יומא, לה, ב.
2. יומא, לה, ב.
3. שיר השירים, ח, ז.
4. סוטה, כא, א.

שבנא זענען געווען ברידער. הילל האָט עוסק געווען אין דער תורה און שבנא האָט געפירט געשעפטן. זאָגט שבנא צו הילל'ן: לאָמיר מאַכן שיתפות גלייך אויף גלייך. האָט זיך דערהערט אַ בת־קול, דער פסוק אין שיר השירים: אַז אַ מענטש זאָל געבן, אַפילו זיין גאַנץ פאַרמעגן, פאַר ליבע — וועט מען אים אויסלאַכן.

*

עס ווערט פאַרשידנס דערציילט וועגן הילל'ס ליבע צו דער תורה און וועגן זיינע באַמיאונגען זי צו פאַרשפּרייטן צווישן פאָלק[1].
פון הילל'ן שטאַמען מערערע וויכטיקע כללים וועגן לערנען תורה:

אינו דומה שונה פרקו מאה פעמים, לשונה פרקו מאה פעמים ואחת[2].

לערנען הונדערט מאָל, איז נישט אַזוי, ווי לערנען הונדערט און איין מאָל.
נאָך אַ פּשוט'ער אָבער אַ זער וויכטיקער כלל וועגן לערנען תורה:

ואל תאמר: לכשאפנה — אשנה!

און זאָג נישט: ווען איך וועל האָבן צייט — וועל איך לערנען[3].
און דער עיקר, וואָס מען דאַרפט שטענדיק געדענקען:

ואם לא עכשיו — אימתי?

און אויב נישט יעצט — טאָ ווען דען?![4]

*

הילל האָט געהאַט זיין שיטה, ווען און ווי אַזוי מען דאַרפט זיין מרביץ תורה, פאַרשפּרייטן די תורה צווישן פאָלק:

הילל הזקן אומר: בעת המכנסין — פזר! ובעת המפזרין

1. אָבות דרבי נתן, נו"ב, כו—כז.
2. חגיגה, ט, ב.
3. משנה, אבות, ב, ד.
4. משנה, אָבות, א, יד.

— כנס! בשעה שאתה רואה שהתורה חביבה על ישראל והכל שמחין בה — הוי מפזר! שנאמר[1]: „יש מפזר, ונוסף עוד". ובשעה שאתה רואה: תורה משתכחת מישראל ואין הכל משגיחין בה — הוי מכנס, שנאמר[2]: „עת לעשות לה', הפרו תורתך"[3].

הילל הזקן האט געזאגט: ווען דו זעסט, אז די תורה איז באליבט ביי יידן און אלע פרייען זיך מיט איר — פארשפרייט זי! אבער דא־מאלט ווען דו זעסט, אז די תורה ווערט פארגעסן ביי יידן און מען קוקט זיך נישט ארום אויף איר — זאמל זי איין!

*

עס איז פארהאנדן א פלוגתא צווישן די בית שמאי מיט די בית הילל וועגן לערנען תורה:

די בית שמאי האלטן, אז דער עיקר איז די ווערטפולע מענטשן, אין גייסטיקן, אינטעלעקטועלן און אין מאראלישן זין, אז זיי זאלן שטענ־דיק עוסק זיין אין דער תורה בקביעות, אזוי ווי עס לערנט שמאי[4]: עשה תורתך קבע! די תורה זאל זיין דיין שטענדיקע באשעפטיקונג. איז זעלבסטפארשטענדלעך, אז דאס מיינט מען נאר די בני עליה, די איידעלע מענטשן, וואס זענען פעאיק אויפצונעמען די תורה ווי גע־העריק און זי זאל זיין זייער בארוף.

דאגעגן אבער די בית הילל האלטן, אז דער עיקר איז צו פאר־שפרייטן די תורה צווישן גאנצן פאלק און זיי פארופן זיך טאקע אויף פאקטן, אז אפילו גאנץ קנאפע לייט האבן זיך גענומען צו לערנען תורה, זענען פון זיי ארויסגעקומען גאר וויכטיקע מענטשן[5].

*

הוא היה אומר: אין בור — ירא חטא, ולא עם הארץ — חסיד, ולא הבישן — למד, ולא הקפדן — מלמד[6].

---

1. משלי, יא, כד.
2. תהלים, קיט, קכו.
3. תוספתא, ברכות, ז, כד. ירושלמי, סוף ברכות; בבלי, סג, א.
4. משנה, אבות, א, טו.
5. אבות דרבי נתן, נו"א, ג. דאס ווארט: עשיר, איז דארטן, לויט אלע ווער־שיינלעכקייטן, אריין על פי טעות; אויך נו"ב, ד.
6. משנה, אבות, ב, ה.

**הילל האָט געפלעגט צו זאָגן: דער וואָס איז ליידיק פון תורה — דער ווייסט נישט צו זיין פרום; אַן עם הארץ — איז נישט קיין חסיד; אַ שעמעוודיקער — לערנט זיך נישט און אַ צו שטרענגער קאָן נישט זיין קיין לערער.**

# הילל׳ס געדולד

תנו רבנן. לעולם יהא אָדם ענוותן כהילל ואַל יהא קפדן כשמאי. מעשה בשני בני אָדם שהמרו זה את זה, אָמרו: כל מי שילך ויקניט את הילל, יטול אַרבע מאות זוז. אָמר אחד מהם: אני אַקנטנו.

אותו היום ערב שבת היה והילל חפף את ראשו. הלך ועבר על פתח ביתו. אָמר: מי כאן הילל? מי כאן הילל? נתעטף ויצא לקראתו; אָמר לו: בני, מה אַתה מבקש? אָמר לו: שאלה יש לי לשאול. אָמר לו: שאַל בני, שאַל! — מפני מה ראשיהם של בבליים סגלגלים? (באָבות דרבי נתן: ארוכים). אָמר לו: בני, שאלה גדולה שאַלת! מפני שאין להם חיות פקחות.

הלך והמתין שעה אַחת. חזר ואָמר: מי כאן הילל? מי כאן הילל? נתעטף ויצא לקראתו; אָמר לו: בני, מה אַתה מבקש? אָמר לו: שאלה יש לי לשאול. אָמר לו: שאַל בני, שאַל! — מפני מה עיניהם של תדמוריים טרוטות? אָמר לו: בני, שאלה גדולה שאַלת! מפני שדרים בין החולות.

הלך והמתין שעה אַחת. חזר ואָמר: מי כאן הילל? מי כאן הילל? נתעטף ויצא לקראתו, אָמר לו: בני, מה אַתה מבקש? אָמר לו: שאלה יש לי לשאול. אָמר לו: שאַל בני, שאַל! — מפני מה רגליהם של אַפרקיים רחבות? אָמר לו: בני, שאלה גדולה שאַלת! מפני שדרים בין בצעי המים.

אָמר לו: שאלות הרבה יש לי לשאול ומתירא אני שמא תכעים. נתעטף וישב לפניו, אָמר לו: כל שאלות שיש לך לשאול, שאַל!

אָמר לו: אתה הוא, הילל, שקוראים אותך: „נשיא יש־ראל״? אָמר לו: הן! אָמר לו: אם אתה הוא, לא ירבו כמותך בישראל! אָמר לו: בני, מפני מה? אָמר לו: מפני שאָבדתי על ידך אַרבע מאות זוז.

אָמר לו: הוי זהיר ברוחך! כדאי הוא הילל שתאבד על ידו אַרבע מאות זוז ואַרבע מאות זוז, והילל לא יקפיד[1].

די חכמים האָבן געלערנט, שטענדיק זאָל דער מענטש זיין אַזאַ געדולדיקער ווי הילל און נישט אַזאַ שטרענגער ווי שמאי! עס איז אַמאָל געווען אַ מעשה מיט צוויי מענטשן, וואָס האָבן זיך געוועט אויף פיר הונדערט גילדן, ווער עס וועט דערבייזערן הילל׳ן.

פרייטיק, ערב שבת, ווען הילל האָט זיך געוואַשן דעם קאָפּ, דרייט זיך יענער פאַר דער טיר און רופט: ווער איז דאָ הילל? ווער איז דאָ הילל? הילט זיך הילל איין, גייט אַרויס און זאָגט אים: מיין קינד, וואָס פאַרלאַנגסטו? ענטפערט יענער: איך האָב אַ פראַגע צו פרעגן. זאָגט אים הילל: פרעג מיין קינד, פרעג! — פאַרוואָס זענען די קעפּ ביי די בבל׳ער קיילעכדיק? (לויט אַן אַנדערער ווערסיע: לענגלעך). זאָגט אים הילל: מיין קינד, דו האָסט געפרעגט אַ וויכטיקע פראַגע, דאָס איז, ווייל זיי האָבן נישט קיין געשיקטע הייבאַמען. גייט ער אַוועק.

אין אַ ווײלע אַרום קומט ער ווידער צוריק און רופט: ווער איז דאָ הילל? ווער איז דאָ הילל? הילט זיך הילל איין, גייט אַרויס און זאָגט אים: מיין קינד, וואָס פאַרלאַנגסטו? ענטפערט יענער: איך האָב אַ פראַגע צו פרעגן. זאָגט אים הילל: פרעג מיין קינד, פרעג! — פאַר־וואָס האָבן די תדמורער, טריבע אויגן? זאָגט אים הילל: מיין קינד, דו האָסט געפרעגט אַ וויכטיקע פראַגע, דאָס איז, ווייל זיי וווינען צווישן זאַמדן. גייט ער אַוועק.

אין אַ ווײלע אַרום קומט ער ווידער צוריק און רופט: ווער איז דאָ הילל? ווער איז דאָ הילל? הילט זיך הילל איין, גייט אַרויס און זאָגט אים: מיין קינד, וואָס פאַרלאַנגסטו? ענטפערט יענער: איך האָב אַ פראַגע צו פרעגן. זאָגט אים הילל: פרעג מיין קינד, פרעג! — פאַרוואָס האָבן די אַפריקאַנער, ברייטע פיס? זאָגט אים הילל: מיין קינד, דו האָסט געפרעגט אַ וויכטיקע פראַגע, דאָס איז ווייל זיי וווינען צווישן בלאָטעס.

זאָגט ער צו הילל׳ן: איך האָב צו פרעגן אַ סך פראַגן, נאָר איך

---

1. שבת, לא, א. אָבות דרבי נתן, נו״א, טו; נו״ב, כט.

האָב מורא, טאָמער ווערסט דו זיך בייזערן. האָט הילל זיך גוט איינגעהילט, זיך אַנידערגעזעצט און געזאָגט: אַלע פראַגן וואָס דו האָסט צו פרעגן, פרעג!

זאָגט אים יענער: דאָס ביזט דו טאַקע, הילל, וואָס מען רופט דיך: יידישער נשיא? ענטפערט הילל: יאָ! — אויב אַזוי, זאָגט יענער, לא ירבו כמותך בישראל! זאָלן זיך נישט מערן צווישן יידן אַזעלכע ווי דו! פרעגט אים הילל: מיין קינד, פאַרוואָס? ענטפערט יענער: ווייל צוליב דיר האָב איך אָנגעווירן פיר הונדערט גילדן.

זאָגט אים הילל: דו זאָלסט זיין פאָרזיכטיק אין דיין אימפעט! הילל איז ווערט, אַז דו זאָלסט צוליב אים אָנווערן פיל מאָל פיר הונדערט גילדן, און הילל וועט זיך נישט בייזערן!

*

דאָס איינציקע מאָל ווי הילל און שמאי ווערן אַזוי אַוועקגעשטעלט איינער געגן דעם אַנדערן, עס איז, דאַכט זיך, דער איינציקער פאַל אין דער גאַנצער תלמודישער ליטעראַטור, ווי עס זאָלן ווערן אַוועקגע־שטעלט צוויי גרויסע אויטאָריטעטן, איינער געגן דעם אַנדערן, און עס זאָל נאָך דערביי אַזוי בולט ווערן אָנגעוויזן, אַז מען זאָל שטענדיק זיין אַזוי ווי איינער פון זיי און עס זאָל נאָך ווערן אַקצענטירט צוגעגעבן: אָבער נישט ווי דער אַנדערער.

"שטענדיק זאָל דער מענטש זיין אַזאַ געדולדיקער ווי הילל און זאָל נישט זיין אַזאַ קפדן ווי שמאי" — דאָס איז די לערע און באַלד דערנאָך קומט, אַלס אילוסטראַציע, די מעשה וועגן געוועט, וואָס ווערט אַזוי שיין און לעבעדיק דערציילט. איז עס זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין דער דאָזיקער דערציילונג קומען טאַקע צום אויסדרוק די כאַראַק־טעריסטישע אייגנטימלעכקייטן פון הילל'ן אין געגנזאַץ צו שמאי'ן.

ענוותן, ווערט דאָ נישט איבערגעזעצט: באַשיידענער, נאָר געדול־דיקער [1], ווייל אין דער דאָזיקער גאַנצער שילדערונג קומט נישט צום אויסדרוק קיין באַשיידנקייט. עס קומען יאָ צום אויסדרוק: שנעלע אָריענ־טאַציע, מענטשן־קענטעניש, געדולד, קאַלטבלוטיקייט און זעלבסטבאַ־ווסטזיין. די אַלע דאָזיקע וויכטיקע אייגנשאַפטן זענען, אגב, גאָרנישט קיין שום סתירה צו באַשיידנקייט; אָבער דאָ, אין דער דאָזיקער מעשה מיטן געוועט, קומט לגמרי נישט צום אויסדרוק קיין שום באַשיידנקייט.

---

1. ענוותנותו של זכריה בן אבקולס — איז רש"י מפרש: ענוותנותו — סבלנותו. (גיטין, נו, א).

די דאָזיקע שילדערונג איז, אגב, זער טרעפלעך און געלונגען אויף פאַרצושטעלן דעם כאַראַקטער־אונטערשיד צווישן דעם געדולדיקן, רואיקן און געמיטלעכן הילל געגן דעם ערנסטן, שטרענגען און שטור־מישן שמאי.

אויסער דעם וואָס ביי שמאי׳ן וואָלט צו דעם אַלעם נישט געקאָנט קומען, ווייל ווער וואָלט דאָס געדאַרפט זיך צו געוועטן וועגן דערבייזערן שמאי׳ן דעם קפדן?! — וואָלט בכלל גאָרנישט געקאָנט מעגלעך זיין אַזאַ האַנדלונג ביי שמאי׳ן.

קודם כל וואָלט שמאי אוודאי געהאַלטן, אַז מען טאָר גאָרנישט גורם זיין, אַז יענער זאָל ווייטער אָנגיין אין אַזאַ האַרבער עבירה, ווי ווען דערבייזערן אַ מענטש, כדי צו געווינען אַ געוועט. גאַנץ באַזונדער, וואָלט ער בכלל גאָרנישט געווען מסוגל דערצו, אַזוי זיך צו שפּילן מיט אַזאַ מין פּאַרשוין.

הילל האָט אָבער, קענטיק, געהאַלטן, אַז אַזאַ האַנדלונג האָט אַ דערציערישן ווערט: אַזוי אַרום ווייזט מען יענעם אויף, ווי נאַריש און גראָב ער איז און ווי אומזיניק ער האָט געהאַנדלט. אַזוי אַרום האָט הילל געוואָלט אים מאַכן פעאיק צו קאָנען באַגרייפן און אויפנעמען די לערע, די עכט הילל׳ישע לערע: הוי זהיר ברוחך! דו זאָלסט שוין זיין פאַרזיכטיקער און קליגער!

## שמאי׳ם קפדנות

פונדעסטוועגן דאַרפט מען וויסן, אַז דאָס גאַנצע קפדנות פון שמאי הזקן איז אויך נישט געווען, חלילה, אַזוי שרעקלעך.

אין אָנפאַנג מסכת אָבות ווערט, לויט דער כראָנאָלאָגישער אָרדע־נונג פון די חכמי ישראל, געבערענגט זייערע עטישע מאָראַלישע לערע אין דריי זער קורץ־געפאַסטע לער־זאַצן, וואָס זענען, גאַנץ וואַרשיינלעך, געווען זייער דעוויז אין לעבן. ווערט דאָרטן געבערענגט:

שמאי אומר: עשה תורתך קבע. אמור מעט ועשה הרבה. והוי מקבל את כל האדם בסבר פנים יפות![1]

1. משנה, אָבות, א, טו.

שמאי האָט געפֿלעגט צו זאָגן: די תורה זאָל זיין דיין שטענדיקע באַשעפֿטיגונג. זאָג ווייניג צו, און טו אַ סך. און זאָלסט יעדערן מענטש אויפֿנעמען העפֿלעך.

די חכמי המשנה והתלמוד בכלל האָבן באַזונדערס זיך אויסגעצייכנט דערמיט, דאָס די תורות וואָס זיי האָבן געלערנט יענעם — האָבן זיי, קודם כל און דער עיקר, אַליין געווען מקיים. ערשט אוודאי און אוודאי שמאי, וואָס מען ווייסט, ווי אַזוי ער האָט אַליין שטרענג אָפּגעהיטן די ערשטע צוויי אָנווייזונגען, קאָן מען גאַנץ דרייסט זיין איבערצייגט, אַז אויך בנוגע דער דריטער אָנווייזונג איז ער אויך נישט געווען אַזוי ווייט הינטערשטעליק.

נאָר וואָס דען? — אַז מען איז אַזוי ערנסט און שטרענג אָפּגעהיטן ווי שמאי און דערצו האָט מען אַזאַ בעל פּלוגתא ווי הילל, מיט הילל׳ס געדולד, איז אים גאָרנישט געהאַט געווען אַ סך מקנא צו זיין.

* * *

אַ פּראָבלעם, וואָס נאָך היינט קומט אויס, נישט זעלטן, צו לייענען אין די צייטונגען צווישן די באַריכטן פֿון די געריכטס־אונטערהאַנדלונגען:

אַ מענטש פֿאַרשרייבט אין זיין צוואה, אַז נאָך זיין טויט זאָל זיין גאַנץ פֿאַרמעגן געהערן אַ געוויסן פֿרעמדן מענטש אָדער צו וועלכער עס איז געוויסער ווילטעטיקער אינסטיטוציע, און פֿאַר זיינע אייגענע קינדער און קרובים לאָזט ער גאָרנישט איבער.

פֿאַרמעגל, יורידיש, איז דאָס פֿולשטענדיק אין אָרדענונג. ער האָט דאָס רעכט צו טוען מיט זיין פֿאַרמעגן, וואָס ער וויל. דאָס איז אָבער, ווי געזאָגט, נאָר פֿאָרמעל יורידיש, אָבער פֿאַקטיש איז דאָס נישט אין אָרדענונג. מעביר נחלה זיין, צונעמען אינגאַנצן דאָס ירושה־רעכט פֿון קינדער און קרובים, איז, פֿון פֿאַרשידענע שטאַנדפּונקטן, נישט ריכטיק.

אין אַזעלכע פֿאַלן, געוויינלעך, געפֿינען זיך די ריכטער אין אַ געוויסער פֿאַרלעגנהייט; זיי מוזן לאַווירירן צווישן דעם פֿאָרמעלן דין פֿון איין זייט, מיט פֿאַרשידענע גאָר וואָגיקע אַרגומענטן פֿון דער אַנדערער זייט.

אויך שמאי האָט אַמאָל, מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, זיך געפֿונען אין אַזאַ לאַגע; טאָ ווי אַזוי האָט ער געלעזן דעם דאָזיקן פּראָבלעם?

אָמר רבי יוסי בי רבי בון: אכין הוה עובדא, יונתן בן עוזיאל הדירו אָביו מנכסיו ועמד וכתבן לשמי. מה עשה

שמי? — מכר מקצת, והקדיש מקצת, ונתן לו במתנה את
השאָר, ואָמר: כל מי שיבוא ויערער על המתנה הזאת.
יוציא מיד הלקוחות ומיד ההקדש, ואחר כך יוציא מיד זה![1]

רבי יוסי ברבי בון זאָגט: די מעשה איז געווען אַזוי: דער פאָטער פון יונתן בן עוזיאל האָט אים גע׳אַסר׳ט צו האָבן הנאָה פון זיינע גיטער און האָט אַלץ פאַרשריבן פאַר שמאי׳ן. וואָס האָט שמאי געטוען? — עפּעס דערפון האָט ער פאַרקויפט, עפּעס האָט ער מקדיש געווען, און דאָס אַלץ איבריקע האָט ער, בתורת מתנה, געגעבן יונתן׳ען בן עוזיאל און האָט געזאָגט: ווער עס וועט קומען און וועלן מבטל זיין די מתנה, זאָל ער קודם כל צונעמען פון די קונים און פון הקדש, און ערשט דערנאָך זאָל מען אַנולירן די מתנה פאַר יונתן בן עוזיאל.

שמאי האָט דערמיט געמיינט צו ווייזן, דאָס אַזוי ווי ער קאָן פאַר־קויפן וועמען ער וויל און מקדיש זיין וויפיל ער וויל און קיינער קאָן דאָס נישט אַנולירן — אַזוי קאָן אויך קיינער נישט אַנולירן דאָס, וואָס ער האָט געגעבן יונתן בן עוזיאל.

זעט מען אויך פון דעם דאָזיקן פאַל, ווי שמאי האָט גאַנץ גוט געוווסט ווען, נישט צו רעכענען זיך מיט דעם פאָרמעלן דין, נאָר לפנים משורת הדין; נישט מיט דין, נאָר מיט יושר.

## דער באַוווסטזיין פון דער אייגענער ווערט

"הילל איז ווערט, אַז דו זאָלסט אָנווערן פיל מאָל פיר הונדערט גילדן און הילל וועט זיך נישט בייזערן".

דער באַוווסטזיין וועגן דעם אייגענעם מענטשלעכן פּערזענלעכן ווערט, איז נישט קיין שום סתירה צו באַשיידנקייט. פאַרקערט: וואָס מער דער מענטש ווייסט ריכטיק זיין ווערט און איז אַ מבין אויף זיך אַליין — איז ווערט־פולער און וויכטיקער זיין באַשיידנקייט. הילל האָט טאַקע גאַנץ גוט געוווסט זיין אייגענעם ווערט. ווי זאָגט ער:

אם אני כאן — הכל כאן; ואם איני כאן — מי כאן?![2]

1. ירושלמי, נדרים, ה, ו. אין תלמוד בבלי, בבא בתרא, קלג, ב, איז פאַרהאַנדן גאָר אַן אַנדערער נוסח, אָבער לויט עטלעכע געגוג קלאָרע באַווייזן איז צו זען, אַז דער דאָזיקער נוסח דאָ, פון תלמוד ירושלמי, איז דער ריכטיקער.

2. סוכה, נג, א.

אַז איך בין דאָ — איז אַלץ דאָ; אַז איך בין נישט דאָ — טאָ ווער איז דאָ?!

הילל מיינט דאָ אַוודאי צו זאָגן, אַז דער מענטש, יעדערער מענטש, האָט די פליכט און האָט אויך אַליין די מעגלעכקייט אויסצופירן און דערפילן די דערהויבנסטע מענטשלעכע אויפגאַבן, ווי ער דריקט זיך אויס:

אם אין אני לי — מי לי?! וכשאני לעצמי — מי אני?![1]

אַז איך וועל נישט זאָרגן פאַר זיך — טאָ ווער וועט פאַר מיר זאָרגן?! און ווען איך זאָרג נאָר פאַר זיך — וואָס בין איך, מישטיינס געזאָגט, אינגאַנצן?!

*

הילל האָט געלערנט צו האַלטן בכבוד אויך דעם גוף, נישט נאָר בלויז די נשמה. ער האָט געפּלעגט צו דערמאַנען, אַז דער מענטש איז באַשאַפן געוואָרן בצלם ובדמות, אין דעם געטלעכן געשטאַלט און פאָרם[2].

אָבער דער מענטש דאַרפט זיין באַשיידן און וואָס ער איז באַשיידענער — איז ער אַלץ העכער און דערהויבענער:

וכן היה הילל אומר: השפלתי — היא הגבהתי; הגבהתי — היא השפלתי![3]

און אַזוי האָט הילל געפּלעגט צו זאָגן: מיין באַשיידנקייט — איז מיין דערהויבנקייט; מיין שטאָלץ — איז מיין דערנידערונג.

## הילל׳ס גוטסקייט און העפלעכקייט

עס ווערן דערציילט מערערע מעשות וועגן הילל׳ס גוטסקייט און באַשיידנקייט[4]. עס ווערן אָבער דערביי אויך דערציילט פאַרשידענע גוזמאות און אַפּילו אויך אויסטערלישע זאַכן.

1. משנה, אבות, א, יב.
2. מדרש רבה, ויקרא, פרשת בהר, לד, ג.
3. מדרש רבה, ויקרא, א, ה; שמות, פרשת כי תשא, מה, ה.
4. ירושלמי, סוטה, ט. סנהדרין, יא, א. סוטה, מח, ב. אָבות דרבי נתן, נו״ב, כז. ילקוט שמעוני, חקת, תשסא.

אפשר מיינט גאָר טאַקע דער תלמוד צו זאָגן, אַז דאָס דערציילן אַליין, איז שוין גענוג כאַראַקטעריסטיש פאַר הילל׳ס לעגענדאַרן גוטסקייט.

*

הילל אומר: הוי מתלמידיו של אהרן: אוהב שלום ורודף שלום, אוהב את הבריות ומקרבן לתורה[1].

הילל האָט געפלעגט זאָגן: דו זאָלסט זיין פון אַהרן׳ס תלמידים: ליב האָבן שלום און שטרעבן נאָך שלום, ליבן מענטשן און זיי דער־נענטערן צו דער תורה.

דאָס באַמיען זיך פאַרן שלום און דאָס וועלן אויסמיידן מחלוקות און נישט לאָזן צערייצן די געמיטער, האָט געברענגט הילל׳ן צו ווייטע פשרות. ער האָט אַפילו מודה געווען אויף פעלערן, וואָס ער איז נישט באַגאַנגען און דערקלערט, אַז ער האָט זיך טועה געווען[2]. צוליב שלום האָט ער זיך דערלויבט אַפילו, צו זאָגן אַמאָל אַזעלכעס, וואָס האָט נישט דווקא געשטימט אינגאַנצן מיטן אמת[3].

באַלד דער דעוויז: הוי מתלמידיו של אהרן! זאָגט דאָך שוין ממילא, אַז צוליב שלום מעג מען אַ סך פאַרזען און מוותר זיין.

*

הגם יעדערער געדענקט דאָס נאָך פון חדר, איז זער כדאי, שטענ־דיק, נאָך אַ מאָל דאָס צו לערנען:

הילל אומר: אל תפרוש מן הציבור, ואל תאמין בעצמך עד יום מותך, ואל תדין את חברך עד שתגיע למקומו[4].

הילל זאָגט: דו זאָלסט זיך נישט אָפּזינדערן פון דער געזעלשאַפט! און ביז דיין לעצטן לעבנס־טאָג זאָלסט דו נישט זיין איינגעגלויבט אין זיך! און דו זאָלסט קיינעם נישט אורטיילן ביז דו געפינסט זיך נישט אין זיין לאַגע!

---

1. משנה, אבות, א, יב.
2. תוספתא, אהלות, טז; פרה, ג. ילקוט שמעוני, חקת, תשס״א.
3. ירושלמי, ביצה, ב; חגיגה, ב. תוספתא, חגיגה, ב. ביצה, כ, א. אגב, איז דאָס אַלץ וועגן איין פאַקט.
4. משנה, אבות, ב, ד.

**איז הילל געווען זער געמיטלעך, ער האָט באַרואיקט די געמיטער, פאַרגלעט יענעמס עוולות און געשאַפן אַרום זיך אַ גוטע און אַנגענעמע אַטמאָספערע.**

**פון הילל׳ן ווערט נאָכגעזאָגט דער שיינער און געמיטלעכער אויס־דרוק:**

הנח להם לישראל, אם אין נביאים הם — בני נביאים הם! [1]

**לאָז זיי, די יידן, זענען זיי נישט קיין נביאים — שטאַמען זיי דאָך פון נביאים.**

*

**עס זענען אויך פאַרהאַנדן אַזעלכע שלעכטע און נאַרישע מענטשן, וואָס האָבן אַפילו הילל׳ן אַריינגעבערענגט אין כעס. עס ווערט דערציילט ווי הילל האָט אַמאָל, ווי זיין שטייגער איז געווען, זיך צעשמועסט מיט פּראָסטע מענטשן און זיי האָבן אים געגעבן אַ זאָג:** בבלאָה טפשאָה, **נאַרישער בבל׳ער! און הילל האָט זיי גוט אָנגעשריגן:** שוטים וריקים! **אידיאָטן און ליידאַקעס! עס ווערט אָבער דאָרט צוגעגעבן:** ״מה עשה להם הילל הזקן? החזירן למוטב״. **וואָס האָט זיי געטוען הילל הזקן? ער האָט זיי אומגעקערט צום גוטן [2].**

**הילל איז אוודאי נישט געוואָרן אַזוי דערבייזערט צוליב דער באַ־ליידיגונג פון זיין אייגענעם כבוד, ווי עס האָט אים פאַרדראָסן די שלעכ־טע און מיאוסע געוווינהייט צו זידלען יענעם מיט דעם אָרט, פון וואַנען יענער שטאַמט.**

## רוח הקודש

משמתו חגי זכריה ומלאָכי, נביאים האחרונים, פסקה רוח הקודש מישראל. ואף על פי כן, היו משמיעין להן בבת קול. מעשה שנכנסו חכמים לבית גוריו ביריחו, ושמעו בת-קול אומרת: יש כאן אָדם שראוי לרוח הקודש, אלא שאין

---

1. פסחים, סו, ב. ירושלמי, שבת, יט, א. געברענגט אויבן, זייט 127.
2. אבות דרבי נתן, נו״א, יב.

מען האָט געזאָגט וועגן הילל׳ן, אַז ער האָט נישט אַדורכגעלאָזט קיין שום חכמה, אַז ער זאָל זי נישט לערנען, אַזוי פּרעמדע שפּראַכן, נאַטור־וויסנשאַפט, באָטאַניק, זאָאָלאָגיע, דעמאָנאָלאָגיע און שיינע ליטעראַטור.

## תלמידי בית שמאי

עס ווערט אין ערגעץ נישט אָנגעגעבן, וויפיל תלמידים עס האָט געהאַט שמאי און עס ווערן נישט אויסגערעכנט זייערע נעמען. עס איז, פאַרשטייט זיך, בלתי שום ספק, דאָס שמאי האָט געהאַט פיל תלמידים.

עס ווערט געברענגט: בית שמאי מחדדי טפי, די בית שמאי זענען שאַרפזיניגער ווי די בית הילל [1].

אַזוי ווערט דערמאָנט סתם: אחד מתלמידי בית שמאי [2]. אָדער: תלמיד אחד מתלמידי בית שמאי [3].

עס ווערט דערציילט, ווי אַ תלמיד האָט געזאָגט אַ דין, איז מען געקומען פרעגן אין יבנה, האָט מען דאָרטן געזאָגט: אינו אלא מתלמידי בית שמאי, דאָס איז נישט קיין אַנדערער נאָר פון די תלמידי בית שמאי; דאָס הייסט, אַז מען דאַרפט זיך נישט רעכענען מיט אים [4].

*

פיר תלמידי בית שמאי ווערן יאָ אָנגערופן ביי די נעמען, זיי ווערן אָבער געברענגט, ווען זיי זענען אין אַ הלכה מסכים מיט בית הילל:

רבי יוחנן בן החורנית, ווערט וועגן אים נאָר איבערגעגעבן, דאָס הגם ער איז געווען פון די תלמידי בית שמאי, האָט ער זיך געפירט אַזוי ווי די בית הילל, ביי אַ הלכה וועגן סוכה [5] און ביי נוהג זיין די דיני טהרות, אפילו ביי חולין [6].

*

דוסתאי איש כפר יתמי, ווערט דערמאנט איינמאָל אין דער משנה,

---

1. יבמות, יד, א.
2. ביצה, כ, ב.
3. תוספתא, אהלות, ה.
4. תוספתא, כלאים, א.
5. משנה, סוכה, ב, ז.
6. תוספתא,עדיות, ב; סוכה, ב. יבמות, טו, ב.

דאָס ער איז געווען פון די תלמידי בית שמאי און ער גיט איבער, דאָס ער האָט געהערט פון שמאי הזקן אַ הלכה, וואָס שטימט מיט דער הלכה פון די בית הילל[1].

*

יועזר איש הבירה, ער ווערט אויך נאָר איין מאָל דערמאָנט אין דער משנה, דאָס ער איז געווען מתלמידי בית שמאי און האָט איבערגע־געבן, אַז ער האָט אַמאָל געפרעגט אַ הלכה ביי רבן גמליאל הזקן און דער ענטפער האָט געשטימט מיט דער מיינונג פון די בעלי פלוגתא פון רבי אליעזר בן הורקנוס, דאָס הייסט, געוועגלעך, מיט די בית הילל[2].

*

בבא בן בוטא, ווערט וועגן אים דערציילט, דאָס הגם ער איז געווען פון די תלמידי בית שמאי, האָט ער געוווסט, אַז אין דער אַלטער פלוגתא וועגן סמיכה ביי די קרבנות אום יום־טוב, זענען גערעכט די בית הילל. האָט ער אַמאָל, יום־טוב, געלאָזט ברענגען דריי טויזנט שאָף פון דער בעסטער סאָרט און האָט זיי געלאָזט אויסשטעלן אויף דעם הר הבית און דערקלערט, אַז ווער עס וויל, זאָל קומען און פון זיי מקריב זיין אַ קרבן, לויט די אָנווייזונגען פון די בית הילל. איז טאַקע דאַמאָלט געוואָרן באַ־שטימט, אַז עס איז דערביי די הלכה ווי בית הילל[3].

# בבא בן בוטא

בבא בן בוטא איז אַן אויסנאַם צווישן די אַלע דאָזיקע פיר תלמידי בית שמאי, דאָס ביי אים ווערט יאָ דערציילט וועגן אַנדערע געשעענישן אויסער זיין מסכים זיין אויף אַ הלכה פון די בית הילל.

ווערט דערציילט אין תלמוד בבלי, דאָס ווען הורדוס האָט אומגע־ברענגט פיל פון די חכמי ישראל, האָט ער אויסגעמיטן בבא'ן בן בוטא, נאָר ער האָט אָבער באַפוילן אים בלינד צו מאַכן. ווערט דאָרטן ווייטער איבערגעגעבן, אַז דערנאָך האָט הורדוס געהאַט חרטה און געוויסנס־ביסן

1. משנה, ערלה, ב, ה.
2. משנה, ערלה, ב, יב.
3. תוספתא, חגיגה, ב; ירושלמי, ב, ג. ביצה, כ, א.

*

אגב איז דאָ אינטערעסאַנט צו באַמערקן:

אין דער משנה ווערט געברענגט סתם: אָמרו עליו על בבא בן בוטא, מען האָט געזאָגט וועגן בבא בן בוטא.

אין דער תוספתא און אין תלמוד ירושלמי ווערט געברענגט: והיה שם בבא בן בוטא, מתלמידי בית שמאי, און עס איז דאַמאָלט דאָרטן געווען, בבא בן בוטא פון די תלמידי בית שמאי. דאָס הייסט, אַז עס ווערט גערעדט וועגן בבא בן בוטא, אַלס מענטש, וואָס מען קאָן אים, אַזוי ווי מען זעט טאַקע פון דעם אַלעם, וואָס איז דאָ אויבן געוואָרן געברענגט וועגן אים.

דאַגעגן אָבער אין תלמוד בבלי ווערט באַנוצט דער אויסדרוק: היה שם זקן אחד ובבא בן בוטא שמו, איז דאָרטן געווען אַן אַלטער מאַן מיטן נאָמען בבא בן בוטא. און אַ צווייט מאָל: והיה שם זקן אחד מתלמידי שמאי הזקן, ובבא בן בוטא שמו, און עס איז דאָרטן געווען אַן אַלטער מאַן, פון שמאי הזקן׳ס תלמידים, מיטן נאָמען: בבא בן בוטא.

# תלמידי בית הילל

שמונים זוג של תלמידים היו לו להילל הזקן. גדול שבהם — יונתן בן עוזיאל, והקטן שבהם — רבן יוחנן בן זכאי. פעם אחת חלה, ונכנסו כולן לבקרו. עמד לו רבן יוחנן בן זכאי בחצר. אָמר להם: היכן הוא הקטן שבכם, שהוא אָב לחכמה ואָב לדורות; אין צריך לומר: הגדול שבכם. אָמרו לו: הרי הוא בחצר. אָמר להם: יכנס! כיון שנכנס, אָמר להם[1]: „להנחיל אוהבי יש, ואוצרותיהם אמלא״[2].

אַכטציק (פּאָר?) תלמידים האָט געהאַט הילל הזקן. דער עלטסטער פון זיי איז געווען יונתן בן עוזיאל, און דער ייִנגסטער — רבן יוחנן בן זכאי. אַמאָל איז הילל קראַנק געוואָרן, זענען זיי אַלע געקומען אים מבקר חולה זיין און רבן יוחנן בן זכאי איז געבליבן שטיין אין הויף. פרעגט זיי הילל: ווו איז דער ייִנגסטער צווישן אייך, וואָס איז דער אָב לחכמה

1. משלי, ח, כא.
2. ירושלמי, נדרים, ה, ו.

וואָב לדורות? (פאַרשטייט זיך שוין, וואָס עס איז דער עלטסטער). זאָגן זיי: ער איז אין הויף. הייסט אים הילל אַריינקומען און זאָגט דעם פסוק אין משלי: "איך האָב איבערצולאָזן ירושה פאַר מיינע ליבהאָבער און אָנפילן זייערע שפייכלער".

*

וועגן הילל׳ס אַכטציק תלמידים ווערט איבערגעגעבן אין תלמוד בבלי:

תנו רבנן: שמונים תלמידים היו לו להילל הזקן. שלושים מהן ראויים שתשרה עליהן שכינה כמשה רבינו, ושלושים מהן ראויים שתעמוד להם חמה כיהושע בן נון, עשרים בינונים. גדול שבכולן — יונתן בן עוזיאל, קטן שבכולן — רבן יוחנן בן זכאי[1].

די חכמים האָבן איבערגעגעבן: אַכטציק תלמידים האָט געהאַט הילל הזקן. דרייסיק פון זיי זענען געווען ראוי, אַז די שכינה זאָל אויף זיי רוען ווי אויף משה רבינו. דרייסיק פון זיי זענען געווען ראוי, אַז די זון זאָל ביי זיי בלייבן שטיין, אַזוי ווי ביי יהושע בן נון און צוואַנציק זענען געווען מיטעלע. דער עלטסטער פון זיי איז יונתן בן עוזיאל און דער ייִנגסטער פון זיי, איז רבן יוחנן בן זכאי.

*

פון די אַלע אַכטציק הילל׳ס תלמידים, וואָס ווערן לעגענדאַריש פאַרגעשטעלט, ווערט אָנגערופן ביים נאָמען, אויסער רבן יוחנן בן זכאי, נאָר בלויז יונתן בן עוזיאל.

אויסער אין די צוויי דאָ געבראַכטע מאמרים, ווערט יונתן בן עוזיאל דערמאָנט אין תלמוד ירושלמי, אין דער שוין אויבן־געבראַכטער דערציילונג, ווי זיין פאָטער האָט אים מעביר נחלה געווען און אַלץ פאַרשריבן פאַר שמאי הזקן[2].

---

1. סוכה, כח, א. בבא בתרא, קלד, א. אבות דרבי נתן, נו״א, יד.
2. אין תלמוד בבלי, בבא בתרא, קלג, ב, ווערט די דאָזיקע דערציילונג גאָר אַנדערש דערציילט, אָבער לויט געוויס קלאָרע באַווייזן איז צו זען, אַז דער עיקר איז דער נוסח פון תלמוד ירושלמי, נדרים, ה, ו, וואָס ווערט געבראַכט אויבן, אויף זייט 143.

גייט דאָס אָבער נישט אַזוי לייכט און די בית שמאי לאָזן זיך נישט אַזוי שנעל באַזייטיקן און לאָזן זיך נישט אַראָפּפירן פון זייערן וועג — איז עס געווען אַ זער שווערער און גאָר ווייטיקדיקער פּראָצעס, דאָס אַריבערגיין פון דער שיטה פון בית שמאי, צו דער פון בית הילל.

אוודאי וואָלט מען געוואָלט אין יבנה, אַז אַלץ זאָל צוגיין גלאַטיק און גאַנץ פרידלעך, אָבער דאָס לעבן בכלל איז נישט קיין אידיליע, ערשט נאָך דאַמאָלט אין יענער אַזוי אכזריות׳דיקער עפּאָכע.

אַז מען מאַכט געוויי דעם חשבון, מוז מען באַוואונדערן, וואָס דער דאָזיקער אַזוי טראַגישער איבערגאַנג איז דאַמאָלט דאָרטן אין יבנה אַדורך אַזוי פרידלעך, אַזוי מענטשלעך.

*

די שפּעטערדיקע חכמים האָבן אויף זייער שטייגער געזוכט אַ מאָטיוו, פאַרוואָס די בית הילל האָבן זוכה געווען דערצו, אַז די הלכה זאָל זיין אַזוי ווי זיי:

וכי מאחר שאלו ואלו דברי אלהים חיים, מפני מה זכו בית הילל לקבוע הלכה כמותן? — מפני שנוחים ועלובים היו, ושונין דבריהן ודברי בית שמאי. ולא עוד, אלא שמק־דימין דברי בית שמאי לדבריהן [1].

אַז ביידע זענען דברי אלהים חיים, טאָ פאַרוואָס האָבן דווקא די בית הילל זוכה געווען, אַז עס זאָל ווערן באַשטימט די הלכה אַזוי ווי זיי? — ווייל זיי זענען געווען אַנגענעם און באַשיידן און זיי ברענגען אויך די מיינונגען פון די בית שמאי. נאָך מער: די מיינונגען פון די בית שמאי ברענגען זיי פריער ווי זייערע אייגענע מיינונגען.

אין תלמוד ירושלמי ווערט נאָך צוגעגעבן:

ולא עוד, אלא שהיו רואין דברי בית שמאי וחוזרין בהן [2].

נאָך מער, אַז זיי האָבן געזעען, אַז די בית שמאי האָבן רעכט — האָבן זיי נאָכגעגעבן.

---

1. עירובין, יג, ב.
2. ירושלמי, סוכה, ב, ח. אויסער די שוין אויבן, אויף זייט 100 און 107 דער־מאָנטע פלוגתות, וואָס חזרו בית הילל להורות כבית שמאי, קאָן מען נאָך צוגעבן: משנה, עדיות, א, יד; כלים, ט, ב; אהלות, ה, ד. עס איז דאָ אויך כדאי צו ברענגען די משנה, דמאי, ו, ו: „וצנועי בית הילל היו נוהגין כדברי בית שמאי”.

# איז שטענדיק די הלכה ווי בית הילל?

ניין, נישט שטענדיק איז די הלכה ווי בית הילל!

טאָ, ווען יאָ און ווען נישט?

דאָס יידישע פאָלק האָט אין דער גאַנצער צייט במשך פון די טויזנט ניין הונדערט יאָר, זייט עס איז געוואָרן אין יבנה אָנגענומען די רעזאָ־לוציע: לעולם הלכה כבית הילל — ווי געהעריק זי קאָרעגירט:

אין פּרטים און אַפילו ביי וויכטיקע פּראָבלעמען, איז הלכה כבית הילל.

דאָס איז אָבער נאָר בנוגע פּרטים און ביי אפילו וויכטיקע, אָבער דאָך נאָר צוויט־ראַנגיקע פּראָבלעמען. דאַגעגן אָבער, ווען עס האַנדלט זיך וועגן די יסודות פון יידישקייט, וועגן די פונדאַמענטאַלע לעבנס־פּאָרמען פון בית ישראל — דאַמאָלט איז טראַץ אַלעם, עד היום הזה, ביזן היינטיקן טאָג, הלכה כבית שמאי.

דער גייסט פון דעם אייגנטלעכן היסטאָרישן יידנטום, וואָס האָט באַ־וויזן דאָס, וואָס קיין שום אומה ולשון פון דער גאַנצער וועלט האָט עס נישט באַוויזן און האָט עס גאָרנישט געקאָנט באַווייזן; דאָס דאָזיקע יידנטום, וואָס גרויסע מאַסן פון פאָלק, מענער און פרויען, האָבן געגנוג אָפּט, אַזוי איבערמענטשלעך זיך מוסר נפש געווען אויף קידוש השם — דער דאָזיקער יידישער גייסט איז דער גייסט פון די הייסע קאָכעדיקע יידן פון די בית שמאי, פון אָט די דאָזיקע קנאים, די פאַנאַטישע קעמפער פאַר דעם גייסט פון ישראל סבא, פאַר דעם עכטן, אָריגינעלן יידישן גייסט.

אַוודאַי זענען די בית הילל גוטע און טייערע יידן, אַנגענעמע און ליבע מענטשן מיט פיינער באַנעמונג און העפלעכער האַלטונג און זענען איבערגענומען מיט ליבעראַלע און פּראָגרעסיווע אַנשויאונגען. תבוא עליהם ברכה, זיי זאָלן זיין געבענטשט פאַר די אַלע פאַרלייכטערונגען, וואָס זיי האָבן אַריינגעברענגט אין יידישקייט — אָבער בלויז פון אַזאַ אידל און ווייך מאַטעריאַל קאָן בשום אופן נישט ווערן אויסגעשמידט אַזאַ פאָלק, אַזאַ יידיש פאָלק, וואָס זאָל אַזוי אויסהאַלטן אַלע פייער־פּראָבן.

ווען שמאי וואָלט אויפגעשטאַנען, ווען עס איז, אין פאַרלויף פון דער גאַנצער יידישער היסטאָריע אין גלות, וואָלט ער גאַנץ דרייסט געקאָנט זיך באַנוצן מיט דעם באַקאַנטן אויסדרוק:

אותי עזבו ואת תורתי שמרו [1].

מיך האָבן זיי טאַקע פאַרלאָזט, אָבער מיין תורה היטן זיי!

---

1. מדרש רבה, איכה, פתיחתא. געברענגט אויבן אויף זייט 40.

# רבן יוחנן בן זכאי אין פאָלקס־באַוווסטזיין

רבן יוחנן בן זכאי געהערט צו די אויסדערוויילטע יחידי סגולה, די ליבלינגען צווישן די באַרימטסטע גרויסע יידן פון אַלע דורות.

די יידישע ייִנגלעך האָבן געמאַכט די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט רבן יוחנן בן זכאי, אין די חדר, אין די ווינטערדיקע טעג, ווען זיי האָבן ערשט נישט לאַנג געהאַט אָנגעהויבן צו לערנען חומש־רש״י. ליגט נאָך הייַנט דער טעם אין מויל פון דאַמאָלט, ווען מען האָט דאָס ערשטע מאָל גע־לערנט דעם מאמר פון דער מכילתא, וואָס רש״י ברענגט אין פרשת משפטים:

> אָמר רבן יוחנן בן זכאי: אוזן זאת ששמעה על הר סיני:
> לא תגנוב! והלך וגנב — תרצע! [1]

רבן יוחנן בן זכאי האָט געזאָגט: דאָס דאָזיקע אויער, וואָס האָט געהאָט געהערט אויף דעם באַרג סיני: ״דו זאָלסט נישט גנב׳ענען!״, איז ער געגאַנגען און גע׳גנב׳ט — זאָל עס ווערן דורכגעבויערט!

שפּעטער, ווען מען האָט שוין אין חדר געלערנט גמרא, האָט מען ערב תשעה באב, ביים לערנען וועגן חורבן בית המקדש, מיטגעלעבט אין פיבער, צוזאַמען מיט רבן יוחנן בן זכאי, די טראַגישע עפּאָפּעע פון חורבן ירושלים. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָט מען דאַמאָלט אויפגע־נומען דאָס געשפּרעך צווישן רבן יוחנן בן זכאי מיט דעם צוקונפטיקן רוימישן אימפּעראַטאָר [2].

הגם די יידישע קינדערלעך האָבן דאַמאָלט געהאַט שטאַרק פאַראיבל אויף דעם טייערן און האַרציקן רבן יוחנן בן זכאי, הלמאי ער האָט אַזוי וועניג פאַרלאַנגט, נישט מער נאָר יבנה — איז ער דאָך געבליבן זייער ליב און טייער. מען האָט זיך געפילט מיט אים זייער היימיש און אַזוי איז ער געבליבן אין זכרון און אין באַוווסטזיין אַלע יאָרן.

---

1. שמות, פרשת משפטים, כא, ו.
2. גיטין, נו, א.



עס איז אַ זער אינטערעסאַנטע דערשיינונג, דאָס רבן יוחנן בן זכאי, וואָס איז אויף אייביק פאַרבונדן מיט דער טרויעריגסטער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע, מיט חורבן ירושלים, און דערביי אויך ממילא מיט דעם טרויעריגסטן טאָג אינעם יאָר: תשעה באב — דערשיינט ער תמיד אין דעם זכרון און אין דער פאַרשטעלונג פון פאָלק אַזוי העל און לויטער, קלאָר און ליכטיק, דאָס עס ווערט רואיק אין געמיט און גוט אויפן האַרצן, ווען נאָר מען טראַכט וועגן אים.

מען פילט אַ שלות־הנפש, אַ זעלישע האַרמאָנישע רואיקייט, אַ צאַרטע גוטסקייט און ליכטיקייט אין אַלע אויסערונגען פון רבן יוחנן בן זכאי; אין אַלע זיינע מעשים, אין זיינע תורות און אין אַלעם וואָס עס ווערט וועגן אים דערציילט.

די ליכטיקע פערזענלעכקייט פון רבן יוחנן בן זכאי האָט באַשטראַלט און באַלויכטן דעם יידישן האָריזאָנט, וואָס איז פאַרפינסטערט געוואָרן ביי חורבן ירושלים. זיין זכרון באַשיינט און באַלייכט דאָס פאָלק אין דעם, אַזוי אָפט, פינסטערן גלות.

אין דער לעצטער משנה אין מסכת סוטה, ווו עס ווערט אויסגעצעכנט די באַזונדערע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן פון די גרויסע יידישע חכמים, ווערט זי ביי רבן יוחנן בן זכאי באַצייכנט אַלס: זיו החכמה, דאָס לויטערקייט פון דער חכמה. אייגנטלעך איז דאָס נישט גאַנץ פאַרשטענדלעך: אַוודאַי ווייסט מען, אַז חכמה איז לויטער און ליכטיק און די חכמים, די אמת׳ע חכמים, האָבן די לויטערקייט פון דער חכמה. טאָ פאַרוואָס האָט נאָר רבן יוחנן בן זכאי זוכה געווען דערצו?

רש״י, ביי זיין אַזוי נאָבעלע ערלעכקייט און באַשיידנקייט, שרייבט טאַקע דאָרטן אויף דער שטעלע אין זיין פירוש, אין זיין באַרימטן קאָמענטאַר: זיו חכמה — זה לא ידענא מה היא, דאָס, ווייס איך נישט, וואָס עס איז[1]

פונדעסטוועגן דאַרפט מען שטענדיק געדענקען דעם כלל פון אונזערע חכמים: לא נתנה תורה למלאכי השרת, די תורה איז נישט געגעבן געוואָרן פאַר מלאכים, נאָר פאַר מענטשן[2]. יעדערער מענטש, יעדער געוועגלעכער און פשוט׳ער מענטש, האָט דאָס רעכט און אַפילו די פליכט צו וועלן און צו שטרעבן צו פאַרשטייען, אַפילו דאָס, וואָס די גרעסטע און הייליקסטע מענטשן האָבן געזאָגט, אַז זיי פאַרשטייען דאָס נישט.

---

1. סוטה, מט, א.
2. ברכות, כה, ב.

דאָס וואָס עס איז געוואָרן באַזונדער צוגעשריבן צו רבן יוחנן בן זכאי זיו החכמה, דאָס לויטערקייט פון דער חכמה, קאָן מען דערקלערן גאָר פשוט מיט די פערזענלעכע אייגנשאַפטן פון רבן יוחנן בן זכאי, ווייל אויסער די חכמה גופא, די תורה, וואָס ער האָט געלערנט מיט זיינע גרויסע תלמידים און מיטן גאַנצן פאָלק — האָט זיין פערזענלעכער חן און צויבער, זיין איידלקייט און ליכטיקייט, וואָס האָט פון אים אַרויס־געשטראַלט, געהאַט די ליכטיקע השראה און די אַזוי געבענטשטע השפעה אויף יענעם גרויסן טראַגישן דור.

אויסער די תורה און חכמה, וואָס רבן יוחנן בן זכאי האָט געלערנט מיטן פאָלק, האָט שוין זיין ליכטיקע פערזענלעכקייט באַאיינפלוסט דאָס פאָלק נישט אַריינצופאַלן אין יאוש, אין פאַרצווייפלונג, און אין אַפּאַטיע. ער האָט אויסגעלייטערט דאָס באַטריבטע געמיט און באַלויכטן דאָס פינס־טערקייט פון גלות באַלד ביי דער התחלה.

*

אין תלמוד בבלי רעדט זיך וועגן עטלעכע געהיימע סימנים און רמזים, אַזעלכע סיגנאַלן, וואָס זענען געוואָרן באַנוצט אין די געפערלעכע צייטן, ווען עס האָט געהאַט געהערשט דער שווערער טעראָר מצד דער פיינדלעכער מאַכט. צווישן אַנדערע ווערט דאָרטן אויך גערעכנט: אור הנר בברור חיל, וואָס די מפרשים טייטשן אויס אויף אַ שווערן און נישט זער וואָרשיינלעכן אופן.

עס זעט זיך אויס, אַז דאָס איז געהאַט געווען אַזאַ סיסמאַ, אַזאַ דעוויז, וואָס איז געוואָרן באַנוצט אין יענע שווערע צייטן, אַ דעוויז, וואָס האָט געהאַט אַ געהיימע פאַרשטעלטע באַדייטונג. די פשוט׳ע און עפנטלעכע באַדייטונג איז גאַנץ קלאָר: ברור חיל, איז דאָך דער נאָמען פון דער שטאָט, ווו רבן יוחנן בן זכאי האָט פאַרברענגט די לעצטע צייט, נאָכדעם ווי רבן גמליאל האָט געהאַט איבערגענומען דאָס נשיאות אין יבנה. איז גאַנץ פאַרשטענדלעך און גאָר פשוט, אַז אין דער שטאָט, ווו עס וווינט רבן יוחנן בן זכאי, לייכט אַ ליכט

## אור הנר בברור חיל.

עס לייכט אַ ליכט אין ברור חיל[1].

1. סנהדרין, לב, ב.

דוד מלכי

# פשוט־מענטשלעכע נאַטירלעכקייט

צוליב דער קלאָרקייט און האַרמאָנישער גאַנצקייט פון דעם געשטאַלט און פון דער פּערזענלעכקייט פון רבן יוחנן בן זכאי, האָט זיך נישט גע־וועבט, כמעט, קיין לעגענדעס אַרום זיין פּערזאָן און וועגן זיין לעבן בכלל.

לעגענדעס ווערן געוויינלעך געוועבט אין אַ נישט־קלאָרער אַטמאָס־פערע, אָבער נישט אין אַזאַ סביבה אַרום רבן יוחנן בן זכאי, ווו עס הערשט קלאָרקייט און ליכטיקייט. לעגענדאַרע דערציילונגען און איבער־געטריבענע שילדערונגען ווערן געוויינלעך געשאַפן דאָרטן, ווו עס פעלן אויס רעאַלע ידיעות וועגןווירקלעכע היסטאָרישע געשעענישן.

וועגן רבן יוחנן בן זכאי ווערט נישט דערציילט קיין שום אויסטער־לישע זאַכן און קיין נסים ונפלאות. אַלץ וואָס ווערט וועגן אים איבער־געגעבן איז זער איינפאַך, אָבער האַרציק און פּשוט מענטשלעך. אַלץ איז ביי אים און לגבי אים, נאַטירלעך און אָן שום גוזמא. אַזוי איז אויך זער פּשוט געשילדערט זיין העפלעכקייט און באַשיידנקייט:

אָמרו עליו על רבן יוחנן בן זכאי: שלא הקדימו אָדם שלום מעולם, ואפילו נכרי בשוק[1].

מען האָט געזאָגט וועגן רבן יוחנן בן זכאי, אַז קיינער האָט נישט באַוויזן אַמאָל אים צו באַגריסן פריער, אַפילו אַ פרעמדער, אַ גוי, אין גאַס. אַזוי ווערט אויך צווישן אַנדערעס איבערגעגעבן:

ולא פתח אָדם דלת לתלמידיו, אלא הוא בעצמו[2].

און קיינער האָט נישט געעפנט די טיר פאַר די תלמידים, נאָר רבן יוחנן בן זכאי אַליין.

*

מעשה ברבי חנינא בן דוסא שהלך ללמוד תורה אצל רבן יוחנן בן זכאי, וחלה בנו של רבן יוחנן בן זכאי. אָמר לו: חנינא בני, בקש עליו רחמים, ויחיה! הניח ראשו בין ברכיו ובקש עליו רחמים, וחיה. אָמר רבן יוחנן בן זכאי:

---

1. ברכות, יז, א.
2. סוכה, כח, א.

אלמלי הטיח בן זכאי את ראשו כל היום כולו, לא היו משגיחים עליו [1].

עס האָט פּאַסירט מיט רבי חנינא בן דוסא, דאָס ער איז געגאַנגען לערנען תורה ביי רבן יוחנן בן זכאי, איז דאַמאָלט גראָד קראַנק געוואָרן זיין זון. זאָגט ער אים: חנינא מיין קינד, בעט פאַר אים רחמים, אַז ער זאָל געזונט ווערן. האָט רבי חנינא אַריינגענומען דעם קאָפּ צווישן די קניען און געבעטן פאַר אים רחמים, און ער איז געזונט געוואָרן. האָט געזאָגט רבן יוחנן בן זכאי: ווען בן זכאי וואָלט אַפילו אַ גאַנצן טאָג זיך געקלאַפּט אין קאָפּ, וואָלט גאָרנישט געהאָלפן.

עס איז אינטערעסאַנט צוצוגעבן, דאָס די פרוי האָט געפרעגט: איז טאַקע חנינא גרעסער פון דיר?! האָט רבן יוחנן בן זכאי איר באַרואיקט מיט אַ שיינעם משל.

*

אַזוי ווערט אויך דערציילט, ווי אַן אַנדערשט מאָל, ווען עס איז געשטאָרבן אַ זון ביי רבן יוחנן בן זכאי און די תלמידים זענען געקומען אים טרייסטן.

גייט אַריין רבי אליעזר בן הורקנוס און זאָגט: רצונך, אומר דבר אחד לפניך, אַז דו דערלויבסט מיר, וועל איך עפּעס זאָגן. ענטפערט רבן יוחנן בן זכאי: זאָג! זאָגט רבי אליעזר: אָדם הראשון האָט געהאַט אַ זון, איז ער געשטאָרבן — האָט ער אָנגענומען טרייסט, טאָ לאָז זיך אויך טרייסטן! זאָגט ער אים: האָב איך דען וועניג מיין אייגענעם צער, דערמאַנסטו מיר, אויך דעם צער פון אָדם הראשון?!

קומט אַריין רבי יהושע בן חנניה און זאָגט דאָס זעלבע וועגן איוב'ן: איוב האָט געהאַט זין און טעכטער און אַלע זענען אים אויסגעשטאָרבן אין איין טאָג, פונדעסטוועגן האָט ער אָנגענומען טרייסט און האָט געזאָגט:

ה' נתן וה' לקח, יהי שם ה' מבורך!

גאָט האָט געגעבן און גאָט האָט גענומען, זאָל גאָט'ס נאָמען זיין געבענטשט! [2]

1. ברכות, לד, ב.
2. איוב, א, כא.

ענטפערט רבן יוחנן בן זכאי רבי יהושע׳ן דאָס זעלבע, וואָס ער האָט פריער געהאַט געענטפערט רבי אליעזר׳ן:

לא די לי שאני מצטער בעצמי, אלא שהזכרת לי צערו של איוב?!

האָב איך דען נישט גענוג מיין אייגענעם צער, דערמאַנסטו מיר נאָך אויך איוב׳ס צער?!

רבי יוסי הכהן דערמאָנט די מעשה מיט די צוויי זין פון אַהרן הכהן, נדב ואביהו, וואָס ביידע זענען געשטאָרבן אין איין טאָג און דאָך האָט ער אָנגענומען טרייסט.

רבי שמעון בן נתנאל דערמאָנט, ווי ביי דוד המלך איז געשטאָרבן זיין זון און האָט באַלד זיך געלאָזט טרייסטן.

אויך זיי, ענטפערט רבן יוחנן בן זכאי דאָס זעלבע, וואָס ער האָט געענטפערט די צוויי פריערדיקע.

גייט אַריין רבי אלעזר בן ערך און דערציילט אַ געמיטלעכן משל און פירט אויס:

אף אתה, רבי, היה לך בן, קרא תורה, מקרא, נביאים וכתובים, משנה, הלכות ואגדות, ונפטר בלא חטא — ויש לקבל עליו תנחומים כשהחזרת פקדונך שלם.

אמר לו רבן יוחנן בן זכאי: אלעזר בני, נחמתני כדרך שבני אדם מנחמים[1].

רבי, דו האָסט געהאַט אַ זון, האָט ער געלערנט תורה, נביאים און כתובים, ער האָט געלערנט משנה, הלכות און אגדות, און איז אַוועק פון דער וועלט אָן זינד — דאַרפסט דו יאָ אָנעמען טרייסט, אַז דו האָסט אים צוריקגעגעבן בשלמות, אַזוי ווי עס דאַרפט צו זיין!

זאָגט רבן יוחנן בן זכאי:

אלעזר, מיין קינד, דו טרייסט מיך טאַקע אַזוי ווי מענטשן פלעגן טרייסטן.

*

1. אבות דרבי נתן, נו״א, יד.

אַוודאַי זענען זער פאַרשטענדלעך די רייד פון די פיר תלמידים, וואָס טרייסטנדיק דעם רבי׳ן, האָבן זיי אַזוי דיסקרעט אים פאַרגליכן מיט יענע באַרימטע מענער פון תנ״ך. אָבער רבן יוחנן בן זכאי, ביי זיין נאַטירלעך פשטות, איז אים געווען מער צום האַרצן די רייד פון רבי אלעזר בן ערך, וואָס קאָנען אויך ווערן אָנגעווענדן לגבי אַלע פשוט׳ע ערלעכע יידן.

*

דאָס פאָלקסטימלעכקייט פון רבן יוחנן בן זכאי און זיין פאַרשטענדעניש פאַר די פשוט׳ע פאָלקס־מענטשן, קומט זער אָפט צום אויסדרוק אין זיינע פאָפולערע שמועסן און אין דעם פאָלקסטימלעכן אויסטייטשן די תורה און אויך די געשעענישן אין דער יידישער געשיכטע. אָט למשל אַזאַ מאמר:

— מפני מה גלו ישראל לבבל יותר מכל הארצות כולן? מפני שבית אברהם אביהם משם. משלו משל למה הדבר דומה, לאשה שקילקלה על בעלה, להיכן משלחה? — לבית אביה[1].

פאַרוואָס זענען די יידן געוואָרן פאַרטריבן (נאָך דעם ערשטן חורבן בית המקדש) קיין בבל און נישט אין אַן אַנדער לאַנד? — ווייל דאָרטן איז אַמאָל געהאַט געווען דאָס הויז פון זייערן פאָטער אַברהם. עס איז למשל אַזוי ווי אַ פרוי פאַרזינדיקט זיך געגן איר מאַן, טאָ וואוהין שיקט ער זי? — אַוודאַי שיקט ער זי צוריק אין איר פאָטערס הויז.

## תורה ביי רבן יוחנן בן זכאי

רבן יוחנן בן זכאי קבל מהילל ומשמאי. הוא היה אומר: אם למדת תורה הרבה — אל תחזיק טובה לעצמך, כי לכך נוצרת![2]

1. תוספתא, בבא קמא, ז.
2. משנה, אבות, ב, א.

רבן יוחנן בן זכאי האָט איבערגענומען פון הילל און פון שמאי. ער האָט געפּלעגט צו זאָגן: אַז דו האָסט געלערנט אַ סך תורה — נעם זיך נישט דערמיט איבער, דו ביזט דאָך דערצו באַשאַפן געוואָרן (דאָס איז דאָך דיין באַשטימונג)!

די דאָזיקע אַזוי קורצע און קאָנדענסירטע משנה אין פּרקי אָבות, וואָס זי געדענקט זיך נאָך פון יענע קינדער־יאָרן אין די זומערדיקע שבתים אין חדר, לערנט דריי זאַכן:

ערשטנס. רבן יוחנן בן זכאי, דער אייגנטלעכער נאָכפאָלגער פון הילל'ן, איז נישט איינזייטיק און האָט נישט איגנאָרירט די תורה פון שמאי'ן. ער האָט איבערגענומען די תורה פוןביידע גרויסע לערער.

צווייטנס. לכך נוצרת! צו דעם ביזטו באַשאַפן געוואָרן! דיין אויפ־גאַבע און דיין באַשטימונג — איז די תורה. די תורה אין דעם פולן זינען פון וואָרט.

דריטנס, אַל תחזיק טובה לעצמך! אַז דו האָסט טאַקע יאָ דאָס גרויסע גליק צו האָבן געלערנט תורה, טאָ זיי געוואָרנט נישט צו קומען צו קיין גאווה, צו קיין פוסטן שטאָלץ און צו נאַרישע איינרעדענישן!

*

צוויי מאמרים וועגן די דינים פון מזבח, ווו עס קומט צום אויס־דרוק, ווי רבן יוחנן בן זכאי האַלט הויך די בני תורה און וואָס ער פאַרלאַנגט פון זיי.

„מזבח אבנים, לא תניף עליהם ברזל"[1] — והרי דברים קל וחומר: ומה אבנים, שאינן לא רואות ולא שומעות ולא מדברות, על שמטילות כפרה בין ישראל לאביהם שבשמים, אָמר הכתוב: „לא תניף עליהם ברזל!" — בני תורה, שהם כפּרה לעולם, על אחת כמה וכמה שלא ליגע בהם אחד מן המזיקים כולם[2]

„אַ מזבח פון שטיינער, זאָלסט נישט אויפהייבן אויף זיי קיין אייזן!" (זאָגט די תורה) — איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדלעך: אויב שטיינער, וואָס נישט זיי זעען, נישט זיי הערן און נישט זיי רעדן, נאָר דערפאַר

1. דברים, פרשת כי תבוא, כז, ה.
2. תוספתא, בבא קמא, ז, ב. מכילתא דרבי שמעון בן יוחאי, יתרו, כ, כה.

וואָס זיי ברענגען פאַרגעבונג צווישן יידן מיט זייער פאָטער אין הימל, זאָגט די תורה: דו זאָלסט אויף זיי נישט אויפהייבן קיין אייזן! — טאָ, בני תורה, וואָס זיי זעלבסט זענען פאַרגעבונג פאַר דער וועלט, איז דאָך אַוודאַי צו פאַרשטיין, אַז קיין שום מזיקים זאָלן זיי נישט באַרירן.

*

רבן יוחנן בן זכאי האָט אויך געוויזן ווי פון דעם זעלבן דין וועגן מזבח, דאַרפט מען זיך לערנען, ווי וויט בני תורה זאָלן שטרעבן צו שלמות און צו רעכטפערטיקייט:

הרי הוא אומר: „אבנים שלמות תבנה את מזבח ה׳ אלהיך״, אבנים שמטילות שלום בין ישראל לאביהם שבשמים, אָמר המקום: יהיו שלמות לפני — בני תורה, שהם שלום בעולם, על אחת כמה וכמה שיהיו שלמים לפני המקום.

עס איז געזאָגט אין דער תורה: ״גאַנצע שטיינער זאָלסטו בויען דאָס מזבח צו דיין גאָט״ — שטיינער, ווייל זיי ברענגען שלום צווישן יידן מיט זייער פאָטער אין הימל, זאָגט דער רבונו של עולם: ״זיי זאָלן זיין גאַנץ, פאַר מיר!״ — טאָ, בני תורה, וואָס זיי זעלבסט זענען דער שלום אויף דער וועלט, דאַרפן זיי דאָך אַוודאַי און אַוודאַי זיין גאַנץ פולשטענדיק, פאַרן רבונו של עולם.

*

דער עיקר ביי רבן יוחנן בן זכאי איז געווען, דאָס מען זאָל קודם כל אַליין אָנווענדן ביי זיך, דאָס וואָס מען וויל לערנען יענעם. פון אים שטאַמט טאַקע די שיינע און קורצע באַצייכענונג: נאה דורש ונאה מקיים, ער פרעדיגט שיין און ווענדט דאָס שיין אָן ביי זיך אַליין[1].

„אשר נשיא יחטא״[2] — אָמר רבן יוחנן בן זכאי: אשרי הדור שהנשיא שלו מביא חטאת על שגגתו. אם על שגגתו מביא חטאת — צריך לומר, מה הוא על זדונו?! אם נשיא שלו מביא חטאת — צריך לומר, מהו הדיוט?![3]

1. תוספתא, חגיגה, ב.
2. ויקרא, ד, כב.
3. ספרא. תוספתא, בבא קמא, ז. הוריות, י, א.

"אַז דער נשיא זינדיגט" (זאָל ער ברענגען אַ באַשטימטן קרבן, איז געשריבן אין דער תורה) — זאָגט רבן יוחנן בן זכאי: ווייל איז דעם דור, דאָס זיין נשיא (זיין פּרעזידענט) אָנערקענט זיינע אומגערן־באַגאַנגענע זינד. אַז ער אָנערקענט זיינע שטרויכלונגען — טאָ אָנערקענט ער דאָך אַוודאי זיינע באַוווסטזיניק־באַגאַנגענע זינד. אויב דער נשיא פירט זיך אַזוי — טאָ פאַרשטייט מען דאָך שוין, ווי אַזוי עס פירט זיך אַ געוועהנלעכער מענטש!

*

דער גלויבן אין דער תורה איז אַזוי ווייט דערגאַנגען ביי רבן יוחנן בן זכאי, דאָס ער איז געווען איבערצייגט, אַז די תורה איז, אויסער אַלעם, אויך אַ רפואה און אַ גוטע סגולה אויף אריכות ימים, אויף לעבן לאַנגע יאָרן.

ווערט דערציילט, אַז אין ירושלים איז אַמאָל געווען אַ געוויסע משפחה, וואָס איז געהאַט געווען געשטראָפט מיט קיצור ימים, געשטאָרבן יינגערהייט. האָט רבן יוחנן בן זכאי געזאָגט:

לכו ועסקו בתורה, וחיו!

נעמט זיך עוסק צו זיין אין דער תורה, וועט איר לעבן!

ווערט איבערגעגעבן, אַז עס האָט טאַקע געהאָלפן און פון דאַמאָלט אָן איז זי געוואָרן גערופן: "רבן יוחנן'ס משפחה"[1].

*

עס ווערט איבערגעגעבן וועגן דער אויסערגעוועהנלעכער התמדה פון רבן יוחנן בן זכאי, ווי ער האָט שטענדיק עוסק געווען אין דער תורה. אַזוי איז ער שטענדיק געקומען אין בית המדרש דער ערשטער און אַוועק דער לעצטער[2].

דאָס לעבן פון רבן יוחנן בן זכאי איז געווען אויסגעפילט מיט תורה און מיט חכמה. עס ווערט אויסגערעכנט אַ לאַנגע רייע פון די אַלע פאַרשידענע געביטן אין דער תורה און פון אַנדערע וויסנשאַפטן, וואו רבן יוחנן בן זכאי האָט זיך באַזונדער אויסגעצייכנט[3].

1. ראש השנה, יח, א. יבמות, קה, ט.
2. סוכה, כח, א.
3. בבא בתרא, קלד, א. סוכה, כח, א. אבות דרבי נתן, נו"א, יד; נו"ב, כח.

*

עס טרעפט אָפט אין תלמוד, אַז אַפילו קליינע, קורץ־געפאַסטע און אַזוי ווי דורכגייענדיק־איבערגעגעבענע, עפּיזאָדן, רופן אַרויס אַ סך פאַנ־טאַזיע און עס שטעלן זיך פאַר גאַר אינטערעסאַנטע בילדער, וואָס וועקן גייסטיגע התלהבות און רעליגיעזע באַגייסטערונג. אָט למשל אַזעלכע צוויי שורות.

אָמרו עליו על רבן יוחנן בן זכאי, שהיה יושב בצלו של היכל ודורש כל היום כולו [1].

מען האָט געזאָגט וועגן רבן יוחנן בן זכאי, דאָס ער איז געזעסן אינעם שאָטן פון היכל און האָט פאַרן פאָלק געלערנט תורה, אַ גאַנצן פעליגן טאָג (יום־טוב).

אַז מען איז געבענטשט אַפילו נאָר מיט אַ קליין ביסעלע אײדעלע פאַנטאַזיע, קאָן מען אין די דאָזיקע קנאַפּע צוויי שורות זעען אַ הערלעך אימפּאָזאַנט בילד:

ירושלים, אין בית המקדש, יום־טוב. אַרומגענומען פון דער הייסער אַטמאָספערע, זענען אינעם קילן שאָטן וואָס עס וואַרפט די ברייטע און הויכע וואַנט פון היכל, פאַרזאַמלט די יידן, וואָס זענען דורשטיג נאָך גאָט׳ס וואָרט. די יידן וואָס זענען זיך צוזאַמענגעקומען פון גאַנצן לאַנד און פון די תפוצות, שטייען זיי און נעמען אויף די האַרציקע רייד, וואָס זענען דורכגענומען מיט גוטסקייט און ליבשאַפט; וואָס פליסן אַרויס פון דעם ריינעם רעליגיעזן קוואַל און זענען באַהויכט פון דער געלייטערטער הימלישער לויטערקייט: זיי שטייען אַלע אַרום און נעמען־אויף די תורה פון רבן יוחנן בן זכאי.

## תורת הנגלה און תורת הנסתר

מען האָט געוואָרפן אַ בליק אין בית המקדש, ווען רבן יוחנן בן זכאי לערנט מיט יידן תורה. לאָמיר אויך צולייגן אַן אויער צו דעם שמועס צווישן רבן יוחנן בן זכאי מיט זיין באַליבטן תלמיד רבי אלעזר בן ערך:

1. פסחים, כו, א. רש״י. ירושלמי, עבודה זרה, ג, יא.

מעשה ברבן יוחנן בן זכאי שהיה רוכב על החמור והיה רבי אלעזר בן ערך מחמר אחריו. אמר לו: רבי, שנה לי פרק אחר במעשה מרכבה! אמר לו: ולא כך שניתי לכם: „ולא במרכבה ליחיד, אלא אם כן, היה חכם מבין מדעתו״?! אמר לו: מעתה, ארצה לפניך? אמר לו: אמור! פתח רבי אלעזר בן ערך ודרש במעשה מרכבה. ירד רבן יוחנן בן זכאי מן החמור ונתעטף בטליתו וישבו שניהם על גבי אבן תחת הזית והרצה לפניו. עמד ונשקו ואמר: ברוך ה׳ אלהי ישראל, אשר נתן בן לאברהם אבינו, שיודע להבין ולדרוש בכבוד אבינו שבשמים. יש נאה דורש ואין נאה מקיים, נאה מקיים ואין נאה דורש; ואלעזר בן ערך, נאה דורש ונאה מקיים. אשריך אברהם אבינו, שאלעזר בן ערך יצא מחלציך, שיודע להבין ולדרוש בכבוד אבינו שבשמים[1].

עס ווערט דערציילט וועגן רבן יוחנן בן זכאי, ווי ער איז געריטן אויף אַן אייזל און זיין תלמיד רבי אלעזר בן ערך האָט אים באַגלייט.

זאָגט דער תלמיד צום רבי׳ן: רבי, לערן מיט מיר עפּעס וועגן מעשה מרכבה[2]. ענטפערט אים רבן יוחנן בן זכאי: איך האָב דען אייך (תלמידים) נאָכנישט געזאָגט, אַז מעשה מרכבה לערנט מען נישט מיט קיינעם, אַפילו נישט מיט קיין איינצלנעם תלמיד, נאָר בלויז פאַר זיך אַליין, אויב מען האָט שוין אַליין דערגרייכט דערצו?! פרעגט ער: אויב אַזוי, זאָל איך אפשר עפּעס פאָרברענגען? איז רבן יוחנן בן זכאי מסכים.

האָט רבי אלעזר בן ערך אָנגעהויבן צו דרש׳ענען וועגן מעשה מרכבה. איז רבן יוחנן בן זכאי אַראָפּ פונעם אייזל און זיך איינגעהילט אין דעם מאַנטל (בדרך כבוד) אוןביידע האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין אונטער אַן איילבירטן־בוים, ווו רבי אלעזר בן ערך האָט אַלץ פאָרגע־ברענגט פאַרן רבי׳ן. שטעלט זיך אויף, רבן יוחנן בן זכאי, קושט אים און זאָגט:

געבענטשט איז גאָט, דער יידישער גאָט, וואָס האָט געגעבן צו אַברהם אבינו אַ זון, וואָס ווייסט צו פאַרשטיין און אויסצוטייטשן די געטלעכקייט פון אונזער פאָטער אין הימל. עס איז פאַרהאַנדן, דאָס פאַר יענעם פרע־דיגט מען זער שיין, נאָר אַליין פירט מען זיך נישט אַזוי; עס איז פאַר־

1. תוספתא, חגיגה, ב; ירושלמי, ב; בבלי, יד, ב. מכילתא דרשב״י, ריש משפטים.

2. מעשה מרכבה, ווערט באַנוצט אַלס אַלגעמיינע באַצייכענונג פאַר תורת־הנסתר, פאַר דער מיסטישער לערע וועגן דער געטלעכקייט.

האַנדן פאַרקערט: מען פירט זיך שיין, נאָר מען האָט נישט קיין זין פאַר יענעם — אָבער אלעזר בן ערך, אי ער פרעדיגט שיין, אי ער איז אַליין שיין מקיים!

ווייל איז דיר, אַברהם אָבינו, אַז פון דיר איז אַרויסגעקומען אלעזר בן ערך, וואָס ווייסט צו פאַרשטיין און אויסצוטייטשן דאָס געטלעכקייט פון אונזער פאָטער אין הימל!

*

פון דער באַגייסטערונג פון רבן יוחנן בן זכאי, קאָן מען באַקומען אַ שטיקל אָנונג, וואָס פאַר אַ הויכע מדרגה רבי אלעזר בן ערך האָט דערגרייכט אין מעשה מרכבה, אין דעם איידעלן באַגרייפן עפּעס פון דער געטלעכקייט. עס איז אויך גאַנץ פאַרשטענדלעך, וואָס אין זיין באַגייס־טערונג רופט רבן יוחנן בן זכאי אַרויס, נישט קיין אַנדערן נאָר אַברהם אָבינו, וואָס איז אָנגענומען אַלס דער ערשטער, וואָס איז צוגעקומען צום יסוד פון מאָנאָטעאיזם, צו דער אמונה אין אַחדות האלהות, אין דעם גלויבן אין איין און איינציקן גאָט.

*

ווערט איבערגעגעבן, אַז נאָכדעם ווי רבן יוחנן בן זכאי האָט געהאָט אַזוי גערימט די דרשה פון רבי אלעזר בן ערך, האָבן אויך די אַנדערע תלמי־דים אָנגעהויבן מער עוסק צו זיין אין די דאָזיקע ענינים.

זאָגט רבי יהושע בן חנניה צו רבי יוסי הכהן, אַזוי גייענדיק צוזאַ־מען אין וועג: לאָמיר אויך עוסק זיין אין מעשה מרכבה! ווערט גע־שילדערט:

> פתח רבי יהושע ודרש במעשה מרכבה, ואותו היום תקופת תמוז היה, ונתקשרו שמים בעבים ונראה כמין קשת בענן. והיה מלאכי השרת מתקבצים ובאים לשמוע מעשה מרכבה, כבני אָדם שמתקבצים ובאים לראות במזמוטי חתן וכלה [1].

האָט רבי יהושע אָנגעהויבן אין מעשה מרכבה און הגם עס איז געווען אַ טאָג פון חודש תמוז (ווען עס רעגנט נישט דאָרטן), האָבן די הימלען זיך פאַרוואָלקנט און עס האָט זיך באַוויזן אַזאַ מין רעגן־בויגן,

1. חגיגה, יד, ב.

און די מלאכי השרת, די מלאכים, וואָס באַדינען די געטלעכקייט, האָבן זיך איינגעזאַמלט און געקומען הערן דאָס לערנען מעשה מרכבה, אַזוי ווי עס זאַמלען זיך איין מענטשן צו זעען די פייערלעכקייטן לכבוד חתן־כלה. ווערט ווייטער דערציילט:

הלך רבי יוסי הכהן וסיפר דברים לפני רבן יוחנן בן זכאי, ואמר: אשריכם ואשרי יולדתכם! אשרי עיני שכך ראו! ואף אני ואתם, בחלומי, מסובים היינו על הר סיני, וניתנה עלינו בת־קול מן השמים: עלו לכאן! עלו לכאן!

איז געגאַנגען רבי יוסי הכהן און דאָס דערציילט רבן יוחנן בן זכאי. האָט ער געזאָגט: ווויל איז אייך און ווויל איז אייערער מאַמע! ווויל איז מיינע אויגן, וואָס האָבן דאָס געזען! און איך האָב געזען אין חלום, ווי מיר אַלע זענען אָנגעלענט אויף דעם באַרג סיני און עס איז צו אונז דערגאַנגען אַ בת־קול פון הימל: שטייגט דאָ אַרויף! שטייגט דאָ אַרויף!

זער ענלעך צו דעם, וואָס ווערט דערציילט אין תלמוד בבלי וועגן רבי יהושע בן חנניה און רבי יוסי הכהן, ווערט אין תלמוד ירושלמי דערציילט וועגן רבי יוסף הכהן און רבי שמעון בן נתנאל:

יום אחד, בתקופת תמוז היה, ורעשה הארץ ונראתה הקשת בענן ויצאה בת־קול ואמרה להם: הרי המקום פנוי לכם, והטרקלין מוצע לכם, ואתם ותלמידיכם מזומנים לכת שלישית [1].

*

עס איז אַוודאַי אינטערעסאַנט צו באַמערקן, דאָס ווען עס ווערט איבערגעגעבן אַזאַ מין שמועס אין מעשה מרכבה, קומט דאָס פאָר אין דרויסן, אין פעלד, אויף דער פרייער נאַטור און עס ווערט באַגלייט מיט פאָעטישע שילדערונגען וועגן קלימאַטישע ענדערונגען.

* * *

עס איז שוין געוואָרן אונטערגעשטראָכן, דאָס די תורה איז תורת

1. ירושלמי, חגיגה, ב, א.

הנגלה, אַ קלאָרע און פאַר אַלע, אָפענע און פאַרשטענדלעכע לערע. די תורה איז געווויגן און געמאָסטן מיט דעם קלאָרן מענטשלעכן שכל און מיט דער גלייכער לאָגיק, אַפילו דאַמאָלט ווען עס רעדט זיך וועגן ענלעכעס צו מיסטישע ענינים.

יעדערער יחיד האָט אָבער, פאַרשטייט זיך, די מעגלעכקייט צו לער־נען פאַר זיך אַליין, וואָס ער וויל. האָט ער לויט זיינע נייגונגען, לויט זיינע געפילן און שטימונגען, אַן אינטערעס פאַר מיסטישע תורות, קאָן ער זיך פאַרטיפן אין זיי וועגן אַלע מינים פאַרהוילענע וועלטן. אָבער דאָס איז נאָר, אַזוי צו זאָגן, נישט אָפיציעל, נישט געזעלשאַפטלעך; נאָר יעדערער פאַר זיך אַליין, לויט זיינע אייגענע נייגונגען. יעדערער לויט זיינע השגות, לויט זיינע אייגענע דערגרייכונגען.

לערנען די חכמים: אין דורשין במעשה מרכבה, מען לערנט נישט מיט קיינעם מעשה מרכבה. דאָס איז אַ צו אײדל ענין, צו לערנען מיט יענעם; דאָס איז די פערזענלעכע און די אינטימע באַציאונג בין אָדם למקום, צווישן מענטש און רבונו של עולם.

מעשה מרכבה איז בכלל נישט פאַר יענעם און אַוודאי נישט פאַר דער עפנטלעכקייט, נאָר בלויז אינטים באַהאַלטן ביי זיך אַליין.

העכסטנס קאָן מען אַזעלכע אַרט געפילן, געדאַנקען און השגות, אי־בערגעבן אַ גאָר נאָענטן סובטעלן מענטש. האָט רבי אלעזר בן ערך דאָס איבערגעגעבן דעם רבי'ן, רבן יוחנן בן זכאי, און רבי יהושע בן חנניה האָט זיך געטיילט מיט זיין חבר, רבי יוסי הכהן.

*

אייגנטלעך, צייכנט זיך דאָך אויס רבן יוחנן בן זכאי מיט זיין קלאָרן לאָגישן שכל און מיט דעם וואַכן רעאַלן בליק אויפן לעבן, וואָס ער האָט זיך נישט געלאָזט פאַרפירן פון אילוזיעס און אַוודאי נישט פון חלומות.

איז עס עפעס נישט געפּאַסט צו דעם כאַראַקטער און צו דער מענ־טאַליטעט פון רבן יוחנן בן זכאי צו רעכענען זיך מיט חלומות און דער־ציילן מיט אַזאַ באַגייסטערונג, ווי ער דערציילט זיין חלום פאַרן תלמיד רבי יוסי הכהן.

איז עס אפשר די נאַטור פון דער זאַך, אַז צו מיסטישע תורות פּאַסן זיך חלומות.

אָדער אפשר האָט גאָר דאָ רבן יוחנן בן זכאי געוואָלט מרמז זיין די תלמידים און זיי וואָרענען, אַז ווען מען איז עוסק אין מיסטישע תורות,

מוז מען זיין זער פּאַרזיכטיק, נישט אָנצונעמען קיין חלומות פאַר רעאַלי־טעטן און זיי נישט רעכענען פאַרווירקלעכקייט.

*

אָם ענדע איז כדאי צו באַמערקן, דאָס רבי אליעזר בן הורקנוס איז, זעט זיך אויס, נישט געוואָרן מיטגעריסן מיט דער באַגייסטערונג פון די דרשות אין מעשה מרכבה.

## די ווירדע פון מענטש

דער סיסטעם פון לערנען תורה ביי די תנאים, ביי די חכמי התלמוד, איז על פי רוב, נישט איבערצוגעבן די לערע סתם און אַבסטראַקט, נאָר זי אילוסטרירן מיט ביישפּילן פון לעבן און מיט אויסטייטשן און דער־קלערן דעם זין און די מאָטיוון פון די מצוות אין דער תורה. טייטשט, למשל, אַזוי אויס רבן יוחנן בן זכאי, דעם זין פון דעם אַמאָליקן דין וועגן אויסבויערן אַ לעכל אין דעם אויערן־לעפּל פון אַ יידישן קנעכט, וואָס וויל נישט אויסנוצן די מעגלעכקייט, וואָס עס געבן אים די געזעצן אין דער תורה צו ווערן באַפרייט:

רבן יוחנן בן זכאי היה דורש את המקרא הזה כמין חומר: מה נשתנה אוזן מכל אברים שבגוף? — אָמר הקדוש ברוך הוא: אוזן ששמעה קולי על הר סיני, בשעה שאָמרתי: „כי לי בני ישראל עבדים, עבדי הם"[1] — ולא עבדים לעבדים! והלך זה וקנה אָדון לעצמו — ירצע![2]

רבן יוחנן בן זכאי האָט גע׳דרש׳נט דעם דאָזיקן פסוק[3] אויף גאָר אַ שיינעם אופן: מיט וואָס איז אייגנטלעך אַנדערש דאָס אויער פון אַלע אַנדערע גלידער אינעם קערפּער? — נאָר הקדוש ברוך הוא האָט געזאָגט: דאָס אויער, וואָס האָט געהאָט געהערט מיין שטימע אויף

1. ויקרא, פרשת בהר, כה, נה.
2. קידושין, כב, ב; ירושלמי, א, ב. תוספתא, בבא קמא, ז, ה.
3. ורצע אדוניו את אזנו במרצע, זיין הער זאָל דורכבויערן זיין אויער מיט אַן אָל (שמות, פרשת משפטים, כא, ו).

דעם באַרג סיני, ווען איך האָב געזאָגט: "ווייל צו מיר זענען די בני ישראל קנעכט, מיינע קנעכט זענען זיי" — אָבער נישט קיין עבדים לעבדים, נישט קיין קנעכט צו קנעכט! איז ער געגאַנגען און זיך איינגעשאַפט אַ הער איבער זיך — זאָל ער ווערן דורכגעבויערט.

*

עס איז אינטערעסאַנט צו ברענגען נאָך אַן אַמאָליקן אַלטן דין, וואָס רבן יוחנן בן זכאי טייטשט אים אויס מיט אונטערשטרייכן די וויכטי־קייט פון כבוד הבריות, פון דער מענטשלעכער ווירדע. פון יעדערן מענטש באַזונדער, אַפילו פון אַ נידעריקן מענטש, אַ פאַרברעכער:

> אָמר רבן יוחנן בן זכאי: בוא וראה כמה גדול כבוד הבריות: שור שהלך ברגליו — חמישה; שה שהרכיבו על כתפו — ארבעה[1].

רבן יוחנן בן זכאי זאָגט: זע ווי טייער עס איז דער מענטשלעכער כבוד: אַן אָקס גייט דאָך אַליין — באַצאָלט ער (דער גנב) — פינף־פאַכיק; דאַגעגן אָבער אַ שעפּס, טראָגט ער דאָך אים אויף די אַקס־לען — באַצאָלט ער נאָר פיר־פאַכיק.

## יידן און גויים

די שרעקלעכע געשעענישן דאַמאָלט אין ארץ ישראל, די אכזריות־דיקע מעשים פון דער רוימישער מאַכט, האָבן דאָך נישט באַאיינפלוסט רבן יוחנן בן זכאי, אַז ער זאָל אויפגעבן זיינע אידעען און ענדערן זיינע איבערצייגונגען און זיין שטעלונג וועגן דער באַציאונג צום מענטש, צום מענטש בכלל, צו אַלע מענטשן, צו יידן און צו גויים.

רבן יוחנן בן זכאי האָט גאַנץ גוט געוווסט, דאָס די אַלע גרויזאַמע מעשים פון די רוימער מוזן האָבן אַ שלעכטע ווירקונג אויף דער פּסי־כיק פון דער יידישער באַפעלקערונג און גאַנץ באַזונדער בנוגע דער באַציאונג צו גויים בכלל. האָט רבן יוחנן בן זכאי זיך באַמיט, אין דעם גייסט פון זיינע אָנשויאונגען און איבערצייגונגען, צו ווירקן אויפן פאָלק און גאַנץ באַזונדער אויף די חכמים, אויף זיינע חברים און תלמידים.

1. בבא קמא, עט, ב. מכילתא, משפטים, כא, לז. תוספתא, בבא קמא, ז, י.

איז כאַראַקטעריסטיש אַן אינטערעסאַנטע שטעלע אין תלמוד בבלי, וווּ עס ווערט איבערגעגעבן די באַמיאונג פון רבן יוחנן בן זכאי צו דערהייבן דעם מענטשלעכן ווערט פון די גויים אין די אויגן פון די יידן, וואָס האָבן דאַמאָלט אַזוי פיל געליטן פון דער רוימישער רשעות:
עס איז אַזאַ שמועס צווישן רבן יוחנן בן זכאי מיט זיינע תלמידים:

אמר להם רבן יוחנן בן זכאי לתלמידיו: בני, מהו שאמר הכתוב: „צדקה תרומם גוי, וחסד לאומים חטאת"[1].

רבן יוחנן בן זכאי האָט אַמאָל געפרעגט זיינע תלמידים: וואָס איז דער טייטש פון דעם פסוק אין משלי:

צדקה תרומם גוי, וחסד לאומים חטאת.

*

עס דאַרפט דאָ ווערן באַמערקט:
חסד, ווי עס איז אַלע באַוווּסט, איז גענאַד און גוטסקייט. אין דער תורה[2] ווערט איין מאָל געברענגט דאָס וואָרט חסד אין דעם באַגריף: שאַנדע, אַזוי ווי אין משלי[3] אין דעם באַגריף: פאַראַכטן.
ווען אויך דאָ: וחסד לאומים חטאת, זאָל מען טייטשן: שאַנדע, וואָלט עס געווען גאַנץ קלאָר און פאַרשטענדלעך. זעט זיך אויס, אַז די חכמים דאַמאָלט זענען נישט געווען גענייגט דערצו, נאָר זיי טייטשן אויך דאָ דאָס וואָרט חסד מיט דעם אייגנטלעכן טייטש: גענאַד, גוטס־קייט, אַלס פאַראַלעל צו צדקה אין דעם דאָזיקן פסוק.
אין דעם זעלבן פסוק איז אויך דאָ נאָך אַ פּראָבלעם: גוי און לאום, וואָס זענען שמות נרדפים, סינאָנימען, פון עם, פאָלק.
אַמאָל האָט מען אַוודאַי געוווּסט די ניואַנסן, וואָס אונטערשיידן די דאָזיקע, אַזוי ווי בכלל אַלע אַנדערע, סינאָנימען אין דער העברעאישער שפּראַך, וואָס שפּעטער האָט מען שוין נישט געוווּסט.

*

1. משלי, יד, לד.
2. חסד הוא, ויקרא, פרשת קדושים, כ, יז.
3. פן יחסדך שומע, משלי, כה, י.

אַלזאָ, פרעגט רבן יוחנן בן זכאי די תלמידים: וואָס איז דער ריכ־טיקער טייטש פון דעם דאָזיקן פסוק.

נענה רבי אליעזר ואמר: „צדקה תרומם גוי" — אלו ישראל, דכתיב: „ומי כעמך כישראל, גוי אחד בארץ"[1]. „וחסד לאומים חטאת" — כל צדקה וחסד שאומות עושין, חטא הוא להן; לפי שאינן עושין אלא להתגדל בו.

רופט זיך אָן רבי אליעזר בן הורקנוס און זאָגט: צדקה תרומם גוי, גערעכטיקייט דערהייבט דעם פאָלק — דאָס מיינט מען דאָס יידישע פאָלק, אַזוי ווי עס איז געשריבן: ומי כעמך כישראל, גוי אחד בארץ?! און ווער איז נאָך אַזוי ווי דיין פאָלק ישראל, אַזאַ איינציק פאָלק?! וחסד לאומים חטאת — אַפילו דאָס גוטסקייט פון די גויים איז זינדיק, ווייל זיי טוען עס נאָר כדי זיך צו רימען דערמיט.

דאָס זעלבע האָבן אויך געזאָגט, אי רבי יהושע בן חנניה, אי רבן גמליאל און אויך רבי אלעזר המודעי.

רבי נחוניה בן הקנה האָט געזאָגט: צדקה תרומם גוי וחסד, דאָס מיינט מען די יידן; ולאומים חטאת, דאָס מיינט מען די גויים.

זאָגט רבן יוחנן בן זכאי (מסתמא מיט אַביסל איראָניע): צום שענסטן געפעלט מיר שוין די מיינונג פון רבי נחוניה בן הקנה, ווייל ער גיט די יידן, אי צדקה, אי חסד און די גויים גיט ער חטאת.

אָם ענדע פרעגט די גמרא: און וואָס איז טאַקע די מיינונג פון רבן יוחנן בן זכאי אַליין? איז דער ענטפער:

אמר להם רבן יוחנן בן זכאי: כשם שחטאת מכפרת על ישראל — כך צדקה מכפרת על אומות העולם[2].

רבן יוחנן בן זכאי האָט צו זיי געזאָגט: אַזוי ווי דער קרבן חטאת (עס פאַרשטייט זיך, מיט תשובה) איז דאָך מכפר אויף די זינד פון די יידן — איז אַזוי צדקה מכפר אויף די זינד פון די גויים, די אומות העולם.

*

1. שמואל ב׳, ז, כג.
2. בבא בתרא, י, ב. פסיקתא דרב כהנא, פרשת שקלים. מדרש משלי.

אַוודאַי קאָן מען גאַנץ גוט פאַרשטיין דעם גרויסן ווייטיק, דעם אומגלויבן אין דעם יושר פונעם מענטש און דאָס פאַראַכטן די גערעכ־טיקייט פון די גויים. ווער נאָך אַזוי ווי דער היינטיקער יידישער דור קאָן אַזוי גוט פאַרשטיין דאָס האַרץ פון יענע יידישע חכמים, וואָס האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן געזעען אַזוי פיל רשעות און אכזריות.

איז טאָקע באַזונדער צו באַוווּנדערן, ווי אַזוי רבן יוחנן בן זכאי האָט, אַפילו דאַמאָלט, געהאַט אַזוי פיל כח נישט צו ווערן דערשיטערט אין זיין גלויבן אינעם מענטש בכלל.

## פאַטריאָטיזם און פאַציפיזם

רבן יוחנן בן זכאי, דער גרויסער יידישער פאַטריאָט, וואָס זיין פאַטריאָטיזם, אַזוי ווי אַלע זיינע העכערע אייגנשאַפטן, איז עכט, נאַטירלעך און אוודאי זעלבסטפאַרשטענדלעך — איז ער דער איבער־צייגטער און איינגאַנצן איבערגעגעבענער אָנהענגער פון שלום. זיין שטרעבן און לעכצן נאָך שלום איז נישט קיין פאָליטישער קאָניונקטור־פאַציפיזם, וואָס פליסט אַרויס און ווערט אויך כסדר באַוויזן פון פראַק־טישע אויסרעכענונגען און פון דער מאָמענטאַלער נוצלעכקייט פון דער פאַציפיסטישער פראָפּאַגאַנדע.

מיט דער גאַנצער נשמה איז רבן יוחנן בן זכאי שטענדיק איבער־געגעבן צו דער שטרעבונג פון שלום. שלום צווישן מענטש און מענטש, צווישן פאָלק און פאָלק. שלום שטענדיק און איבעראַל, אַפילו אין די אומבאַקוועמסטע סיטואַציעס און ביי די שווערסטע באַדינגונגען.

צוזאַמען און זער האַרמאָניש פאַרקערפּערט אין זיך רבן יוחנן בן זכאי די דאָזיקע ביידע געבענטשטע אייגנשאַפטן: אי פאַטריאָטיזם, אי פאַציפיזם. אייגנטלעך איז דאָס בכלל די כאַראַקטעריסטישע אייגנטימ־לעכקייט פון רבן יוחנן בן זכאי, דאָס ער פאַראייניקט אין זיך האַר־מאָניש די מידות טובות, די שענסטע מענטשלעכע אייגנשאַפטן, וואָס מען קאָן זיך נאָר פאַרשטעלן.

עס איז ווירקלעך איינס פון די גרעסטע וווּנדער, דאָס אַזאַ שטור־מישע, אַזאַ שרעקלעכע, פאַרביטערטע און אַזוי גרויזאַמע עפּאָכע — האָט אַרויסגעגעבן אַזאַ וווּנדערבאַרע, גוטע, רואיקע און אַזוי האַרמאָ־נישע פערזענלעכקייט ווי רבן יוחנן בן זכאי.

*

פּאָליטיש איז רבן יוחנן בן זכאי אַ רעאַליסט, אַ רעאַל־פּאָליטיקער, אָבער נישט אין דעם קליינעם און באַשרענקטן זין, נאָר מיט דעם ברייטן אויסבליק צו דער צוקונפט. אויסער אַלע ריין־מענטשלעכע, מאָראַלישע, עטישע מאָטיוון געגן בלוט־פאַרגיסונג בכלל, איז רבן יוחנן בן זכאי אַוודאי געווען אַנטשידן געגן אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד און גאָר באַזונדער געגן פירן ווייטער די מלחמה, אויך צוליב דעם פשוט'ן טעם, וואָס באַלד לכתחילה זענען נישט געהאַט געווען קיין גענוג רעאַלע אויסזיכטן אויף אַ דויערהאַפטיקן נצחון.

רבן יוחנן בן זכאי האָט קלאָר פאָראויסגעזעען די שרעקלעכע פאָלגן פון דעם טאַקע זער וווּנדערלעך־העלדישן, אָבער אַזוי טראַגישן, און אפשר אויך באַלד האָפענונגסלאָזן אויפשטאַנד געגן דער מעכטיקער און אכזריות־דיקער רוימישער אימפּעריע.

*

אויבן זענען געבראַכט צוויי מאמרים פון רבן יוחנן בן זכאי, ווי ער לערנט אַרויס פון די דיני מזבח, די גרויסע וויכטיקייט פון די בני תורה און זייערע באַזונדערע הויכע פליכטן. ווערט דאָ יעצט געבראַכט נאָך צוויי אַזעלכע מאמרים, וואָס די פאָרם איז אינגאַנצן ענלעך צו יענע צוויי, אָבער דאָ רעדט זיך וועגן שלום.

אין אמת'ן האָט מען דאָך היינט נישט קיין גרויס פאַרשטענדעניש פאַר אַ מזבח מיט שעכטן קרבנות בכלל, אָבער עס איז זער אינטע־רעסאַנט און גאָר באַלערנדיק די הויכע עטישע לערע, וואָס רבן יוחנן בן זכאי דרינגט אַלץ אַרויס פון די דאָזיקע דינים:

רבן יוחנן בן זכאי אומר: „אבנים שלמות תבנה את מזבח ה' אלהיך„ [1] — אבנים שמטילות שלום. והרי דברים קל־וחומר: ומה אבני מזבח, שאינן לא רואות ולא שומעות ולא מדברות, על שמטילות שלום בין ישראל לאביהם שבשמים, אמר הקדוש ברוך הוא: „לא תניף עליהם ברזל!" — המטיל שלום בין איש לאיש, בין איש לאשתו, בין עיר לעיר, בין אומה לאומה, בין ממשלה לממשלה, בין משפחה למשפחה — על אחת כמה וכמה שלא תבוא עליו פורענות [2].

1. דברים, פרשת כי תבוא, כז, ו.
2. מכילתא, יתרו, כ, כב.

**רבן יוחנן בן זכאי זאָגט: אין דער תורה איז געשריבן: ״אבנים שלמות, זאָלסטו בויען דאָס מזבח צו דיין גאָט״ — שלמות, שטיינער וואָס מאַכן שלום. טאָ איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אויב שטיינער פון מזבח, וואָס נישט זיי זעען, נישט זיי הערן און נישט זיי רעדן, נאָר ווייל זיי מאַכן שלום צווישן יידן מיט זייערן פאָטער אין הימל, זאָגט הקדוש ברוך הוא: ״זאָלסט נישט אויפהייבן אויף זיי קיין אייזן!״ — איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדלעך, דאָס דער מענטש, וואָס מאַכט שלום צווישן מענטש און מענטש, צווישן מאַן און ווייב, צווישן שטאָט און שטאָט, צווישן פאָלק און פאָלק, צווישן רעגירונג און רעגירונג, צווישן משפחה און משפחה — וועט דאָך אַוודאי און אַוודאי אויף אים נישט קומען קיין שום אומגליק!**

*

„מזבח אבנים, לא תניף עליהם ברזל״ — וכי מה ראָה ברזל ליפסל יותר מכל המתכות? מפני שהחרב ראויה לעשות הימנו. חרב — סימן פורענות, ומזבח — סימן כפרה. מעבירין דבר שסימן פורענות מדבר שהוא סימן כפרה [1].

**פאַרוואָס דווקא אייזן טאָר מען נישט באַנוצן ביים מזבח? — ווייל פון אייזן מאַכט מען דאָך שווערדן, וואָס איז אַן אומגליק פאַר דער וועלט, דאַרפט מען דאָס דערווייטערן פון דעם מזבח, וואָס איז דער סימ־באָל פון פאַרגעבונג.**

## דער געזעלשאַפטלעכער אידעאַל

**וואָס איז דער, אַזוי צו זאָגן, געזעלשאַפטלעכער אידעאַל פון רבן יוחנן בן זכאי?**

אָמר רבי יהושע: מקובל אני מרבן יוחנן בן זכאי, ששמע מרבו, ורבו מרבו, הלכה למשה מסיני, שאין אליהו בא לטמא ולטהר, לרחק ולקרב; אלא לרחק — המקורבים בזרוע, ולקרב — המרוחקים בזרוע [2].

1. תוספתא, בבא קמא, ז.
2. משנה עדיות, ח, ז.

רבי יהושע בן חנניה האָט געזאָגט: איך האָב דאָס איבערגענומען פון רבן יוחנן בן זכאי, וואָס האָט געהאַט איבערגענומען פון זיין רבי'ן און זיין רבי — פונעם רבי'ן, אַ הלכה למשה מסיני, דאָס אליהו וועט נישט קומען צוליב עפּעס אַנדערש, נאָר כדי צו דערווייטערן יענע לייט, וואָס האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט מיט געוואַלט און צוריק צו דער־נענטערן יענע, וואָס זענען מיט געוואַלט געוואָרן דערווייטערט.

אין די דאָזיקע פּאָר ווערטער איז דאָך באמת אַנטהאַלטן די אויס־לייזונג און די רעטונג פון דער מענטשהייט:

לרחק — המקורבים בזרוע; ולקרב — המרוחקים בזרוע!

דערווייטערן יענע, וואָס האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט מיט געוואַלט און צוריק דערנענטערן יענע, וואָס זענען מיט געוואַלט געוואָרן דער־ווייטערט.

*

עס וואָלטווירקלעך געווען אַ גרויסע שאָד אַריבערצוגיין איבער דער דאָזיקער משנה אָן, מינדעסטנס, עטלעכע קורצע באַמערקונגען:

קודם כל, דער עצם־געדאַנק, וואָס די דאָזיקע משנה דריקט אויס, איז דאָך באמת אַ תורה שלמה, אַ פונדאַמענטאַלע לערע, וועגן דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג בכלל.

עס איז אויך זער באַלערנדיק און גאָר אינטערעסאַנט און כאַראַק־טעריסטיש, דאָס די דאָזיקע לערע קומט גאָר אַזוי שטרענג און קאַטע־גאָריש צום אויסדרוק, נישט דורך קיין אַנדערן נאָר דורך רבי יהושע בן חנניה, וואָס גיט דאָס, אַזוי פייערלעך, איבער אינעם נאָמען פון זיין גרויסן רבי'ן, רבן יוחנן בן זכאי, וואָסביידע זענען דאָך, נישט נאָר בלויז די איבערצייגטסטע אָנהענגער פון דער שיטה פון די בית הילל, נאָר אויך אירע גרעסטע און אייפערדיקסטע אויספירער.

גאַנץ באַזונדער איז אויך זער באַלערנדיק דאָס באַנוצן זיך דאָ מיט דעם אויסדרוק, אַז דאָס איז אַ הלכה למשה מסיני[1].

רבן יוחנן בן זכאי, וואָס פאַרקערפּערט מיט זיך, אַזוי שיין, די שלום־אידעע אין דעם ריינסטן זין, איז בכלל נישט געהאַט געווען אַ שוואַכע און ווייכע נאַטור, וואָס נעמט אַלץ פּאַר ליב און שטעלט קיינמאָל נישט קיין ווידערשטאַנד. מען זעט, ווי אין דער פאַרשטעלונג

1. זע אויבן, זייט 30.

פון רבן יוחנן בן זכאי וועגן דער גליקלעכער צוקונפט, איז דאָס דערוויטערן די שלעכטע מענטשן נאָך פריער, ווי דאָס דערנענטערן די גוטע.

*

עס ווערן איבערגעגעבן פאַרשידענע וויכוחים, דיסקוסיעס, וואָס רבן יוחנן בן זכאי האָט געפירט גאַנץ אָפט מיט אַלע מינים געגנער אין זיין צייט. אַזוי ווערט, למשל, איבערגעגעבן אַזעלכע וויכוחים, וואָס ער האָט געהאַט געפירט מיט די גוים, די געצן־דינער [1] און אויך מיט די געגנערישע פאַרטייען, ווי למשל, די צדוקים [2].

## די טראַגעדיע פון רבן יוחנן בן זכאי

רבן יוחנן בן זכאי האָט געלעבט און געווירקט אין יענע שווערע צייטן, אין די יאָרן פאַרן חורבן, ווען עס איז אָנגעגאַנגען אַ פּערמאַנענטער געראַנגל מיט דער ברוטאַלער מאַכט פון דער רוימישער אימפּעריע, וואָס האָט געהאַלטן אָקופּירט ארץ ישראל.

דאָס לעבן איז מער און מער געוואָרן אָנגעפילט מיט געוואַלט און אונטערדריקונג. עס איז געהאַט געווען דער אַריינפיר צו די שפּעטערדיקע מורא׳דיקע יאָרן פון אויפשטאַנד און פון דער שרעקלעכער מלחמה מיט די אַלע שוידערלעכע גרויל־טאָטן.

פון דרויסן די מערדערישע, אכזריות׳דיקע מלחמה און פון אינעווייניק — דער טעראָר, אַ מבול פון שנאה און נקמה, פון רציחה און כל מיני פורעניות. נאָך דעם אַלעם — דער שרעקלעכער פינאַל: דער גרויזאַמער חורבן מיט אַלע שוידערלעכע באַגלייט־דערשיינונגען.

אין יענע אַלע שרעקלעכע יאָרן, אין יענער אַזוי טראַגישער עפּאָכע, האָט געלעבט און געווירקט אַ מענטש, אַ יידישער מענטש, וואָס נאָך ביז דעם היינטיקן טאָג, נאָך טויזנט ניין הונדערט יאָר — איז ער פאַרבליבן דער הערלעכער אידעאַל פון אַ טיפּ מענטש, וואָס מען איז שוין באַלד אינגאַנצן מיד געוואָרן, אַפילו נאָר צו חלום׳ען, צו טרוימען, וועגן אים.

---

1. בכורות, ה, א. ירושלמי, סנהדרין, א, ד; א, ה. פסיקתא דרב כהנא, פרשת פרה. ילקוט שמעוני, חקת.
2. משנה, ידים, ד, ו. תוספתא, סוף ידים. בבא בתרא, קטו, ב. מנחות, סה, א. תוספתא, פרה, ג.

*

רבן יוחנן בן זכאי האָט פאָראויסגעזען דעם טראַגישן פינאַל און גאָרנישט געקאָנט העלפן, כדי דאָס צו פאַרמיידן. עס ווערט פּאָעטיש איבערגעגעבן אַ טראַגישע וויזיע:

והיו דלתות ההיכל נפתחות מאליהן, עד שגער בהן רבן יוחנן בן זכאי, ואמר: היכל, היכל! מפני מה אתה מבעית עצמך! יודע אני בך שסופך ליחרב! [1]

און די טירן פון היכל האָבן זיך אַליין געעפנט, ביז רבן יוחנן בן זכאי האָט זיי אָנגעשריגן: היכל! היכל! וואָס וואָרפסטו אָן אַ שרעק! איך ווייס גאַנץ גוט, אַז דו וועסט חרוב ווערן!

*

אין יענע שרעקלעכע טעג דרייט זיך רבן יוחנן בן זכאי אין שטאָט צווישן דער באַפעלקערונג, ער זעט, ווי מענטשן קאָכן שטרוי צו טרינ־קען דאָס וואַסער. פרעגט ער: געוואָלט יידן, מענטשן וואָס קאָכן שטרוי צו טרינקען דאָס וואַסער — וועלן באַזיגן די אַרמעען פון וועספּאַסיאַ־נוס׳ען?! [2]

ער זעט שרעקלעכע בילדער אין די גאַסן און צעוויינט זיך, ווען ער זעט, ווי אַן איידעלע יידישע טאָכטער קלויבט קערנער צווישן מיסט פון די אַראַבישע פערד:

בכה רבן יוחנן בן זכאי ואמר: אשריכם ישראל, בזמן שעושים רצונו של מקום — אין כל אומה ולשון שולטת בכם; ובזמן שאין עושים רצונו של מקום — מוסרים ביד אומה שפלה [3].

האָט רבן יוחנן בן זכאי געוויינט: ווייל איז אייך יידן, ווען איר פירט אויס גאָט׳ס ווילן און קיין שום פאָלק קאָן אייך דאַמאָלט נישט באַהערשן; אָבער ווען איר פירט נישט אויס זיין ווילן — ווערט איר נעבעך איבערגעגעבן אין די הענט פון נידעריקן פעבל.

1. יומא, לט, ב.
2. איכה רבתי, א, לב.
3. ספרי, סוף וילך. מכילתא, יתרו, יט, א. כתובות, סו, ב.

*

בעט זיך, רבן יוחנן בן זכאי, ביי די פּאַטריאָטישע קעמפער, די קנאים, אַז זיי זאָלן דאָך זיך באַזינען און איינזעען, וואָס פאַר אַן אומ־גליק עס דערנענטערט זיך:

שלח וקרא לאנשי ירושלים ואמר להם: בני, מפני מה אתם מחריבים את העיר הזאת, ואתם מבקשים לשרוף את בית המקדש?![1]

האָט רבן יוחנן בן זכאי געשיקט רופן די פאָרשטייער פון ירושליב און זיי געזאָגט: קינדער מיינע, פאַרוואָס מאַכט איר חרוב די שטאָט און איר פירט צו, אַז דאָס בית המקדש זאָל ווערן פאַרברענט?!

שיקט רבן יוחנן בן זכאי נאָך איינעם פון די פירער פון אויפ־שטאַנד, בר סקרא, קומט ער אין געהיים. פרעגט אים רבן יוחנן בן זכאי: ווי לאַנג נאָך וועט איר לאָזן די באַפעלקערונג אויסשטאַרבן פון הונגער?!

ענטפערט בר סקרא: וואָס קאָן איך דאָ העלפן, אויב איך וועל זיי עפּעס זאָגן — וועלן זיי מיך אומברענגען![2]

## דער שווערער נסיון

קינסטלער שאַפן ווערק וועגן טראַגישע העלדן. זיי קלערן זיך אויס גייסטיקע קאָנפליקטן און ווייטיקלעכע ראַנגלענישן אין די נשמות פון זייערע אויסגעטראַכטע העלדן.

איז דען דער גרעסטער און סובטעלסטער קינסטלער אימשטאַנד צו באַגרייפן דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דעם האַרץ און אין דער נשמה פון רבן יוחנן בן זכאי אין יענע שרעקלעכע טראַגישע מאָ־מענטן, ווען ער האָט ענדלעך געמוזט אָנטגילטיק דעצידירן, צי זאָל ער טאַקע זיך לאָזן אויף יענעם אַזוי נישט־בכבוד׳יקן וועג, וואָס איז ווייט פון קידוש השם.

*

1. אבות דרבי נתן, נו״א, ד; נו״ב, ו.
2. מדרש איכה, הוצאת בובר, א.

פאַר דער טראַגישער ענדע פון דער שרעקלעכער, פאַרביטערטער מלחמה מיט דער רוימישער ריזיקער אַרמיי אין די יאָרן פון 66 ביז 70, דאַמאָלט ווען עס איז שוין געהאַט געווען באַשטימט דער טראַגישער אויסגאַנג און עס זענען שוין כמעט נישט פאַרבליבן קיין שום אויסזיכטן צו קאָנען אויסמיידן דעם שרעקלעכן פינאַל — האָבן נאָך, טראָץ אַלעם, די יידישע פאַטריאָטן, די אויסערגעוויינלעך־העלדישע קעמפער, בשום אופן נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן.

רבן יוחנן בן זכאי האָט נישט געקאָנט רוען, ער האָט געפילט, דאָס ער וואָלט דאָך נאָך אפשר געקאָנט עפּעס אָפּראַטעווען, ווי ער דריקט זיך אויס: אפשר דהוי הצלה פורתא; אָבער די יידישע קעמפנדיקע העלדן האָבן נישט געוואָלט אַרויסלאָזן רבן יוחנן בן זכאי פון דעם באַלאַגערטן ירושלים.

האָט רבן יוחנן בן זכאי, לויט דער אַגדה, נישט געהאַט קיין אַנ־דערע עצה, ווי אַזוי אַרויסצוקומען פון באַלאַגערטן ירושלים, נאָר דאָ־דורך, וואָס מען זאָל אים פאַרשטעלן אַלס געשטאָרבענעם, כדי די יידי־שע קעמפער זאָלן דערלויבן אים אַרויסטראָגן קובר זיין אויסער ירו־שלים, אַזוי ווי עס האָט זיך דאַמאָלט געפירט.

די דאָזיקע שווערע אויפגאַבע זאָלן האָבן אַדורכגעפירט די צוויי טרייע תלמידים פון רבן יוחנן בן זכאי, רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי יהושע בן חנניה[1].

אַזוי אַרום זאָל רבן יוחנן בן זכאי זיך האָבן אַרויסגעקריגן פון דעם אומגליקלעכן באַלאַגערטן ירושלים, כדי דאָך אויסצובעטן ביי דעם רוי־מישן הערשער, עפּעס איינזעעניש.

*

ביי די באמת־ערלעכע רעליגיעזע יידן איז גאָרנישט אַזוי שווער און לגמרי גאָרנישט קיין שרעקלעכער קרבן דאָס אומקומען אויף קידוש השם. איז דען דאָ אויף דער וועלט נאָך אַזאַ גרויס גליק, ווי עס איז פאַר אַן אמת׳דיקן רעליגיעזן ייד דאָס אומקומען אויף קידוש השם!

רבן יוחנן בן זכאי איז דאַמאָלט געהאַט געשטאַנען פאַר גאָר אַן אַנדערן זער שווערן און טיף־טראַגישן נסיון. ער האָט זיך געפונען אין אַן אינערלעכן קאָנפליקט, וואָס איז טיפער ווי דער תהום. עס איז נישט דאָרטן געגאַנגען דאַמאָלט וועגן קידוש השם, נאָר וועגן חילול השם.

1. גיטין, נו, א. אָבות דרבי נתן, נו״א, ד; נו״ב, ו. איכה רבתי, א, לא. מדרש משלי, טו.

עס איז נישט געגאַנגען וועגן מסירת־נפש פונעם גוף, נאָר פון דער נשמה.
אַלץ איז פאַרלוירן און עס דראָט אויך אַ געפערלעכע סכנה פאַר יידישקייט בכלל: פאַר דער יידישער אמונה, פאַר דער יידישער רע־ליגיע, פאַרן גייסט און פאַר די אידעאַלן פון יידישן פאָלק. רבן יוחנן בן זכאי פילט אָבער, אַז ער וואָלט דאָך נאָך געקאָנט עפּעס אָפּראַטעווען, הגם עס איז דאָך פאַרבונדן מיט חילול השם!
האָט דער צאַרטער, איידעלער און אַוודאַי אויך געניג שטאָלצער רבן יוחנן בן זכאי געפונען אין זיך די גרויסע גייסטיקע גבורה, צו באַ־שליסן, אַז ער שטעלט אַלץ איין. ער איז זיך מוסר נפש פאַר יידישקייט, אי מיטן גוף, אי מיט דער נשמה. ער שטעלט איין נישט נאָר בלויז זייו עולם הזה, נאָר אויך זיין עולם הבא; אָבי פּראָבירן צו ראַטעווען דאָס, וואָס לאָזט זיך דאָך נאָך, אפשר, ראַטעווען: ראַטעווען די תורה! די יידישע תורה מיט אירע טרעגער!
ווער איז פעאיק צו דערהייבן זיך צו אַזאַ הויכער מדרגה, צו קאָנען משיג זיין, וואָס פאַר אַ קרבן רבן יוחנן בן זכאי האָט דאַמאָלט געברענגט, ווען ער האָט זיך געלאָזט אויף יענעם גאַרנישט בכבוד׳יקן און, פון אַלע שטאַנדפונקטן, זער געפערלעכן וועג!
דאָס אַלץ האָט זיך אָבער געלוינט! רבן יוחנן בן זכאי האָט טאַקע דאַמאָלט אָפּגעראַטעוועט די תורה, די אייביקע יידישע תורה, וואָס איז דער אייגנטלעכער זין און דאָס גליק פון יעדערן גאַנצן און באמת־באַ־וווסטזיניקן ייד. דאָס אַלץ איז אַנטהאַלטן אין די צוויי ווערטער:

יבנה וחכמיה.

# חורבן ירושלים

היה רבן יוחנן בן זכאי יושב ומצפה כנגד חומת ירושלים, לדעת מה יעשה בה. כדרך שנאמר[1]: „והנה עלי יושב על הכסא יד דרך מצפה". כיון שראה רבן יוחנן בן זכאי, שחרב בית המקדש ונשרף ההיכל, עמד וקרע את בגדיו, וחלץ את תפיליו, והיה יושב ובוכה, ותלמידיו עמו[2].

1. שמואל א׳, ד, יג
2. אָבות דרבי נתן, נו״ב, ז.

אין יענעם פינסטערן טאָג, איז אין יבנה געזעסן רבן יוחנן בן זכאי געגנאיבער דער מויער פון ירושלים. ער איז געזעסן און דאָך געהאָפט און געוואַרט אויף אַ נס. דער נס איז נישט געקומען. ווען ער האָט געזען, אַז דאָס בית המקדש איז חרוב און דער היכל ברענט, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און צעריסן אויף זיך די קליידער און אויסגעטוען די תפילין און זיך אַוועקגעזעצט וויינען אויף חורבן בית המקדש.

*

צו דעם דאָזיקן טרויעריקן באַריכט איז נאָר צוגעגעבן צוויי ווערטער: ותלמידיו עמו, און זיינע תלמידים זענען מיט אים.

באַלד נעבן דער מכה — איז געוועזן די רפואה. ביי דער פאַרצווייפלונג — די האָפענונג. אין דעם טיפן טרויער — איז באַלד געוועזן די טרייסט:

ותלמידיו עמו — אין די דאָזיקע צוויי ווערטער איז אויסגעדריקט די האָפענונג און דער קיום פון יידישן פאָלק אין גלות:

אַז זיינע תלמידים זענען מיט אים, מיט רבן יוחנן בן זכאי, קאָן קיין שום שונא נישט האָבן קיין שליטה אויף זיין גייסט, אויף דעם גייסט פון יידישן פאָלק; אויף דער מאָראַל און אויף דער נשמה פון ישראל סבא, פון דעם אַלטן פאָלק ישראל, וואָס ווערט שטענדיק צוריק יונג.

## ירושלים און יבנה

אין יענעם קריטישן מאָמענט אין דער יידישער געשיכטע, באַלד נאָך דער שרעקלעכער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע, האָט דער גוטער, שטילער, באַשיידענער און קלוגער רבן יוחנן בן זכאי גענומען אויף זיך יענע שווערע אומגעהויערע קאָמפּליצירטע און אַזוי פאַראַנטוואָרטלעכע מיסיע:

איינציק און אַליין האָט ער אין יענעם קריטישן און דעצידירנדיקן מאָמענט איבערגענומען די פירערשאַפט פון פאָלק, וואָס איז געהאָט געשטאַנען ביים תהום, ביים אָפּגרונד, פון פאַרצווייפלונג און יאוש. עס האָט דאַמאָלט געקאָנט אויסזען, אַז עס האַלט ביי חורבן האומה, ביים פולשטענדיקן אונטערגאַנג אַלס אָריגינעל יידיש פאָלק.

האָט רבן יוחנן בן זכאי צוזאַמענגענומען דאָס ביסל קוים אַנטרינענע, ראַנירטע, ביטער־אַנטוישטע און שרעקלעך־פאַרצווייפלטע פּלי־

טים. ער האָט זיי געשטאַרקט, געטרייסט און דערמוטיקט. ער האָט דער־וועקט פרישע האָפענונגען און געעפנט נייע האָריזאָנטן.

די שטרעבונג פון רבן יוחנן בן זכאי איז געווען צו דערהייבן דאָס יידישע פאָלק צו אַזאַ הויכער מדרגה, דאָס יעדערער ייד, אַלע צוזאַמען און יעדערער יחיד באַזונדער, זאָל טראָגן דאָס פאַרברענטע בית המקדש ביי זיך אין האַרצן.

פעם אחת היה רבן יוחנן בן זכאי מהלך בירושלים והיה רבי יהושע מהלך אחריו. ראה בית המקדש שהוא חרב. אמר: אוי לנו על הבית שחרב, מקום שמתכפרים בו עונותינו! אמר לו: בני, אל ירע לך! שיש לנו כפרה אחרת שהיא כמותה, ואי זה? — זה גמולת חסדים; לכך נאמר[1]: „חסד חפצתי ולא זבח", ואומר[2]: „כי אמרתי: עולם, חסד יבנה!"[3]

אַמאָל איז רבן יוחנן בן זכאי געגאַנגען אין ירושלים מיט זיין תלמיד רבי יהושע בן חנניה און זעט, ווי דאָס בית המקדש איז חרוב, זאָגט ער: ווײ איז צו אונז, אַז דאָס הויז איז חרוב און פאַרוויסט, דאָס אָרט, וווּ עס ווערן פאַרגעבן אונזערע זינד! זאָגט אים רבן יוחנן בן זכאי: מיין קינד, נעם זיך נישט צופיל צום האַרצן, עס איז נאָך פאַר־האַנדן אַזאַ רייניקונג און פאַרגעבונג. וואָס? — גמילות־חסדים, גוטס־טוען מענטשן. ווי עס זאָגט דער נביא הושע אין גאָט'ס נאָמען: גוטסקייט, וויל איך, נישט שעכטן קרבנות! און עס ווערט אויך געזאָגט אין תהילים: איך דענק, אַז די וועלט ווערט געבויט אויף גוטסקייט!

*

ירושלים און יבנה — בית שמאי און בית הילל.

אַזוי ווי דאָס הייסע, וווּנדערלעך־העלדישע און פאַנאַטיש־פאַטריאָ־טישע ירושלים, איז געהאַט געווען אין אַן איבערגעטריבענער מאָס, דער אויסדרוק פון דער לערע און פון דעם גייסט פון די בית שמאי, איז אַזוי דאָס קאַלטע, קלוגע און מיושב'דיקע יבנה, דאַמאָלט געווען דער געטרייער אויסדרוק פון דער לערע און פון דעם גייסט פון די בית הילל.

1. הושע, ו, ו.
2. תהילים, פט, ג.
3. ילקוט שמעוני, הושע, תקכ"ב. אָבות דרבי נתן, נו"א, ז; נו"ב, ח.

הוא היה אומר: אַל תסתיר את במותיהם, שלא תבנה בידיך. אַל תסתיר של לבנים, שלא יאמרו לך: בוא ועשה של אבנים.

אם היתה נטיעה בתוך ידך, ויאמרו לך: „הרי לך המשיח!” — בוא ונטע הנטיעה, ואחר כך: צא והקבילו.

ואם יאמרו לך הילדים: „נלך ונבנה בית המקדש” — אַל תשמע להם! ואם יאמרו לך הזקנים: „בוא ונסתירנו” — שמע להם! מפני שבנין ילדים — סתירה, וסתירת זקנים — בנין[1].

ער (רבן יוחנן בן זכאי) האָט געפּלעגט צו זאָגן: דו זאָלסט נישט צעשטערן זייערע אַלטאַרן, אַז דו זאָלסט נישט מוזן מיט דיינע הענט זיי צוריק אויפשטעלן. דו זאָלסט נישט צעשטערן פון ציגל, אַז זיי זאָלן דיך הייסן צוריק אויפשטעלן פון שטיינער.

אַז דו האָלסט אין דער האַנט אַ נטיעה, אַ פלאַנץ, און מען זאָגט דיר: ״משיח איז געקומען!״ — איז קודם כל, פלאַנץ־איין די נטיעה, און ערשט דערנאָך, גיי אים מקבל פּנים זיין.

און אויב די יוגנטלעכע װעלן דיר זאָגן: ״לאָמיר גיין אויפבויען דאָס בית המקדש״ — זאָלסטו זיי נישט פאָלגן. און אויב די אַלטע װעלן דיר זאָגן: ״קום און לאָמיר עס צעשטערן״ — זאָלסטו זיי יאָ פאָלגן. װייל דאָס בויען פון די יוגנטלעכע — איז צעשטערונג, און דאָס צעשטערן פון די אַלטע — איז בויאונג.

*

עס איז אַ שפּאַרער מהלך, אַ געװאַלטיקער מרחק, צװישן ירושלים און יבנה. ממש, מן הקצה אל הקצה, פון איין עקסטרעם צום אַנדערן. דער דאָזיקער קער איז נישט לייכט אָנגעקומען און איז נישט, פאַרשטייט זיך, געװאָרן אָנגענומען לייכטזיניק. יידן, דאַמאָלט, האָבן נישט לייכט ״מאַנעװרירט״ אין דער פּאָליטיק.

ירושלים האָט געקעמפט מיט אַזאַ באַװוסטזיניקן און דויערהאַפטיקן מסירות נפש, װאָס די היסטאָריע װייסט, אפשר, נישט פון אַזאַ גלייכן. ירושלים האָט ביטער געקעמפט ביז דער לעצטער רגע, ביז אַלץ איז שוין געהאַט געװוען פאַרלוירן.

1. אָבות דרבי נתן, נו״ב, לא. תוספתא, עבודה זרה, א.

נאָך אַזעלכע איבערמענטשלעכע העלדישקייטן, וואָס עס האָט אַרויס־געוויזן די יידישע יוגנט, נאָך אַזאַ מין מסירות נפש, ווו אַזויפיל יידן האָבן זיך מקריב געווען ביים פאַרטיידיקן ירושלים און דאָס בית המקדש, נאָך דעם אַלעם איז גאָרנישט געווען אַזוי פשוט און לייכט פאַר אַזאַ נפש היפה, פאַר אַזאַ הערלעך פערזענלעכקייט, ווי רבן יוחנן בן זכאי, אַרויסצוקומען מיט אַזאַ מין "פּאָליטישן פּראָגראַם".

איז שוין אויבן געוואָרן דערמאָנט די אייגנאַרטיקע העלדישקייט פון רבן יוחנן בן זכאי, דאָס כדי דאָך צו ראַטעווען דאָס, וואָס עס לאָזט זיך נאָך ראַטעווען, האָט ער זיך אינגאַנצן איינגעשטעלט און אַלץ מקריב געווען און אַוודאַי נישט געזאָרגט פאַר זיין פּרעסטיזש.

## די תקנות פון רבן יוחנן בן זכאי

דאָס בית המקדש איז חרוב געוואָרן, דאָס הויז, ווו עס האָט גערוט די שכינה, דער הייליקער גייסט און די געטלעכע ליבע, בין ישראל לאביהם שבשמים, צווישן יידן מיט זייערן פאָטער אין הימל; דאָס בית המקדש, ווו עס איז געוואָרן אויסגעפירט די עבודה, די עבודת הקודש, די מצוות שבין אָדם למקום, די פליכטן פון מענטש צו דעם רבונו של עולם.

אַז דאָס בית המקדש איז פאַרברענט געוואָרן און דאָס אַלץ איז חרוב געוואָרן, האָט רבן יוחנן בן זכאי איינגעפירט נייעס, נייע פאָרמען, ווי אַזוי אויפצוהאַלטן דאָס אַלטע יידישקייט. האָט רבן יוחנן בן זכאי אַרויס־געגעבן נייע תקנות, וואָס זאָלן ווייטער דערנענטערן און פאַרבינדן יידן מיטן רבונו של עולם, אָן דעם בית המקדש און אָן יענע אַלע טראַדיציאָ־נעלע פאָרמען, וואָס זענען געווען פאַרהייליקט אַזויפיל הונדערטער יאָרן.

ווערט מערערע מאָל באַנוצט אין דער משנה דער אויסדרוק:

משחרב בית המקדש, התקין רבן יוחנן בן זכאי...[1].

נאָכדעם ווי עס איז חרוב געוואָרן דאָס בית המקדש, האָט רבן יוחנן בן זכאי איינגעפירט...

*

1. משנה, סוכה, ג, יג; ראש השנה, ד — א, ג, ד; מנחות, י, ה.

אָמר רבי יהודה: דברים אלו הנהיג בעולם, רבן יוחנן בן זכאי, משחרב בית המקדש. וכשיבנה הבית — יחזרו דברים אלו ליושנן[1].

רבי יהודה האָט געזאָגט: די דאָזיקע זאַכן האָט רבן יוחנן בן זכאי איינגעפירט אין דער וועלט, נאָכדעם ווי דאָס בית המקדש איז חרוב געוואָרן. ווען עס וועט ווידער ווערן צוריק אויפגעבויט — וועט דאָס אַלץ זיין אַזוי ווי עס איז געהאַט געווען פריער.

*

אָמר רבן גמליאל: קבלנו עדותכם, אבל מה נעשה שגזר רבן יוחנן בן זכאי...[2].

רבן גמליאל האָט געזאָגט (צו די עדים): מיר וואָלטן אָנגענומען אייער עדות, אָבער וואָס זאָל מען טאָן, אַז רבן יוחנן בן זכאי האָט שוין דאָס פאַרווערט?!

* * *

עס איז גאַנץ נאַטירלעך און היינט איז עס דאָך אַוודאַי גאָר זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז נאָך חורבן ירושלים און נאָך די אַלע געשעענישן, וואָס האָבן דערשיטערט דאָס לעבן אין ארץ ישראל, איז דאַמאָלט געהאַט געווען לעבנס־נויטווענדיק איינצופירן ראַדיקאַלע ענדערונגען און נייע תקנות אויף אַלע געביטן פון לעבן און גאַנץ באַזונדער אויף דעם רעליגיעזן געביט, נאָכדעם ווי עס איז חרוב געוואָרן דאָס בית המקדש, ווו עס איז געהאַט געווען קאָנצענטרירט דאָס רעליגיעזע לעבן.

פונדעסטוועגן איז אַפילו דאַמאָלט נישט געהאַט געווען אַזוי לייכט אַדורכצופירן ענדערונגען און איינפירן נייע תקנות.

מענטשן בכלל און אַוודאַי גלויביקע מענטשן, זענען קאָנסערוואַטיוו געשטימט און עס איז גאָרנישט אַזוי לייכט מוותר צו זיין אויף אַלטע איינגעפירטע דינים און מנהגים, זיך אָפּצוזאָגן פון איינגעפונדעוועטע זיטן און געוווינהייטן, בפרט אינעם רעליגיעזן לעבן.

1 תוספתא, ראש השנה, ד.
2. משנה, עדיות, ח, ג.

אַפילו דאַמאָלט, נאָך חורבן ירושלים און שרפת בית המקדש, ווען אַלץ האָט זיך אַזוי ראַדיקאַל געענדערט, אַפילו דאַמאָלט, איז נישט גע־האַט געווען אַזוי לייכט פאַר רבן יוחנן בן זכאי איינצופירן די אַלע אַזוי נויטווענדיקע תקנות, וואָס ער האָט איינגעפירט. ער האָט געהאַט זיך אָנגעשטויסן, זעט מען, אויף אַ ווידערשטאַנד מצד די דאַמאָלטיקע קאָנ־סערוואַטיווע רעליגיעזע מנהיגים, די בני בתירא אין יבנה און גאַנץ באַ־זונדער די צדוקים און די כהנים בכלל, וואָס זענען דאָך פריער געהאַט געווען די אויספירער פון דער עבודה אין בית המקדש [1].

*

עס איז זער כאַראַקטעריסטיש פאַר רבן יוחנן בן זכאי, דאָס אַפילו נאָך פריער, פאַר דער גרויסער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע, האָט ער שוין געהאַט איינגעפירט נייע תקנות אינעם רעליגיעזן לעבן.

ביי זיין גאַנץ נאַטירלעך און אויפריכטיק באַשיידנקייט האָט ער דאָך געפילט אין זיך אַזאַ גרויסע אויטאָריטאַטיווע קראַפט, דאָס אַפילו אַלטע טראַדיציעס, וואָס זענען בפירוש באַזירט אויף דער תורה, האָט ער זיך דערלויבט אָפּצושאַפן, אויב אין פאַרלויף פון דער צייט און פון די ענ־דערונגען אינעם לעבן, האָבן זיי אָנגעווירן זייערן אַמאָליקן אייגנטלעכן זין און אינהאַלט. אָט למשל צוויי אַזעלכע:

אין דער תורה איז געשריבן אַ גאַנצע פרשה, ווי אַזוי מען זאָל זיך נוהג זיין, אַז עס ווערט געפונען אַ הרוג, אַ דערמאָרדעטער, אין פעלד און מען ווייסט נישט, ווער עס איז דער מערדער:

די עלטסטע פון דער נאָענטסטער שטאָט זאָלן זיך צוזאַמענקומען ביים טייך און מיטברענגען מיט זיך אַ קאַלב, וואָס זאָל דאָרטן ווערן גע־קעפּט, עגלה ערופה, און זיי זאָלן בעטן גאָט, אַז ער זאָל פאַרגעבן די זינד און עס זאָל שוין מער נישט ווערן, אומשולדיק, פאַרגאָסן קיין מענטשלעך בלוט [2].

דאָס אַלץ האָט אַ זינען, פאַרשטייט זיך, ווען אַזעלכע פאַלן טרעפן זיך זעלטן, אָבער נישט דאָרטן, ווו עס זענען פאַרהאַנדן אַ סך רוצחים, ווי אין יענע אומרואיקע יאָרן.

1. וועגן עטלעכע מיינונגס־פאַרשידנקייטן צווישן רבן יוחנן בן זכאי און די כהנים, איז איבערגעגעבן אין דער משנה: שקלים, א, ד; כתובות, יג, א—ב; עדיות, ח, ג. עס איז דאָ אַ מיינונג, אַז רבן יוחנן בן זכאי איז געווען אַ כהן; זע: ספרי, ריש חוקת. תוספתא, פרה, ו. מנחות, כא, ב, תוספות ד"ה: שהכהנים, שבת, לד, א. רש"י, ד"ה: תורמסי תרומה; אָבער די דאָזיקע מיינונג איז נישט זער וואַרשיינלעך.
2. דברים, פרשת שופטים, כא, א—ט.

צוליב דעם דאָזיקן מאָטיוו, האָט טאַקע דאַמאָלט רבן יוחנן בן זכאי אָפּגעשאַפט די אַלע דינים וועגן עגלה ערופה.

*

דאָס זעלבע איז אויך בנוגע די דינים וועגן אַ סוטה:

אין דער תורה איז פאַרהאַנדן אַ גרויסע פרשה, געשריבן אויספיר־לעך, ווי אַזוי אַ מאַן דאַרפט זיך פירן, ווען ער האָט אַ באַשטימטן חשד אויף זיין ווייב. עס איז אַ גאַנץ לאַנגע און זער פיינלעכע פראָצעדור, וואָס די באַשולדיקטע פרוי האָט דאַמאָלט געמוזט אַדורכגיין דערביי [1].

האָט רבן יוחנן בן זכאי דאָס אָפּגעשאַפט צוליב די געענדערטע אומשטענדן אין דער געזעלשאַפט:

לויט דער משנה, איז דער מאָטיוו פון רבן יוחנן בן זכאי, דאָס די אַלע דינים וועגן אַ סוטה און די גאַנצע פיינלעכע פראָצעדור, האָבן געהאַט אַ זינען און אויך געווען באַרעכטיקט, נאָר אין די פריערדיקע צייטן, ווען די מענער זענען, אין אַלגעמיין, געהאַט געווען אומשולדיק [2].

לויט דער תוספתא, איז דער מאָטיוו פון רבן יוחנן בן זכאי, אַז דאָס אַלץ האָט געהאַט אַ זינען און עס איז אויך געהאַט געווען אויס־פירבאַר, נאָר אין די פריערדיקע צייטן, ווען די פרויען זענען, אין אַל־געמיין, געהאַט געווען מער דיסקרעט און צניעות׳דיק [3].

*

די דאָזיקע איינשאַפט, וואָס צייכנט אויס די יידישע רעליגיע — נישט לויט די שומרונים, נישט לויט די צדוקים און נישט לויט די קראים, נאָר בלויז לויט די פרושים, לויט די חכמי התלמוד — די דאָזיקע איינשאַפט: די מעגלעכקייט איינצופירן נייע תקנות און נייע פאָרמען אין יידישקייט, האָט שטענדיק געהאַט די געבענטשטע ווירקונג אויף דער פרישקייט און אויף דער אומפאַרגענגלעכקייט פון דער יידישער רעליגיע.

נייע תקנות און נייע פאָרמען, וואָס באַרירן גאָרנישט דעם יסוד פון יהדות און ענדערט נישט דאָס מינדעסטע אין דעם עצם מהות, אין דעם אייגנטלעכן וועזן פון יידישקייט.

---

1. במדבר, פרשת נשא, ה, יב—לא.
2. משנה, סוטה, ט, ט.
3. תוספתא, סוטה, יד, א.

דוד מלכי

# רבן יוחנן בן זכאי פאַרלאָזט יבנה

פאַר חורבן ירושלים איז רבן שמעון בן גמליאל געווען דער נשיא און רבן יוחנן בן זכאי — דער משנה, דער סגן, דער וויצע־נשיא [1].

דאָס נשיאות האָט, אַלזאָ, געדאַרפט איבערגיין בירושה צום זון פון דעם פריערדיקן נשיא, צו רבן גמליאל, דעם זון פון רבן שמעון בן גמליאל. נאָר די ערשטע יאָרן נאָך חורבן ירושלים איז רבן גמליאל געווען געצוווּנגען זיך אויסצובאַהאַלטן פאַר די רוימער, ווייל ער איז געווען פאַרדעכטיק צוליב דעם, וואָס זיין פאָטער, דער נשיא רבן שמעון בן גמליאל, איז געווען זייער געגנער און איז טאַקע דורך זיי אומגעקומען.

אגב, ווערט רבן שמעון בן גמליאל אַריינגערעכנט צווישן די עשרה הרוגי מלכות, די צען גדולי חכמי ישראל, וואָס זענען אומגעקומען דורך די רוימער [2]. זיי ווערן דערמאָנט צוויי מאָל אין יאָר: יום כפור ביי „מוסף", און תשעה באָב אין דער פרי, ביי „קינות", ביים וויינען אויף חורבן ירושלים.

ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן צו באַרואיקן, איז רבן גמליאל געקומען קיין יבנה און איבערגענומען דאָס נשיאות.

דאַמאָלט האָט רבן יוחנן בן זכאי פאַרלאָזט יבנה, וואָס ער האָט עס אויפגעשטעלט מיט אַזאַ מין מסירות נפש, און זיך באַזעצט אין דעם שטילן שטעטל ברור חיל, ווו ער האָט אַוודאַי ווייטער געפירט זיין ישיבה. ווערט איבערגעגעבן:

> חמשה תלמידים היו לו לרבן יוחנן בן זכאי. כל זמן שהיה קיים, היו יושבים לפניו; כשנפטר — הלכו ליבנה [3].

פינף תלמידים האָט געהאַט רבן יוחנן בן זכאי. כל זמן ער האָט געלעבט, זענען זיי געווען מיט אים. ווען ער איז געשטאָרבן — זענען זיי געגאַנגען קיין יבנה.

*

---

1. מדרש תנאים, הוצאת הופמאַן, פרשת כי תבוא. זייט 176.
2. מכילתא, משפטים, יח, הוצאת האָראָוויטש זייט 313. סנהדרין, יא, א. אבות דרבי נתן, נו"א, לח; נו"ב, מא. מסכת שמחות, ח. תנא דבי אליהו, הוצאת איש שלום, זייט 153.
3. מדרש רבה, קהלת, ז, טו.

באַפרייט פון די שווערע אויפגאַבן, וואָס רבן יוחנן בן זכאי האָט געהנווילליק אויף זיך גענומען אין דעם קריטישן און דעצידירנדיקן מאָמענט ביי דער טראַגישער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע — איז ער אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן געזעסן אין דעם שטילן שטעטל ברור חיל און געהאַט די גוטע מעגלעכקייט צו מאַכן פאַר זיך דעם לעצטן און אַנטגילטיקן חשבון הנפש פון אַלע זיינע מעשים און זייערע אויסוויר־קונגען אין פאַרלויף פון זיין אַזוי רייכן און פרוכטבאַרן לעבן.

עס איז נישט באַקאַנט, ביי וועלכע אומשטענדן רבן גמליאל האָט איבערגענומען דאָס נשיאות, די העכסטע פירערשאַפט, דאַמאָלט, ביי יידן. געטריי צו זיין נאַבעלער נאַטור האָט רבן יוחנן בן זכאי אַוודאַי געדאַרפט געהנווילליק איבערגעבן דאָס נשיאות צו רבן גמליאל, וואָס עס איז אים געקומען בירושה פון זיין פאָטער, דער לעצטער נשיא בימי הבית.

עס וואָלט זיך זער גערן געוואָלט גלייבן, אַז רבן יוחנן בן זכאי האָט דאָס נשיאות איבערגעגעבן אין די הענט פון רבן גמליאל מיט זיין גוטן ווילן און גאַנץ געהנווילליק האָט ער אַליין זיך צוריקגעצויגן פון דער, אַזוי צו זאָגן, געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, כדי צו פאַרברענגען די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן נאָר אויסשליסלעך אין דער תורה.

עס איז אָבער עפּעס דאָך זיך נישט פאַרצושטעלן, אַז רבן יוחנן בן זכאי האָט אַלע זיינע פּאָליטישע געגנער איבערצייגט אין דער ריכ־טיקייט פון זיין פּאָליטיק און אַז יענער שריט זיינער, ביי דער באַלאַ־גערונג פון ירושלים, איז טאַקע געהאַט געווען באַרעכטיקט און האָט געברענגט נאָר גוטס.

פון דעם, וואָס עס ווערט איבערגעגעבן וועגן די לעצטע טעג פון רבן יוחנן בן זכאי, זעט זיך עפּעס נישט אויס, אַז אַפילו זיינע לעצטע יאָרן זאָלן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אידיליע.

ווען איז דען דאָס לעבן יאָ אַן אידיליע, און נאָך דערצו אין אַזאַ גרויזאַמער עפּאָכע ווי דאַמאָלט?!

דוד מלכי

# די לעצטע טעג פון רבן יוחנן בן זכאי

כשחלה רבן יוחנן בן זכאי, נכנסו תלמידיו לבקרו. כיון שראה אותם, התחיל לבכות [1].

ווען רבן יוחנן בן זכאי איז קראַנק געוואָרן, זענען צו אים אַריינ־געגאַנגען זיינע תלמידים אים מבקר חולה זיין. אַזוי ווי ער האָט זיי געזען, האָט ער אָנגעהויבן צו וויינען.

פרעגן די תלמידים דעם רבי׳ן: פאַרוואָס וויינסטו?

דערקלערט זיי רבן יוחנן בן זכאי, וואָס עס הייסט אָפּגעבן אַ דין וחשבון לפני מלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא און פירט אויס:

ולא עוד, אלא שיש לפני שתי דרכים, אחת של גן עדן ואחת של גיהנם, ואיני יודע באיזו מוליכים אותי, ולא אבכה?!

און אויסער אַלעם, זענען דאָך פאַר מיר צוויי וועגן, איינער צום גן עדן און איינער צום גיהנם און איך ווייס נישט, אויף וועלכן מען וועט מיך פירן — טאָ זאָל איך נישט וויינען?!

עס פאַרשטייט זיך, אַז רבן יוחנן בן זכאי האָט נישט געקאָנט האָבן קיין שום צווייפל, צי ער האָט געפירט אַ רעכטפערטיק לעבן און דע־ריבער זיך געשראָקן פאַרן גיהנם.

זעט זיך אויס, אַז רבן יוחנן בן זכאי איז דאָך נישט געווען אַזוי רואיק און גאַנץ זיכער איבערצייגט, דאָס זיין אַריבערגיין דאַמאָלט מיט זיין שתדלנות צו דעם רוימישן הערשער, איז טאַקע געווען אַזוי אינגאַנצן באַרעכטיקט.

איז כדאי דאָ צו ברענגען דעם נוסח אין אָבות דרבי נתן:

ועוד שיש לפני שתי דרכים, אחת לגן עדן ואחת לגיהנם, ואיני יודע אם יכריעני לגיהנם, או אם יכניסני לגן עדן [2].

און עס זענען פאַר מיר צוויי וועגן, איינער צום גן עדן און איינער צום גיהנם און איך ווייס נישט, צי וועט מען מיך נייגן צום גיהנם, צי מען וועט מיך אַריינגעמען אין גן עדן.

---

1. ברכות, כח, ב.
2. אָבות דרבי נתן, נו״א, כה.

דער אויסדרוק, מכריע זיין, ווערט געווענלעך באַנוצט דאָרטן, ווו עס וואַקלט זיך, למשל, דאָס צינגל פון דער וואָגשאָל. האָט רבן יוחנן בן זכאי אַוודאַי געמיינט דערמיט צו זאָגן, אַז דאָס איז דאָך אַזאַ אידעי־לער ענין, אַז מען קאָן אַליין נישט וויסן גענוי, ווי אַזוי מְען ווער מכריע זיין דאָס צינגל פון דער וואָגשאָל ביים באַטראַכטן, אין הימל, צי ער האָט טאַקע דאַמאָלט ריכטיק געהאַנדלט.

*

עס איז שוין אויבן גֿעוואָרן דערמאָנט, דאָס הגם רבן יוחנן בן זכאי איז דער ריכטיקער נאָכפאָלגער פון הילל'ן, האָט ער דאָך נישט איגנאָרירט די לערע פון די בית שמאי, אַזוי ווי עס לערנט די אויבן־דערמאָנטע משנה אין אָבות: רבן יוחנן בן זכאי קבל מהילל ומשמאי.

האָט רבן יוחנן בן זכאי, זעט זיך אויס, דאָך נישט געהאַט די אַבסאָ־לוטע זיכערקייט און די גאַנצע רואיקייט, אַז ער האָט טאַקע ריכטיק געהאַנדלט אין יענעם טראַגישן און דעצידירנדיקן מאָמענט.

איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן דאָס לשון אין דעם דאָ אויבן־דערמאָנטן מאמר:

כיון שראה אותם, התחיל לבכות.

אַזוי ווי ער האָט זיי געזעען (די תלמידים), האָט ער אָנגעהויבן צו וויינען.

מען קאָן פאַרשטיין, דאָס ווען רבן יוחנן בן זכאי האָט דערזעען זיינע תלמידים, וואָס זענען געווען מיט אים צוזאַמען, ווען ער האָט דאַמאָלט אויסגעפירט יענע טראַגישע מיסיע — איז אויפסניי ווידער געוואָרן אויפגעלעבט אין זיין זכרון און אין דער פאָרשטעלונג יענע קאָשמאַרנע נאַכט, האָט ער זיך צעוויינט.

אויך אין דעם דאָזיקן געוויין, בסוף ימיו, זעט מען דאָס אידעלע און צאַרטע געפיל פון רבן יוחנן בן זכאי, וואָס מען קאָן מיינען, אַז ער האָט זיך נאָר אויסגעצייכנט מיט דעם גלייכן און קאַלטן שכל און מיט דער אויסגעהאַלטענער לאָגיק.

*

נאָכדעם ווי רבן יוחנן בן זכאי האָט געהאַט מסביר געווען און דערקלערט דעם זין פון זיין געוויין, איז ער איבערגעגאַנגען צו אַ זער האַרבער קריטיק געגן די תלמידים.

אָמרו לו: רבינו, ברכנו! אָמר להם:
יהי רצון שתהא מורא שמים עליכם כמורא בשר ודם!
אָמרו לו תלמידיו: עד כאן?!
אָמר להם: ולואי! תדעו, כשאָדם עובר עבירה, אומר:
שלא יראני אָדם!

ווען די תלמידים האָבן געבעטן רבן יוחנן בן זכאי: אונזער לערער, בענטש אונז! האָט ער זיי געבענטשט:

הלוואַי זאָל אַזוי זיין אייערע מורא פאַר גאָט, ווי די מורא פאַר מענטשן!

ווערן דאָך די תלמידים דערשטוינט: דאָס איז אַלץ?!

ענטפערט זיי רבן יוחנן בן זכאי:

הלוואַי זאָל עס כאָטשיק זיין אַזוי! איר ווייסט דאָך, אַז ווען דער מענטש זינדיקט, היט ער זיך אויס פאַר מענטשן.

*

כדי צו קענען זיך מאַכן אַ גענויען באַגריף, וואָס פאַר אַ האַרבע קריטיק עס איז אַנטהאַלטן אין די דאָזיקע דאָ אויבן־דערמאָנטע ווערטער פון רבן יוחנן בן זכאי, איז אינטערעסאַנט דאָ צו ברענגען איינעם פון יענע אייגנאַרטיקע שמועסן פון אַמאָל, וואָס רבן יוחנן בן זכאי האָט געהאָט געפירט מיט די תלמידים:

שאלו תלמידיו את רבן יוחנן בן זכאי: וכי מה ראתה תורה להחמיר בגנב יותר מבגזלן? אָמר להם: גזלן הישוה כבוד עבד לכבוד קונו, גנב חלק כבוד לעבד יותר על כבוד קונו, כביכול, עשה גנב את עין העליונה כאילו אינה רואָה, ואת האוזן שאינה שומעת, שנאמר[1]: „הוי, המעמיקים מה׳ לסתיר עצה, והיה במחשך מעשיהם ויאמרו: מי רואנו ומי יודענו?!“, (ונאמר)[2]: „ויאמרו: לא יראה יה, ולא יבין אלהי יעקב“, (ונאמר)[3]: „כי אומרים: אין ה׳ רואה אותנו, עזב ה׳ את הארץ“[4].

1. ישעיהו, כט, טו.
2. תהלים, צד, ז.
3. יחזקאל, ח, יב; ט, ט.
4. תוספתא, בבא קמא, ז, א; בבלי, עט, ב. מכילתא, פרשת משפטים, כב, ו.

די תלמידים האָבן אַמאָל געפרעגט רבן יוחנן בן זכאי: פאַרוואָס איז די תורה שטרענגער צו אַ גנב ווי צו אַ גזלן: אַ גזלן, אַ רויבער, באַצאָלט נאָר דעם ווערט פון דער גזלה, אָבער אַ גנב באַצאָלט כפל, דאָפּלט?!

האָט זיי רבן יוחנן בן זכאי געענטפערט, אַז אַ גנב, וואָס שעמט זיך נישט פאַר גאָט, נאָר פאַר מענטשן — איז ערגער ווי אַ גזלן, וואָס שעמט זיך פאַר קיינעם נישט.

*

זעט מען דאָך גאַנץ קלאָר, ווי דאָס נישט זיין ערלעך מיט זיך גופא, דאָס נישט זיין אויפריכטיק, איז אַזאַ נידעריקע מדרגה און אַזאַ מידה מגונה ביי רבן יוחנן בן זכאי, דאָס אַפילו בנוגע פאַרברעכער רעכנט ער דאָס פאַר אַ האַרבער עברה, קאָן מען פאַרשטייען דאָס האַרץ פון רבן יוחנן בן זכאי, אַז פאַר דער פּטירה וואַרפט ער פאַר די נאָענטע אַרום זיך, אַז זיי באַגייען די דאָזיקע האַרבע זינד.

איז עס, אַלזאָ, לאָגיש אָנצונעמען, אַז יעדנפאַלס די עקסטרעמע יידישע פּאַטריאָטן האָבן נישט אַזוי לייכט טאָלערירט די פירערשאַפט פון רבן יוחנן בן זכאי. עס איז אויך מעגלעך אָנצונעמען, אַז דאָס פאַרלאָזן יבנה און דאָס איבערנעמען דאָס נשיאות פון רבן גמליאל, איז אפשר אויך נישט צוגעגאַנגען אינגאַנצן אידיליש.

יעדנפאַלס, זעט זיך אויס, אַז יענע נאַכט, ווען רבן יוחנן בן זכאי האָט זיך אַרויסגעקריגן פון דעם באַלאַגערטן ירושלים, האָט אויף שטענ־דיק איבערגעלאָזט אַ שאָטן, וואָס איז מסתמא געוואָרן געדיכטער און שוואַרצער אין די לעצטע לעבנס־טעג.

איז עס דעריבער זער וואַרשיינלעך, אַז רבן יוחנן בן זכאי האָט געהאַט פאַראיבל אויף זיינע תלמידים, דאָס זיי זענען נישט געווען אויפריכטיק, נאָר רעכענען זיך צופיל מיט די געגנער און דעריבער נעמען זיי אים נישט געווען אין שוץ.

דוד מלכי

# די פטירה פון רבן יוחנן בן זכאי

פאַר יציאת נשמה זאָגט רבן יוחנן בן זכאי:

פנו כלים מפני הטומאה!

רוימט אַלץ אַרויס פון שטוב, צוליב דער טומאה!

מיט דעם דאָזיקן זאָג האָט רבן יוחנן בן זכאי, מסתמא, זיך מתכוון געווען צו ווייזן, אַז די דיני טומאה וטהרה, אַז די אַלע פאַרשריפטן וועגן אומריינקייט און ריינקייט, און גאַנץ באַזונדער די דינים וועגן טומאת המת, זענען ווייטער גילטיק, הגם עס עגזיסטירט שוין נישט דאָס בית המקדש.

עס איז אויך אָנצונעמען, וואָס עס פּאַסט, אגב, פאַר רבן יוחנן בן זכאי, דאָס ער האָט געוואָלט אונטערשטרייכן, אַז עס איז נישטאָ קיין שום אונטערשיד, ווער עס איז געשטאָרבן: אַפילו רבן יוחנן בן זכאי, איז זיין גוף דערנאָך מטמא אַלץ, וואָס עס געפינט זיך אין שטוב.

*

אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן האָט רבן יוחנן בן זכאי געזעען פאַר זיך דאָס געשטאַלט פון חזקיהו מלך יהודה, פון דעם יידישן קעניג, וואָס איז אים גייסטיק נאָענט.

מלכות, מאַיעסטעטישקייט. אָבער וואָס פאַר אַ מלכות? — נישט קיין מלכות פון מלחמות און פון נצחונות וואָס זענען פאַרבונדן מיט בלוט־פאַרגיסונגען. נישט קיין מלכות פון פאַרשווענדערישן קעניג־לעכן לוקסוס. נאָר אַזאַ מלכות, וואָס עס סימבאָליזירט מיט זיך חזקיהו מלך יהודה: אַ מלכות פון שלום און יראת שמים.

רבן יוחנן בן זכאי האָט זיך געפילט נאָענט צו חזקיהו מלך יהודה, וואָס איז געוואָרן שאַרף געטאַדלט דורך ישעיהו הנביא, צוליב זיין מעסיקע און נאָכגיביקע פּאָליטיק, און וואָס ער איז געהאַט געווען צו פיל צוגעלאָזן צו די שליחים פון מרודך מלך בבל[1].

האָט רבן יוחנן בן זכאי אין די לעצטע מינוטן פון זיין לעבן געזעען חזקיהו מלך יהודה. ער האָט אים געזעען אַזוי קלאָר, רעאַל און, באַנוי, ממשות׳דיק, דאָס ער האָט געהייסן צוגרייטן פאַר אים אַ שטול, ווייל אָט קומט ער...

1. מלכים ב׳, כ. ישעיהו, לט.

דער תלמוד און זיינע פערזענלעכקייט.

זענען דאָס טאַקע די לעצטע ווערטער פון רבן יוחנן בן זכאי:

הכינו כסא לחזקיהו מלך יהודה, שבא...[1]

* * *

ניינצן הונדערט יאָר זייט רבן יוחנן בן זכאי איז געשטאָרבן און ער לעבט נאָך אין זכרון און אין באַוווסטזיין פון יידישן פאָלק. ביים דער־מאַנען זיין נאָמען ווערט ליכטיק אין געדאַנק און גוט אויפן געמיט.

ווי עס איז שוין געוואָרן געזאָגט, איז דאָס כאַראַקטעריסטישע בנוגע רבן יוחנן בן זכאי, דאָס נאָענטקייט און היימישקייט, וואָס עס פילט צו אים יעדערער ייד, וואָס האָט נאָר געהאַט געלערנט יידישקייט, און וועלכער ייד, אַמאָל, האָט דאָס נישט געהאַט געלערנט?

*

צו אַלעם מוז מען האָבן גליק, אַפילו אויך צו אומגליקן, צו נאַציאָ־נאַלע קאַטאַסטראָפעס: עס איז בייגעשטאַנען אַ גרויסער זכות, דאָס דאָ־מאָלט אין יענעם טראַגישן מאָמענט, באַלד נאָך דעם אַזוי שרעקלעכן חורבן, איז אינעם שפּיץ פון יידישן פאָלק געשטאַנען אַזאַ הערלעכע פערזענלעכקייט ווי רבן יוחנן בן זכאי.

---

1 ברכות, כח, ב.

דוד מלכי

# די תלמידים פון רבן יוחנן בן זכאי

חמשה תלמידים היו לו לרבן יוחנן בן זכאי, ואלו הם: רבי אליעזר בן הורקנוס, רבי יהושע בן חנניה, רבי יוסי הכהן, רבי שמעון בן נתנאל, ורבי אלעזר בן ערך.

הוא היה מונה שבחן:
רבי אליעזר בן הורקנוס — בור סיד, שאינו מאבד טפה. רבי יהושע — אשרי יולדתו. רבי יוסי — חסיד. רבי שמעון בן נתנאל — ירא חטא. ורבי אלעזר בן ערך — מעין המתגבר.

הוא היה אומר:
אם יהיו כל חכמי ישראל בכף מאזנים, ורבי אליעזר בן הורקנוס בכף שניה — מכריע את כולם.

אבא שאול אומר משמו:
אם יהיו כל חכמי ישראל בכף מאזנים ורבי אליעזר בן הורקנוס אף עמהם, ורבי אלעזר בן ערך בכף שניה — מכריע את כולם.

אָמר להם: צאו וראו, איזה דרך טובה שיודבק בה האָדם!

רבי אליעזר אומר: **עין טובה**. רבי יהושע אומר: **חבר טוב**. רבי יוסי אומר: **שכן טוב**. רבי שמעון אומר: **הרואה את הנולד**. רבי אלעזר אומר: **לב טוב**.

אָמר להם: רואה אני את דברי אלעזר בן ערך, שבכלל דבריו דבריכם[1].

פינף תלמידים האָט געהאַט רבן יוחנן בן זכאי: רבי אליעזר בן הורקנוס, רבי יהושע בן חנניה, רבי יוסי הכהן, רבי שמעון בן נתנאל און רבי אלעזר בן ערך.

האָט רבן יוחנן בן זכאי זיי כאַראַקטעריזירט:

רבי אליעזר בן הורקנוס — זאַמלט אַלץ איין און עס ווערט ביי אים גאָרנישט פאַרלוירן. רבי יהושע בן חנניה — גליקלעך איז זיין

1. משנה, אָבות, ב, ח—ט. מער באריכות אין אָבות דרבי נתן, נו״א, יד; נו״ב, כט.

מאַמע! רבי יוסי הכהן — דער חסיד. רבי שמעון בן נתנאל — דער ירא חטא. רבי אלעזר בן ערך — דער זיך שטאַרקנדיקער קוואַל.

רבן יוחנן בן זכאי האָט געזאָגט: אויב אַלע חכמי ישראל וועלן זיין אויף איין וואָגשאָל און רבי אליעזר בן הורקנוס אויף דער צווייטער — וועט ער זיי אַלע איבערוועגן.

לויט אַבא שאול, זאָל רבן יוחנן בן זכאי האָבן געזאָגט: אויב אַלע חכמי ישראל, מיט רבי אליעזר בן הורקנוס צוזאַמען, זאָלן זיין אויף איין וואָגשאָל און רבי אלעזר בן ערך אויף דער צווייטער — וועט ער זיי אַלע איבערוועגן.

האָט רבן יוחנן בן זכאי געזאָגט צו זיינע תלמידים: קוקט זיך גוט אַרום, וועלכער עס איז דער בעסטער וועג פאַרן מענטש! זאָגט רבי אליעזר בן הורקנוס: אַ גוט אויג. רבי יהושע בן חנניה זאָגט: אַ גוטער חבר. רבי יוסי הכהן זאָגט: אַ גוטער שכן. רבי שמעון בן נתנאל זאָגט: דאָס פאָראויסזעען, וואָס עס וועט אַרויסקומען. רבי אלעזר בן ערך זאָגט: אַ גוט האַרץ.

זאָגט צו זיי רבן יוחנן בן זכאי: פון אַלע אייערע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען, געפעלט מיר צום בעסטן די פון אלעזר בן ערך, ווייל זי אַנטהאַלט שוין אין זיך אַלץ.

*

ווי עס זעט זיך אויס, איז דאָס אַלץ געזאָגט געוואָרן פריער, פאַר חורבן ירושלים, ווען אַלע זענען נאָך געווען יונג.

*

וואָס ווייסט מען, אייגנטלעך, וועגן די דאָזיקע תלמידים פון רבן יוחנן בן זכאי, אויסער רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי יהושע בן חנניה?

## רבי יוסי הכהן און רבי שמעון בן נתנאל

פון רבי יוסי הכהן זענען געבליבן נאָר עטלעכע הלכות[1] און אויך די דריי דברי מוסר, וואָס ווערן אין זיין נאָמען געברענגט אין דער משנה אין אָבות:

1. משנה, עדיות, ח, ב. שבת, יט, א. תענית, יג, א. כתובות, כו, ב.

רבי יוסי אומר: יהא ממון חברך חביב עליך כשלך. והתקן עצמך ללמוד תורה, שאינה ירושה לך. וכל מעשיך יהיו לשם שמים[1].

רבי יוסי הכהן זאָגט: דיין חבר׳ס געלד זאָל דיר זיין אַזוי ליב (זאָלסטו היטן) ווי דיין אייגנס. דו זאָלסט זיך צוגרייטן צו לערנען תורה, זי וועט דיר נישט קומען בירושה. און אַלע דיינע מעשים זאָלן זיין לשם שמים.

עס איז שוין אויבן געוואָרן געברענגט, ווי רבי יוסי הכהן האָט איבערגעגעבן זיין רבי׳ן, רבן יוחנן בן זכאי, די דרשה פון רבי יהושע בן חנניה וועגן מעשה מרכבה[2].

אַז עס וועט דאָ נאָך ווערן צוגעגעבן דער אינטערעסאַנטער עפּיזאָד וואָס ווערט וועגן אים דערציילט, וועט עס זיין אַלץ וואָס מען ווייסט וועגן רבי יוסי הכהן:

שאלה בלוריה הגיורית את רבן גמליאל: כתוב בתורתכם[3]: „אשר לא ישא פנים", וכתיב[4]: „ישא ה׳ פניו אליך"?! נטפל לה רבי יוסי הכהן. אָמר לה: אמשול לך משל למה הדבר דומה: לאָדם שנושה בחברו מנה וקבע לו זמן בפני המלך, ונשבע לו בחיי המלך. הגיע זמן ולא פרעו. בא לפייס את המלך. אָמר לו: עלבוני מחול לך, לך ופייס את חברך. הכא נמי, כאן — בעברות שבין אָדם למקום, כאן — בעברות שבין אָדם לחברו[5].

בלאָריאַ, די גר׳טע, האָט אַמאָל געפרעגט דעם נשיא, רבן גמליאל (עס זעט זיך אויס: אײדער זי האָט זיך מגייר געווען): אין אייערער תורה איז געשריבן: אשר לא ישא פנים, אַז גאָט שוינט נישט קיינעם, און עס איז אויך געשריבן: ישא ה׳ פניו אליך, גאָט וועט דיך יאָ שוינען. האָט זיך מיט איר פאַרנומען רבי יוסי הכהן און איר געזאָגט: איך וועל דיר ברענגען אַ משל:

איינער האָט געמאָנט ביים אַנדערן הונדערט גילדן, האָט ער אין

1 משנה, אָבות, ב, יב.
2. אויבן אויף זייט 176.
3. דברים, פרשת עקב, י, יז.
4. במדבר, פרשת נשא, ו, כו.
5. ראש השנה, יז, ב.

דער געגנוואַרט פון מלך באַשטימט אַ טערמין און האָט דאַרויף גע־שווירן ביים לעבן פון מלך. צום טערמין האָט ער אָבער נישט באַצאָלט, איז ער געקומען בעטן אַנטשולדיקונג ביים מלך. זאָגט אים דער מלך: מיין באַליידיקונג בין איך דיר מוחל, אָבער דיין חבר זאָלסטו פאַרגיטיקן זיין עוולה.

אַזוי אויך, פירט אויס רבי יוסי הכהן, איז עס דאָ ביי די דאָזיקעביידע פסוקים: ישא ה׳ פניו, איז געזאָגט געוואָרן בעברות שבין אָדם למקום, ביי זינד פונעם מענטש לגבי דעם רבונו של עולם איז דער רבונו של עולם יאָ מוחל. לא ישא ה׳ פניו, איז געזאָגט געוואָרן בעברות שבין אָדם לחברו, ביי זינד צווישן מענטש און מענטש איז דער רבונו של עולם נישט מוחל.

*

וועגן רבי שמעון בן נתנאל ווייסט מען כמעט גאָרנישט מער ווי דאָס וואָס איז אויבן איבערגעגעבן און אויך די דריי דברי מוסר, וואָס ווערן געבערענגט אין זיין נאָמען אין דער משנה אין אָבות.

## רבי אלעזר בן ערך

פון די אַלע אויבן־געבערענגטע מאמרים איז צו זען, ווי רבי אלעזר בן ערך איז געווען דער באַליבטסטער תלמיד פון רבן יוחנן בן זכאי. ער האָט אים כאַראַקטעריזירט לויט דער משנה: כמעין המתגבר, און לויט אָבות דרבי נתן:

נחל שוטף ומעין המתגבר, שמימיו מתגברין ויוצאין לחוץ, לקיים מה שנאמר[1]: יפוצו מעינותיך חוצה; ברחובות, פלגי מים[2].

עס איז שוין אויבן געוואָרן געבערענגט, ווי רבן יוחנן בן זכאי איז געווען אַנטציקט פון זיין לערנען מעשה מרכבה און ווען עס איז גע־שטאָרבן זיין זון, האָט ער ליבערשט אָנגענומען די טרייסט פון רבי אלעזר בן ערך. אַזוי אויך האָט רבן יוחנן בן זכאי אָנגענומען זיין מיי־נונג, אַז דער עיקר איז אַ גוט האַרץ[3].

1. משלי, ה, טו.
2. אָבות דרבי נתן, נו״א, יד.
3. אויבן אויף זייט 174 און זייט 168.

לויט אבא שאול, האָט רבן יוחנן בן זכאי געזאָגט, אַז רבי אלעזר בן ערך איז דער וויכטיקסטער צווישן אַלע זיינע תלמידים.

*

רבי אלעזר בן ערך איז געוואָרן גערימט, אַז זיינע גוטע עצות האָבן שטענדיק דעם געהעריקן דערפאָלג. ווערט איבערגעגעבן:

אָמרו לו: נביא אָתה?! אָמר להם: לא נביא אָנכי ולא בן נביא, אלא כך מקובלני מרבותי, שכל עצה שהיא לשם שמים — סופה להתקיים[1].

האָבן זיי אים געפרעגט: ביזטו אַ נביא?! האָט ער זיי געענטפערט: נישט קיין נביא בין איך און נישט קיין זון פון אַ נביא, נאָר איך האָב איבערגענומען פון מיינע לערער, אַז יעדערע עצה, וואָס איז מיט אַ גוטע כוונה, לאָזט זיך אויס צום גוטן.

*

רבי אלעזר בן ערך איז, זעט זיך אויס, געשטאָרבן יונגערהייט, יעדנפאַלס, פריער ווי זיינע חברים[2]. אויסער עטלעכע הלכות איז גאָר־נישט געבליבן פון זיין תורה.

עס איז מיט אים עפּעס געשען, וואָס מען ווייסט נישט גענוי. עס ווערט איבערגעגעבן:

חמשה תלמידים היו לו לרבן יוחנן בן זכאי. כל זמן שהיה קיים, היו יושבים לפניו; כשנפטר, הלכו ליבנה.

והלך רבי אלעזר בן ערך אצל אשתו לעמאוס, מקום מים יפים ונוה יפה. המתין להם שיבואו אצלו ולא באו. כיון שלא באו, ביקש לילך אצלם ולא הניחתו אשתו. אָמרה: מי צריך למי?! אָמר לה: הם צריכים לי. אָמרה ליה וכו׳. שמע לה וישב עד ששכח תלמודו[3].

---

1. מדרש תהלים, א, יט.
2. תוספתא, נדרים, ו, ה.
3. מדרש רבה, קהלת, ז, טו. ילקוט שמעוני, קהלת תתקעג. אָבות דרבי נתן, נו״א, יד; נו״ב, כט. שבת, קמז, ב.

פינף תלמידים האָט געהאַט רבן יוחנן בן זכאי. כל זמן ער האָט געלעבט, זענען זיי געווען מיט אים; ווען ער איז געשטאָרבן, זענען זיי געגאַנגען קיין יבנה.

און רבי אלעזר בן ערך איז געגאַנגען צו זיין פרוי קיין עמאוס, אַן אָרט מיט גוט וואַסער און אַ שיינע לאַנדשאַפט. ער האָט געוואַרט, אַז זיי זאָלן קומען צו אים, אָבער זיי זענען נישט געקומען. האָט ער שוין געוואָלט גיין צו זיי, האָט אים די פרוי נישט געלאָזט. זי האָט אים געגעבן אַ פרעג: ווער דאַרפט וועמען?! — זיי דאַרפן מיך, האָט ער איר געענטפערט און האָט איר געפאָלגט און געבליבן זיצן אויפן אָרט, ביז ער האָט פאַרגעסן דאָס לערנען.

*

עס איז אינגאַנצן גאָרנישט צו פאַרשטיין, דאָס רבי אלעזר בן ערך, דער ליבסטער תלמיד פון רבן יוחנן בן זכאי, וואָס האָט אים געהאַלטן אַלס דעם גרעסטן צווישן די חכמים, זאָל גלאַט אַזוי אַלץ און אַלעמען פאַרלאָזן און אַוועק אין עפּעס אַ קור־אָרט, אין אַ שיין געגנד מיט גוט וואַסער.

עס האָט אויך גלאַט נישט קיין שום זין דער דאָ אויבן־געברענגטער, אַזוי באַנאַלער, שמועס מיט זיין ווייב, וואָס פּאַסט גאָרנישט אַפילו פאַר אַ סך אַ קלענערן מענטש ווי רבי אלעזר בן ערך; און ווי אַזוי דער דאָזיקער גרויסער חכם און גוטער יועץ פאַר אַנדערע, האָט ער גאָר געפאָלגט די עצה פון זיין ווייב בנוגע זיין באַציאונג צו זיינע אַזוי גרויסע חברים און ממילא בנוגע לערנען תורה?!

איז די מיינונג פון דעם ירושלים׳ער היסטאָריקער, דער תלמיד חכם גדליה אַלון, אַז נישט נאָך דער פּטירה פון רבן יוחנן בן זכאי, נאָר באַלד נאָך זיין אַוועק פון דעם באַלאַגערטן ירושלים, האָט זיין תלמיד, רבי אלעזר בן ערך, זיך דערווייטערט פון זיין רבי׳ן, ווייל ער איז אוודאי געווען געגן דעם דאָזיקן שריט. נאָר שפּעטער איז געוואָרן פאַרגעסן דער ריכטיקער מאָטיוו, אָדער צוליב אַנדערע סיבות, איז עס געוואָרן פאַרוואַנדלט אין דער אויבן־געברענגטער זער נישט וואָרשיינלעכער, אויסטערלישער מעשה.

גדליה אַלון ברענגט אויך אַ ראיה, וואָס אין אָבות דרבי נתן, ווערט טאַקע דערציילט, דאָס באַלד ביים פאַרלאָזן ירושלים איז רבי אלעזר

בן ערך געגאַנגען קיין עמאוס און זיינע חברים זענען געגאַנגען קיין יבנה[1].

*

יעדנפאַלס, וואָס עס זאָל נישט האָבן פּאַסירט מיט רבי אלעזר בן ערך, איז ער אין זיין גאַנצן פראַכט געוואָרן אָפּגעהיטן אין דעם זכרון פון יידישן פאָלק.

---

1. אָבות דרבי נתן, נו״ב, כט.

באַמערקונג :

אין דעם ספר ווערט כמעט אינגאַנצן אויסגעמיטן צו באַנוצן ראשי תיבות. אויסער ביי אבות דרבי נתן, ווערט אָנגעגעבן: נו״א און נו״ב, וואָס מיינט: נוסחא אלף און נוסחא בית אין שעכטערס אויסגאַבע.

# י ב נ ה

ווען מען פאַרטראַכט זיך וועגן דעם דאָזיקן פענאָמען, וואָס איז ווירקלעך אַן איין און איינציקע דערשיינונג, וואָס האָט נישט קיין שום פאַרגלייך אין דער גאַנצער געשיכטע: די עגזיסטענץ פון יידישן פאָלק אין גלות אין משך פון כמעט צוויי טויזנט יאָר — מוז מען צוקומען צו דעם אויסגאַנגס־פּונקט, צו יבנה.

רבן יוחנן בן זכאי, דער גרינדער פון דער דאָזיקער ווונדערלעכער אינסטיטוציע, איז פון איר אַוועק, ווען זי איז נאָך געווען יונג, ווען זי האָט ערשט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען זיך און אָננעמען קאָנקרעטע פאָרמען.

עס האָבן אין יבנה, על פּי רוב, דאָמינירט די אידעען פון רבן יוחנן בן זכאי און פון בית הילל בכלל, אָבער די תורה פון בית שמאי איז פּאַקטיש קיינמאָל נישט געוואָרן אינגאַנצן באַזייטיקט. נישט זעלטן איז זי אפילו גאָר שאַרף און בולט געקומען צום אויסדרוק און געשטעלט אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד.

*

ווי שוין דערמאָנט אין דעם פריערדיקן קאַפּיטל, איז די פירער־שאַפט אין יבנה איבערגעגאַנגען פון רבן יוחנן בן זכאי צו רבן גמליאל און איז באַלד געוואָרן אַנערקענט אַלס נשיא, וואָס דאָס נשיאות איז צו אים איבערגעגאַנגען בירושה פון זיין פאָטער, דער לעצטער נשיא פאַר חורבן ירושלים, רבן שמעון בן גמליאל.

דער נשיא רבן גמליאל, וואָס ווערט גערופן: רבן גמליאל דיבנה, האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון יבנה, וואָס די הויפּט־זיילן פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע זענען געווען די צוויי באַרימטע יידישע חכמים, די גרויסע פערזענלעכקייטן: רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי יהושע בן חנניה.

ביידע, גרויסע מענטשן; ערלעכע גאַנצע האַרמאָנישע נאַטורן; אויסגעהאַלטענע כאַראַקטערן — אָבער, געגנזייטיק עקסטרעמע קאָנטראַסטן און, גאַנץ אָפט, שטרענגע אידעאישע געגנער.

ביי דעם אַלעם האָט שטענדיק, במשך פון זייער לאַנגן לעבן, גע־

הערשט צווישן זיי אַ געגנזייטיקע געטרייע פריינטשאַפט און אַן אויפֿריכטיקע פאַרערונג.

*

די דאָזיקע צוויי גרויסע יידן, וואָס האָבן געלעבט און געווירקט אין יענעם גרויסן דור, וואָס האָט דעצידירט דעם גורל פון יידישן פאָלק; די דאָזיקע צוויי גוטע און איבערגעגעבענע חברים, האָבן זער אָפט געפירט צווישן זיך אַ שאַרפן פרינציפּיעלן אידעען־קאַמף. די אמת׳ע מחלוקה לשם שמים.

צווישן רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי יהושע בן חנניה האָט זיך געפירט דער זעלבער שטרייט, וואָס האָט זיך געפירט פריער, פאַר חורבן ירושלים, צווישן בית שמאי און בית הילל.

די דאָזיקעביידע יסודות׳דיקע שיטות אין יידישקייט: די תורה פון בית שמאי און בית הילל, זענען בשלמות געקומען צום אויסדרוק ביי רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי יהושע בן חנניה.

זיי ביידע זענען די ווירדיקע און אויך די כאַראַקטעריסטישסטע נאָכפאָלגער פון בית שמאי און בית הילל פון פאַרן חורבן ירושלים.

## רבי אליעזר בן הורקנוס

רבי אליעזר בן הורקנוס, דער זון פון אַ גוט־באַזיצער, זאָל, לויט אַ לעגענדע, האָבן געאַרבעט אין פעלד און געאַקערט מיט אָקסן, נאָר אַמאָל אין מיטן דער אַרבעט האָט ער פאַרלאָזט דאָס פעלד און איז אַוועק קיין ירושלים לערנען תורה ביי רבן יוחנן בן זכאי[1].

מיט דער דויערהאַפטיקייט, וואָס איז אייגן פויערים און טאַקע דער עיקר: מיט זיין שטאַרקן כאַראַקטער און מיט זיין פענאָמענאַלן זכרון, האָט רבי אליעזר בן הורקנוס אויף אַן אידעאַלן אופן ריכטיק איבערגענומען און דערוואָרבן די תורה.

איז רבי אליעזר בן הורקנוס דער שטרענגער, געטרייער און דיסציפּלינירטער אָנהענגער פון דער מסורה, פון דער אַלטער יידישער

1. אָבות דרבי נתן, נו״א, ו; נו״ב, יג. מדרש רבה, בראשית, פרשת לך לך, מב. לויט דער דאָזיקער לעגענדע האָט רבי אליעזר בן הורקנוס געזאָלט האָבן אָנגעהויבן לערנען תורה ערשט ווען ער איז אַלט געווען צוויי און צוואַנציק, אָדער לויט אַן אַנדערער ווערסיע, אַכט און צוואַנציק יאָר. לויט דעם תלמוד ירושלמי (מגילה, א, ט) האָבן רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי יהושע בן חנניה, שוין אַלס קינדער געלערנט צוזאַמען.

טראַדיציע און אַנערקענט שטענדיק דעם אויטאָריטעט פון דער תורה, וואָס ער האָט איבערגענומען פון זיינע לערער [1].

באַגאַבט מיט אַ פענאָמענאַלן זכרון, האָט רבי אליעזר בן הורקנוס גאָרנישט אַנגעווירן פון דעם אַלעם, וואָס ער האָט געהאָט געהערט אַמאָל פון זיינע לערער און פאָרגייער. זיין רבי, רבן יוחנן בן זכאי, כאַראַקטעריזירט אים אַלס: בור סיד שאינו מאַבד טפה, דאָס הייסט, אַז ביי אים ווערט גאָרנישט פאַרלוירן [2].

עס איז באַקאַנט דאָס איבער־מענטשלעכע איבערגעגעבנקייט צו דער תורה פון רבי אליעזר בן הורקנוס. ער האָט נישט פאַרנאַכלעסיקט קיין איין מאָמענט פון זיין לעבן, וואָס ער האָט שטענדיק אינגאַנצן געווידמעט דער תורה, אַזוי ווייט, אַז ער אַליין איז געוואָרן באַטראַכט אַלס ספר תורה [3].

ווען רבי אליעזר בן הורקנוס איז קראַנק געוואָרן, האָבן די חכמים, זיינע תלמידים, זיך אויסגעדריקט:

ספר תורה שרוי בצער ולא נבכה ? ! [4].

די ספר תורה איז אין צער, זאָל מען נישט וויינען ? !

משמת רבי אליעזר, נגנז ספר תורה [5].

ווען רבי אליעזר איז געשטאָרבן איז די ספר תורה געוואָרן באַהאַלטן.

לויט אַן עלטערער קוועלע איז עס געקומען נאָך שטאַרקער צום אויסדרוק:

משמת רבי אליעזר בטל ספר תורה [6].

ווען רבי אליעזר איז געשטאָרבן איז די ספר תורה בטל געוואָרן.

אַזוי איז רבי אליעזר בן הורקנוס באַלד אין זיין צייט געוואָרן אידענטיפיצירט מיט דער תורה.

---

1. איז רבי אליעזר בן הורקנוס טריי דעם פרינציפּ: יש אם למסורת. קדושין, יח, ב. כריתות, יז, ב.
2. משנה, אָבות, ב, ח. מען קאָן דאָס אפשר אויך פאַרשטיין אין דעם בכלל אַלגעמיינעם זין, אַז עס ווערט ביי אים גאָרנישט פאַרלוירן פון דער גאַנצער מסורה.
3. סנהדרין, סח, א.
4. סנהדרין, קא, א.
5. סוטה, מט, ב.
6. תוספתא, סוטה, טו.



דאָס כאַראַקטעריסטישסטע ביי רבי אליעזר בן הורקנוס איז זיין שטאַרקער כאַראַקטער, זיין אויסגעהאַלטנקייט, דאָס נישט איינגיין אויף קיין שום פשרות, אויף וועלכע עס איז קאָמפּראָמיסן, אָפּצוגייגן פון זיינע איבערצייגונגען, פון דער מאָראַל, פון דער יידישער טראַדיציע, פון דער אייגנטלעכער תורה שבעל פה.

זאָגט רבן יוחנן בן זכאי, אַז רבי אליעזר בן הורקנוס וועגט מער, ווי אַלע אַנדערע חכמי ישראל צוזאַמען:

> אם יהיו כל חכמי ישראל בכף מאזנים, ואליעזר בן הורקנוס בכף שניה — מכריע את כולם [1].

## רבי יהושע בן חנניה

דער געטרייעסטער תלמיד און דער פּאַקטישער גייסטיקער נאָכפאָלגער פון רבן יוחנן בן זכאי — איז רבי יהושע בן חנניה. ער האָט געלערנט תורה ביים רבי'ן צוזאַמען מיט זיין חבר, רבי אליעזר בן הורקנוס. ער האָט אָבער, אויך איבערגענומען די גאַנצע וועלט־אַנשויאונג פון רבן יוחנן בן זכאי.

רבי יהושע בן חנניה איז, אין זיין גאַנצן מהות, אין זיין וועזן און אין זיין כאַראַקטער, זער נאָענט צו רבן יוחנן בן זכאי. ביידע, אי דער רבי, אי דער דאָזיקער תלמיד, זענען די שיינע און טאַקע אויך די כאַראַקטעריסטישסטע פּערזענלעכקייטן פון בית הילל.

אַזוי ווי רבן יוחנן בן זכאי, איז אַזוי אויך רבי יהושע בן חנניה געווען איבערגענומען מיט דער איבערצייגונג, אַז נאָר שלום איז דער וויכטיקסטער פּאַקטאָר אינעם לעבן און צוליב אים מעג מען און מען דאַרפט איינגיין אויף די ווייט־גייענדיקסטע פשרות, אויף אַלע נאָר מעגלעכע קאָמפּראָמיסן.

רבי יהושע בן חנניה פאַרהערלעכט די תורה אַזוי ווי זיין רבי, רבן יוחנן בן זכאי און ווי זיין חבר, רבי אליעזר בן הורקנוס און ווייסט, אַז די תורה, די תורת חיים, לעבט מיטן פאָלק, מיט דעם באַוווסטזיין פון פאָלק, פאַרן גליק פון פאָלק.

---

1. משנה, אָבות, ב, ח.

*

רבי יהושע בן חנניה איז דער גרויסער חכם צו וויסן, אַז די גרעסטע חכמה איז גוטסקייט, האָט ער טאַקע אויסגענוצט זיין חכמה צו ברענגען וואָס מער טרייסט און פרייד פאַרן פאָלק, פאַרן גאַנצן פאָלק צוזאַמען און פאַר יעדערן יחיד באַזונדער.

די חכמה פון רבי יהושע בן חנניה איז גוטסקייט און זיין גוטסקייט איז חכמה. איז ער באַרימט מיט זיין פאָלקסטימלעך געמיטלעכקייט און האַרציק גוטסקייט.

*

רבי יהושע בן חנניה, דער לוי, איז אין דער יוגנט געווען אַ משורר אין בית המקדש, וואָס עס ווערט דערציילט וווּנדער וועגן דער הויכער מדרגה פון דער דאָזיקער עבודת הקודש.

איז אינטערעסאַנט דאָ צו ברענגען אַ בילדל, וואָס אין תלמוד ווערט דאָס איבערגעגעבן אַזוי דורכגייענדיק:

מעשה ברבי יהושע בן חנניה שהלך לסייע בהגפת דלתות אצל רבי יוחנן בן גודגדא. אָמר לו: בני, חזור לאחוריך, שאַתה מן המשוררים ולא מן השוערים [1].

עס האָט אַמאָל פּאַסירט, אַז רבי יהושע בן חנניה האָט געוואָלט העלפן דעם לוי רבי יוחנן בן גודגדא ביים פאַרשליסן די טויערן אין בית המקדש. האָט יענער צו אים געזאָגט: לאָז אָפּ, מיין קינד, דו געהערסט צו די זינגער, אָבער נישט צו די צוגעטיילטע צו די טויערן.

רבי יהושע בן חנניה געהערט צו דעם סאָרט מענטשן, וואָס שטענדיק, ביי אַלע באַדינגונגען, אין יעדערן מצב און אויף יעדערן פּאָסטן — געפינען זיי שוין אַ מעגלעכקייט, ווי אַזוי צו העלפן אַנדערע.

אפשר טאַקע שוין דאַמאָלט אין דער יוגנט, ווען רבי יהושע האָט עוסק געווען אין דער דאָזיקער הייליקער עבודה און געזונגען אין בית המקדש — האָט ער זיך דערוווּסט דעם סוד, וואָס איז אַנטפּלעקט פאַר יחידי סגולה:

דאָס מען קאָן און מען דאַרפט דינען גאָט מיט געזאַנג, מיט פרייד און טאַקע דער עיקר, מיט שלום און מיט גוטסקייט.

*

1. ערכין, יא, ב. ספרי, במדבר, פרשת קרח, יח, ג.

ווערט געזאָגט אין תלמוד ירושלמי:

משמת רבי יהושע — פסקה טובה מן העולם [1].

ווען רבי יהושע איז געשטאָרבן, האָט אויפגעהערט דאָס גוטסקייט אויף דער וועלט.

אין דער תוספתא ווערט געזאָגט:

משמת רבי יהושע — בטלו אנשי עצה ומחשבה [2].

* * *

דער ערנסטער מאָראַליש־שטרענגער רבי אליעזר בן הורקנוס איז דער אויסדרוק פון תורה און דיסציפּלין.

דער געמיטלעכער, גייסטרייכער רבי יהושע בן חנניה איז דער אויסדרוק פון חכמה און לעבנס־קונסט.

איז צווישן רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי יהושע בן חנניה פאָר־געקומען, אין משך פון זייער גאַנץ לעבן, זער פיל מיינונגס־פאַרשידנ־קייטן און אויך גאָר שאַרפע פלוגתות און זער ערנסטע מחלוקות, וואָס עס האָט אָבער גאָרנישט געשטערט זייער אויפריכטיקער פריינד־שאַפט, וואָס האָט טאַקע אָנגעהאַלטן אין משך פון זייער גאַנץ לעבן.

## רבי אליעזר — שמותי הוא

רבי אליעזר בן הורקנוס איז אין פיל פאַרשידענע פּרינציפּיעלע חילוקי דעות אויך מיט אַנדערע חכמים אין יענעם דור, אַזוי אויך מיט זיין שוואָגער, דער נשיא רבן גמליאל.

איז זער אָפט אויסגעקומען רבי אליעזר בן הורקנוס צו בלייבן אין דער מינדערהייט, אָבער ער איז נישט דערפון אַזוי נתפעל געוואָרן. ער איז געווען זיכער מיט זיינע מיינונגען און געבליבן שטאַרק אין זיינע איבערצייגונגען [3].

געוועגלעך האַלט רבי אליעזר ווי בית שמאי און רבי יהושע — ווי

1. ירושלמי, סוטה, ט, טז.
2. תוספתא, טו, ג. אין בבלי, מט, ב, איז: בטלה עצה ומחשבה.
3. ווי ער האָט, למשל, זיך אויסגעדריקט: אפילו אתם משיבים כל היום כולו וכ״ו. ספרא, פרשת תזריע, יב, ה. נדה, לח, ב.

בית הילל. אין דער תוספתא ווערט, ווי דער שטייגער איז אין אַזעלכע פאַלן, געברענגט פשוט:

רבי אליעזר אומר כדברי בית שמאי ורבי יהושע אומר כדברי בית הילל[1].

רבי אליעזר האַלט אַזוי ווי בית שמאי און רבי יהושע — ווי בית הילל.

איז זער כאַראַקטעריסטיש, דאָס אי אין תלמוד בבלי[2] און נאָך אָפטער אין תלמוד ירושלמי[3] ווערט רבי אליעזר באַצייכנט מיט גאָר אַן אייגנאַרטיקער באַצייכענונג, וואָס ווערט אַנגעוואָנדן נאָר אויסשליסלעך לגבי רבי אליעזר בן הורקנוס:

רבי אליעזר —שמותי הוא.

אויף אונזער יידיש וואָלט דאָס אפשר געדאַרפט ווערן איבערזעצט: רבי אליעזר איז אַ שמאַי'איסט.

עס ווערט קיינמאָל נישט באַנוצט לגבי אַן אַנדערן אַזאַ מין אויסדרוק אין אַזאַ ענלעכן זין. איז נישט קיין ווונדער, וואָס רש"י איז נישט געווען זיכער אין דעם ריכטיקן פשט און האָט אויפן אָרט געברענגט צוויי מיינונגען וועגן דער באַדייטונג פון דעם וואָרט: שמותי. לויט איין מיינונג זאָל דאָס גאָר שטאַמען פון דעם אַראַמעאישן וואָרט שמתא, דער חרם, וואָס וועט ווייטער ווערן ברייט באַהאַנדלט.

די בעלי תוספות און טאַקע רש"י'ס אייניקלעך, דער רבנו תם און דער רשב"ם, דערקלערן קאַטעגאָריש, אַז שמותי הוא, איז דער טייטש: ער געהערט צו בית שמאי[4].

די דאָזיקע אייגנאַרטיקע, נאָר דאָ אָנגעוואָנדענע באַצייכענונג, מיינט טאַקע אונטערצושטרייכן, דאָס עס גייט נישט דווקא בלויז אין די פאַלן ווו ער האַלט בפירוש ווי בית שמאי, נאָר עס מיינט צו זאָגן, אַז רבי אליעזר בן הורקנוס איז בכלל אין דער שיטה, אין דער איינשטעלונג און אין זיינע איבערצייגונגען — דער אויסדרוק פון בית שמאי.

---

1. תוספתא, ערכין, ד.
2. שבת, קל, ב. נדה, ז, ב.
3. ירושלמי, תרומות, ה, ב; שביעית, ט, ו; סוכה, ב, י; ביצה, א, ד; ז; יבמות, יג, ו; נזיר, ו, יא.
4. שבת, קל, ב, תוספות ד"ה: דרבי. נדה, ז, ב, ד"ה: שמותי.

דוד מלכי

# די באַציאונג צו געווער

לא יצא האיש לא בסיף ולא בקשת ולא בתרים ולא באלה ולא ברומח. ואם יצא, חיב חטאת. רבי אליעזר אומר: תכשיטין הן לו; וחכמים אומרים: אינן אלא לגנאי, שנאמר[1]: „וכתתו חרבותם לאתים וחניתותיהם למזמרות, לא ישא גוי אל גוי חרב ולא ילמדו עוד מלחמה"[2].

די חכמים, די חכמי יבנה, האַלטן, אַז אום שבת טאָר מען נישט אַרויסגיין מיט קיין געווער, ווי למשל: אַ שווערד, אַ שפּיז וכדומה. רבי אליעזר זאָגט, אַז דאָס איז אַ צירונג, דאָס הייסט, אַז מען מעג יאָ. זאָגן די חכמים, אַז געווער איז נישט קיין צירונג נאָר פּונקט פאַרקערט. זיי פאַרופן זיך אויף דער נבואה פון ישעיהו הנביא, אַז די שווערדן וועלן ווערן פאַרוואַנדלט אין אַקער־אייזנס און די שפּיזן אין צווייגן־שערן. די פעלקער וועלן נישט הייבן קיין שווערד און וועלן שוין מער נישט פירן קיין מלחמה.

עס איז גאָרנישט שווער זיך פאָרצושטעלן, ווי אומפּאָפּולער עס איז דאַמאָלט געווען ביי דער מערהייט פון די חכמי יבנה, אַזאַ מין דראַס־טישע אויסערונג פון רבי אליעזר בן הורקנוס און וואָס פאַר אַ דיסאָ־נאַנץ זי האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אין דער דאַמאָלטיקער אַטמאָס־פערע אין יבנה.

פון דער דאָזיקער, גאַנץ באַשטימט, שטורמישער דיסקוסיע איז נאָר פאַרבליבן אַ שוואַכער אָפּהילך:

תניא, אָמרו לו לרבי אליעזר: וכי מאחר דתכשיטין הן לו, מפני מה הן בטלין לימות המשיח? אָמר להם: לפי שאינן צריכין, שנאמר: „לא ישא גוי אל גוי חרב".
ואיכא דאָמרי:
אָמרו לו לרבי אליעזר: וכי מאחר דתכשיטין הן לו, מפני מה הן בטלין לימות המשיח? אָמר להן: אף לימות המשיח, אין בטלין[3].

די חכמים האָבן געפרעגט רבי אליעזר בן הורקנוס: אויב געווער

1. ישעיהו, ב, ד.
2. משנה, שבת, ו, ד.
3. בבלי, סג, א.

איז אַ צירונג, טאָ פאַרוואָס וועט עס ווערן אונטערגעברענגט, ווען משיח וועט קומען?

לויט איין ווערסיע זאָל רבי אליעזר זיי האָבן געענטפערט: ווייל דאַמאָלט וועט מען שוין נישט דאַרפן קיין געווער, ווייל מען וועט שוין נישט פירן קיין מלחמות.

לויט אַן אַנדערער ווערסיע זאָל רבי אליעזר זיי האָבן געענטפערט: אַפילו ווען משיח וועט קומען, וועט אויך נישט ווערן אונטערגעברענגט געווער.

*

דער תלמוד ירושלמי [1] ברענגט אין דער מאָטיווירונג פון רבי אליעזר בן הורקנוס דעם פסוק אין תהלים:

חגור חרבך על ירך, גבור, הודך והדרך! [2]

העלד, גורט אָן אויפן לענד דיין שווערד, דיין גלאַנץ און דיין פראַכט!

פונדעסטוועגן, פאַרשטייט זיך, אַז דער אויסדרוק: תכשיטין, צירונג, איז אַוודאַי לאַוו דווקא. נאָר דער עיקר מיינט רבי אליעזר בן הורקנוס די וויכטיקייט און די נויטווענדיקייט פון געווער אין יענע צייטן: צווישן חורבן ירושלים און דעם אויפשטאַנד פון בר־כוכבא.

*

איז עס אויך גאַנץ פאַרשטענדלעך, דאָס ביי די דינים, למשל, וועגן באַפרייען פון מיליטער־דינסט בעת אַ מלחמה, איז רבי אליעזר בן הורקנוס שטרענגער ווי די אַנדערע חכמים:

„ומי האיש אשר נטע כרם ולא חיללו, ילך וישוב לביתו" [3] — נטע חמשה אילני מאכל מחמשת המינים, ואפילו חמש שורות — הרי זה חוזר. רבי אליעזר אומר: אין לו במשמע אלא כרם [4].

---

1. ירושלמי, שבת, ו, ד.
2. תהלים, מה, ד.
3. דברים, פרשת שופטים, כ, ו.
4. תוספתא, סוטה, ז.

אויף דעם פסוק אין דער תורה ביי אַ מלחמה: "אויב עס איז עמע־צער דאָ, וואָס האָט געפלאַנצט אַ ווייַנגאָרטן און האָט נאָך נישט אָנגע־הויבן אים צו באַנוצן, זאָל ער זיך צוריק אומקערן אַהיים" — ווערט געזאָגט, אַז אויב ער האָט נאָר געפלאַנצט פינף פּרוכט־ביימער, אַפילו פון פאַרשידענע מינים און אַפילו, נישט אין איין רייע, גיט דאָס אים שוין די מעגלעכקייט צוריק אַהיימצוגיין. זאָגט רבי אליעזר בן הורקנוס: ניין, דער דין אין דער תורה איז נאָר ביי אַ ווייַנגאָרטן.

## רבי יהושע בן חנניה באַרואיקט

משחרב בית המקדש, רבו פּרושים בישראל, ולא היו אוכ־לים בשר ולא היו שותים יין. ניטפל להם רבי יהושע, אָמר להם: בני, מפּני מה אין אַתם אוכלים בשר? אָמרו לו: נאכל בשר, שבכל יום היה תמיד קרב על גבי המזבח, ועכשיו בטל?! אָמר להם: מפּני מה אין אַתם שותים יין? אָמרו לו: נשתה יין, שממנו היה נתנסך על גבי המזבח, ועכשיו בטל?! אָמר להם: אַף תאנים וענבים לא נאכל, שמהם היו מביאים ביכורים בעצרת?! לחם לא נאכל, שממנו היו מביאים שתי הלחם ולחם הפּנים?! מים לא נשתה, שמהם היו מנסכים בחג?! שתקו. אָמר להם: שלא להתאַבל כל עיקר — אי אפשר, ועוד להתאַבל יותר מדי — אי אפשר. אלא כן אָמרו חכמים: סד אָדם ביתו בסיד ומשייר דבר מועט — זכר לחורבן. עושה אָדם כל צרכי סעודה ומשייר בה דבר מועט — זכר לירושלים. עושה אשה כל תכשיטיה ומשיירת דבר מועט — זכר לחורבן, שנאמר[1]: „אם אשכחך ירושלים, תשכח ימיני"[2].

נאָכדעם ווי דאָס בית המקדש איז חרוב געוואָרן, האָבן אַ סך יידן זיך צוריקגעצויגן אין לעבן און האָבן נישט געגעסן קיין פלייש און נישט געטרינקען קיין וויין. האָט רבי יהושע בן חנניה זיך געוואַנדן צו זיי: קינדער מיינע, פאַרוואָס עסט איר נישט קיין פלייש? האָבן זיי אים געענטפערט: ווי אַזוי קאָנען מיר עסן פלייש, וואָס יעדערן טאָג האָט מען געבּרענגט דעם קרבן תמיד און יעצט איז עס בטל גע־

1. תהלים, קלז, ה.
2. תוספתא, סוף סוטה. בבא בתרא, ס, ב.

וואָרן?! פרעגט ער ווייטער: פאַרוואָס טרינקט איר נישט קיין ווײַן? ענטפערן זיי: ווי אַזוי קאָנען מיר טרינקען ווײַן, וואָס דערפון האָט מען געגאָסן אויפן מזבח און יעצט איז עס בטל געוואָרן.

זאָגט זיי רבי יהושע: וואָלט מען דאָך אויך נישט געדאַרפט צו עסן קיין פייגן און קיין ווײַנטרויבן, ווייל פון זיי האָט מען שבועות געברענגט ביכורים, די ערשטע צייטיקע פּרוכטן, אין בית המקדש. זאָל מען נישט עסן קיין ברויט, ווייל מען האָט געהאָט געברענגט שתי הלחם און לחם הפּנים, און זאָל מען טאַקע נישט טרינקען קיין וואַסער, ווייל סוכות האָט מען געגאָסן וואַסער אויפן מזבח?!

זענען זיי שטיל געבליבן.

זאָגט זיי רבי יהושע: אינגאַנצן נישט טרויערן — איז אוממעגלעך, אָבער צופיל — איז אויך אוממעגלעך; דעריבער לערנען די חכמים:

מען קאַלעכט אויס דאָס הויז, נאָר עפּעס דערפון לאָזט מען איבער נישט געקאַלעכט — זכר לחורבן. מען גרייט צו אַ סעודה, נאָר עפּעס ווע־ניקער — זכר לירושלים. אַ פרוי אָרדנט זיך איין איר צירונג, אָבער עפּעס לאָזט זי איבער — זכר לחורבן. אַזוי ווי עס איז געזאָגט אין תהלים:

אם אשכחך ירושלים, תשכח ימיני!

*

עס ווערט דערציילט, אַז די רוימישע מאַכט האָט שוין געזאָלט דערלויבן צוריק אויפצושטעלן דאָס בית המקדש, אָבער באַלד חרטה געקריגן און צוריקגעצויגן די דערלויבעניש. האָבן דאַמאָלט יידן זיך פאַרזאַמלט אין בקעת רמון און די אויפרעגונג איז געווען זער גרויס, אַז עס האָט אַזש געהאַלטן ביי אַן אויפשטאַנד.

האָט מען געדאַרפט באַרואיקן די פאַרזאַמלטע און איינשטילן זייער כעס, איז געוואָרן באַשטימט, אַז קיינער איז נישט אַזוי פאַסיק דערצו, ווי רבי יהושע בן חנניה. האָט טאַקע רבי יהושע אַלע באַרואיקט און איינגעשטילט. ער האָט אויך דערביי זיך באַנוצט מיט אַ משל:

ארי טרף טרף ועמד עצם בגרונו. אמר: כל דאתי מפיק ליה, אנא יהיב ליה אגריה. אתא הדין קורא מיצראה דמקוריה אריך. יהב מקוריה ואפקיה. אמר ליה: הב לי

אגרי. אָמר ליה: זיל תהא מלגלג ואומר, דעילת לפומיה דאַריה בשלם ונפקת בשלם[1].

אַ לייב האָט פאַרצוקט אַ פאַרציקונג און עס איז אים געבליבן שטעקן אַ ביין אין האַלדז, האָט ער געזאָגט, אַז ווער עס וועט אים אַרויסנעמען דעם ביין, וועט ער אים באַלוינען. איז געקומען אַ פויגל, וואָס האָט אַ לאַנגן שנאָבל. האָט ער אַריינגעשטעקט דעם שנאָבל אינעם האַלדז און אַרויסגענומען דעם ביין. וויל ער די צוגעזאָגטע באַלוינונג. זאָגט אים דער לייב: גיי און לאַך פון אַלע, אַז דו ביזט אַריין אינעם האַלדז פון לייב און דו ביזט אַרויס אַ לעבעדיקער!

*

והיכן היו מנענעין? — ב„הודו לה'", תחילה וסוף, וב„אָנא ה' הושיעה נא!", דברי בית הילל; ובית שמאי אומרים: אף ב„אָנא ה' הצליחה נא!". אָמר רבי עקיבא: צופה הייתי ברבן גמליאל וברבי יהושע, שכל העם היו מנענעין את לולביהן, והן לא נענעו אלא ב„אָנא ה' הושיעה נא!"[2].

ווו (ביי וועלכער שטעלע אין הלל) האָט מען געשאָקלט מיטן לולב? — ביי "הודו לה'", ביים אָנהייב און ביים סוף (פון דער פרשה) און ביי "אָנא ה' הושיעה נא!", אַזוי זאָגן די בית הילל. די בית שמאי זאָגן: אויך ביי "אָנא ה' הצליחה נא!". זאָגט רבי עקיבא: איך האָב זיך צוגעקוקט צו רבן גמליאל און רבי יהושע, ווען דאָס גאַנצע פאָלק, ווען אַלע, האָבן געשאָקלט זייערע לולבים, אָבער זיי בײדע, האָבן נאָר געשאָקלט ביי "אָנא ה' הושיעה נא!".

---

די משכילים האָבן געהאַט די מעגלעכקייט אָפצולאַכן פון די חכמי ישראל: מיט וואָס, מישטיינס־געזאָגט, זיי האָבן זיך פאַרנומען. קודם כל די פלוגתא אַליין: ווען אַלץ האָט מען געשאָקלט מיטן לולב? און רבי עקיבא דערציילט, ווי ער האָט גוט אַכטונג געגעבן, אַז ער זאָל עס וויסן גענוי.

1. מדרש רבה, בראשית, פרשת תולדות, סד, יא.
2. משנה, סוכה, ג, ט.

*

בימי הבית, אין דער צייט פון בית המקדש, האָט דער יום־טוב סוכות געהאַט גאָר אַ גרויסע באַדייטונג און עס איז דאַמאָלט אויך פאָרגעקומען פאַרשידענע פייערלעכקייטן אין בית המקדש. אויך דאָס זאָגן הלל איז געווען זער פייערלעך און יעדערער ייד, האַלטנדיק אין דער האַנט דעם לולב מיט דעם אתרוג, האָט געלויבט גאָט און אים געדאַנקט פאַר אַלעם גוטן און הייס געבעטן אויסגעלייזט צו ווערן פון דער פרעמדער הערשאַפט.

הלל, ווי באַוווסט, באַשטייט פון געוויסע קאַפּיטלען אין תהלים. איז די פראַגע: וואָס איז דאָך מער דער עיקר, וואָס מען דאַרפט באַזונדער אַקצענטירן.

ביי לויבן גאָט, זענען איניק די בית שמאי מיט די בית הילל: הודו לה׳ כי טוב!

די פּלוגתא איז נאָר וועגן דער תפילה, וועגן דער בקשה, צו ווערן אויסגעלייזט פון דער פרעמדער הערשאַפט.

די בית הילל זאָגן: ״אנא ה׳ הושיעה נא!״. די בית שמאי זאָגן: אויך ״אָנא ה׳ הצליחה נא!״.

ביידע, אי די בית הילל, אי די בית שמאי, זענען אויך דאָ, אַזוי ווי שטענדיק און איבעראַל, קאָנסעקווענט צו זייערע שיטות:

די בית הילל האַלטן דאָך, אַז מען דאַרפט נישט אַרויסטרעטן אַק־טיוו געגן דער פרעמדער מאַכט, נאָר בעטן גאָט, אַז ער זאָל שיקן די ישועה. דאַרפט מען אַלזאָ, אַקצענטירן נאָר ביי אָנא ה׳ הושיעה נא!

דאַגעגן אָבער די בית שמאי, האַלטן זיי דאָך, אַז עס איז נישט גענוג נאָר בלויז צו וואַרטן פּאַסיוו, ביז עס וועט קומען די געטלעכע ישועה, נאָר מען מוז אויך אַליין גאַנץ אַקטיוו טוען דערצו — דאַרפט מען בעטן גאָט, אַז עס זאָל געלונגען, אַז מען זאָל מצליח זיין; דאַרפט מען טאַקע אויך אַקצענטירן ביי אָנא ה׳ הצליחה נא!

*

שפּעטער, נאָך חורבן ירושלים, פאַר מרד בר־כוכבא, פאַר דעם אויפשטאַנד פון בר־כוכבא, וויל רבי עקיבא וויסן, ווי האַלט דאָס פאָלק: ווי בית הילל אָדער ווי בית שמאי.

דערציילט רבי עקיבא: איך האָב זיך צוגעקוקט צו רבן גמליאל און רבי יהושע און איך האָב געזעען, אַז דאָס גאַנצע פאָלק באַוועגט

זיך, אויסער נאָר רבן גמליאל און רבי יהושע, וואָס האַלטן זיך נאָר בלויז ביי אָנא ה׳ הושיעה נא!.

לאָמיר זשע נאָכאַמאָל לערנען די דאָזיקע משנה:

אָמר רבי עקיבא: צופה הייתי ברבן גמליאל וברבי יהושע, שכל העם היו מנענעין את לולביהן, והן לא נענעו אלא ב„אָנא ה׳ הושיעה נא!״.

*

אגב, זעט מען דאָ, דאָס הגם די חכמי יבנה האָבן דעפיניטיוו דעצידירט, אַז הלכה כבית הילל — איז אָבער דאַמאָלט געווען כל העם, דאָס גאַנצע פאָלק, מיט בית שמאי:

אָנא ה׳ הצליחה נא!

# עין תחת עין

אין דער תורה איז געשריבן: ״עין תחת עין, שן תחת שן״, דאָס הייסט: אויב עמעצער האָקט יענעם אויס, גערנווילִיק, אַן אויג אָדער אַ צאָן, איז: אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן![1]

די אַנדערע יידישע חכמים דאַמאָלט, האָבן אויסגעטייטשט, אַז מען דאַרפט נישט מיינען דווקא געגנוי, דאָס מען זאָל אים אויסהאַקן אַן אויג אָדער אַ צאָן, נאָר ער זאָל באַצאָלן געלט פאַר אַן אויג, געלט פאַר אַ צאָן.

רבי אליעזר בן הורקנוס האַלט: דברים ככתבם, פשוט אַזוי ווי עס איז געשריבן, און ווי זיין שטייגער איז, דריקט ער דאָס אויס קורץ און קלאָר:

אָמר רבי אליעזר: „עין תחת עין״ — ממש![2]

די פרושים, וואָס זייערע נאָכפאָלגער און אויסטייטשער זענען די תנאים, האַלטן גאַנץ אַנדערש ווי זייערע געגנער, די קאָנסערוואַטיווע צדוקים און שומרונים, וואָס זענען אַנטשידן געגן איינפירן וועלכעס עס

1. שמות, פרשת משפטים, כא, כד.
2. בבא קמא, פד, א.

איז נייעס און געגן אויסטייטשן די תורה, נישט לויט דעם בוכשטעבלעכן, פּראָסט פּשוט׳ן, פּשט.

רבי אליעזר בן הורקנוס איז קאָנסערוואַטיווער ווי אַלע אַנדערע תנאים, די יידישע חכמים אין יענער צייט, און איז נישט לייכט איינגע־גאַנגען אויסצוטייטשן די תורה, נישט לויט דעם פּשוט׳ן פּשט.

*

וואָס נוגע, זאַכלעך, אין דער פראַגע פון עין תחת עין, איז עס אַן און פאַר זיך אַ זער שווערער פּראָבלעם:

איינער האָט עמעצן אויס אַן אויג. דאָס מיינט מען, פאַרשטייט זיך, אַז ער טוט דאָס במזיד, נישט בשוגג, נאָר באַוווסטזיניק, בכוונה תחילה. זאָגן די דאַמאָלטיקע יידישע חכמים, אַז ער דאַרפט באַצאָלן געלט, וויפיל עס איז ווערט אַן אויג. ווי אַזוי ווייסט מען, וויפיל עס איז ווערט אַן אויג? זאָגן די חכמים, אַז מען שטעלט זיך פאָר, אַז דער געליטענער איז אַן עבד, אַ קנעכט, זעט מען, וויפיל ער איז ווערט יעצט, ווען ער זאָל ווערן זיך פאַרקויפן אַלס קנעכט און וויפיל ער וואָלט ווערט געווען פריער, ווען ער האָט נאָך געהאַט ביידע אויגן — טאָ דעם דיפערענץ קריגט ער באַצאָלט פון דעם שלעגער[1].

נו, איז דאָס טאַקע באַצאָלט פאַר אַן אויג?!

זאָל מען זיך פאָרשטעלן: צוויי רייכע מענטשן זענען זיך שונאים, האָט איינער דעם אַנדערן, באַוווסטזיניק, אויסגעהאַקט אַן אויג. טאָ זאָל דער אַזוי אומגליקלעך־געליטענער, קודם כל מוזן אַדורכגיין אַזאַ מין באַליידיקנדיקע און דערנידעריקנדיקע פּראָצעדור: אים אָפּשאַצן אַלס קנעכט, כדי ער זאָל נאָך דעם אַלעם באַקומען אַזאַ, פאַרהעלטענישמעסיק, לעכערלעכע סומע פאַרן אויסגעהאַקטן אויג?!

ווו איז יושר?! ווו איז למען ישמעו ויראו, מען זאָל מורא האָבן צו באַגייען אַזאַ פאַרברעכן?!

האַלט טאַקע רבי אליעזר בן הורקנוס: אין רחמים בדין, מען טאָר נישט זיין ווייך־האַרציק ביים אויספירן גערעכטיקייט. דער פאַרברעכער מוז באַקומען זיין פאַרדינטע שטראָף!

אַוודאי איז נישט אַזוי לייכט פאַר די ריכטער אַרויסצוגעבן אַזאַ מין אורטייל און עס איז טאַקע פיינלעך צו לאָזן אויספירן אַזאַ מין עגזעקוציע.

---

1. משנה, בבא קמא, ח, א.

דוד מלכי

# דברים ככתבם

ווי עס איז באַוווסט, האָבן די צדוקים, די אַריסטאָקראַטישע פּאַרטיי, וואָס איז באַשטאַנען הויפּטזעכלעך פון די רייכע קלאַסן און פון די כהנים, נישט אָנערקענט די תורת שבעל פּה, וואָס האָט אויסגעטייטשט און גע־דרש'נט די תורה שבכתב. די צדוקים זענען געווען געגן די אַלע דרשות און האָבן שטרענג זיך געהאַלטן נאָר ביי תורה שבכתב, אָבער: דברים ככתבם, בוכשטעבלעך אַזוי ווי עס איז געשריבן אין דער תורה

אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז דער איינפלוס פון די צדוקים כסדר געפאַלן, ביז עס איז אינגאַנצן געוואָרן אָנגענומען די איינשטעלונג פון די פּרושים.

אין יבנה, וואָס איז, ווי באַוווסט, באַשטאַנען פון לויטער פּרושים און גאָר באַזונדער צוליב די אַזוי ראַדיקאַלע ענדערונגען נאָך חורבן בית המקדש — איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז דער סיסטעם פון דרשות האָט גע־האַט אַ הויכן אויפשוווּנג און אַ זער שנעלע ווייטערדיקע אַנטוויקלונג.

*

ווי שוין אויבן דערמאַנט, איז רבי אליעזר בן הורקנוס דער קאָנסער־וואַטיוועסטער צווישן די חכמי יבנה, איז ער אויך אין דעם דאָזיקן פּראָב־לעם קאָנסערוואַטיוו און מער ווי אַלע אַנדערע חכמים פון יענער צייט, האַלט ער דברים ככתבם, פּשוט אַזוי ווי עס איז געשריבן אין דער תורה.

האַלט טאַקע רבי אליעזר בן הורקנוס: "עין תחת עין" — ממש! און אַזוי קומט זיין שיטה קאָנסעקווענט צום אויסדרוק אין פיל פּלוגתות מיט די אַנדערע חכמים און נישט נאָר דווקא, ווען עס איז נוגע הלכה למעשה.

*

„וישב ישראל בשטים, ויחל העם לזנות אל בנות מואב" [1] — רבי אליעזר אומר: שטים, שמה. רבי יהושע אומר: שנת־עסקו בדברי שטות.

מה לשון „רפידים„? [2] — רבי אליעזר אומר: רפידים, שמה.

1. במדבר, פרשת בלק, כה, א.
2. שמות, פרשת בשלח, יז, א.

רבי יהושע אומר: שריפו עצמם מדברי תורה, שנאמר[1]: „ולא הפנו אבות אל בנים, מרפיון ידים״[2].

״שטים״ און ״רפידים״, זאָגט רבי אליעזר, פשוט, אַז דאָס זענען נעמען פון יענע ערטער, ווו די יידן האָבן דאַמאָלט געוואַנדערט. דאַגעגן אָבער רבי יהושע גיט זיי צו גאָר אַנדערע באַדייטונגען.

*

„כי בסוכות הושבתי את בני ישראל בהוציאו אותו מארץ מצרים״[3] — רבי אליעזר אומר: סוכות ממש היו. רבי עקיבא אומר: סוכות ענני כבוד[4].

״אין סוכות, אין ביידלעך, האָב איך באַזעצט די יידן, ווען זיי זענען אַרויס פון מצרים״ — זאָגט רבי אליעזר, אַז די תורה מיינט סוכות ממש, פשוט׳ע ביידלעך. רבי עקיבא זאָגט, אַז דאָס מיינט מען אַזעלכע סוכות פון ספּעציעלע וואָלקנס.

*

„ארץ נתנה ביד רשע״[5] — רבי אליעזר אומר: בקש איוב להפוך הקערה על פּיה. אָמר לו רבי יהושע: לא דבר איוב, אלא כלפּי שטן[6].

רבי אליעזר זאָגט, אַז איוב האָט טאַקע געמיינט צו קריטיקירן דאָס העכסטע, זאָגט צו אים רבי יהושע, אַז איוב האָט נאָר געמיינט דעם שטן.

*

1. ירמיהו, מז, ג.
2. סנהדרין, קו, א. בכורות, ה, ב. מכילתא דרשב״י, יז, ח.
3. ויקרא, פּרשת אמור, כג, מג.
4. ספרא, פּרשת אמור. אַזוי איז אויך אין דער מכילתא אויף דעם פּסוק: „ויסעו בני ישראל מרעמסס סוכותה״ (שמות, פּרשת בא, יב, לז). נישט אַזוי ווי אין מסכת סוכה דף יא, ב, וואָס על פּי טעות זענען דאָרטן די מיינונגען איבערגעגעבן פאַרקערט.
5. איוב, ט, כד.
6. בבא בתרא, טז, א. רבי אליעזר און רבי יהושע זענען אויך מחולק, צי די שמות אין דער פּרשה וועגן גבעת בנימין זענען קודש אָדער חול (שבועות, לה, ב). אַזוי זענען זיי אויך מחולק אין דער אויסטייטשונג פון דעם פּסוק אין קהלת, ג, טז: מקום המשפּט, שמה הרשע. (מדרש רבה, ויקרא, ד, א).

„ובכתה את אָביה ואת אמה"[1] — אָביה ואמה ממש, דברי רבי אליעזר. רבי עקיבא אומר: אין „אביה ואמה", אלא עבודה זרה, שנאמר[2]: „אומרים לעץ: אבי אתה!"[3]

אין מלחמה, אַז עס ווערט גענומען אַ פרוי אין געפאַנגענשאַפט, איז געשריבן אין דער תורה, אַז קודם כל זאָל מען איר לאָזן צו רו אַ חודש צייט, אַז זי זאָל באַוויינען איר פאָטער און איר מוטער. ביי רבי אליעזר'ן איז עס פשוט: דער פאָטער און די מוטער. רבי עקיבא זאָגט, אַז דאָס מיינט מען, זי זאָל באַוויינען די געטער, וואָס זי האָט גע־האָט געדינט.

*

פונדעסטוועגן האָט רבי אליעזר בן הורקנוס גאַנץ גוט געוווסט, אַז נישט שטענדיק איז טאַקע בוכשטעבלעך, דברים ככתבם, נאָר עס איז אויך פאַרהאַנדן, אַז מען דאַרפט דעם אויסדרוק פאַרשטיין בילדלעך:

פילוסוף אחד שאַל את רבי אליעזר: לא כך אָמר הנביא: „המה יבנו ואני אהרוס"[4], והלא כל הבנינים קיימין! אָמר לו רבי אליעזר: לא דבר הכתוב כנגד הבנין, אלא כנגד העצות: כל מה שאַתם יושבים ומחשבים בלבבכם לבנות עלינו ולכלותנו, הוא הורס עצתכם[5].

אַ פילאָזאָף האָט אַמאָל געפרעגט רבי אליעזר'ן: דער נביא מלאָכי זאָגט אין גאָטס נאָמען: "זיי וועלן בויען און איך וועל צעשטערן", מען זעט דאָך אָבער, אַז די אַלע בנינים האָבן יאָ אַ קיום. האָט רבי אליעזר אים געזאָגט, אַז מען מיינט נישט די בנינים, נאָר די אַלע בייזע געדאַנקען און שלעכטע עצות, וואָס איר קלערט געגן אונז און גאָט צעשטערט זיי.

* * *

הגם רבי אליעזר בן הורקנוס האָט מער ווי אַלע אַנדערע חכמים

---

1. דברים, פרשת כי תצא, כא, יג.
2. ירמיהו, ב, כז.
3. ספרי, דברים, פרשת כי תצא. יבמות, מח, א. אויך ביי ופרשו השמלה האַלט רבי אליעזר בן הורקנוס: דברים ככתבם, אָבער רבי עקיבא און רבי ישמעאל האַלטן אַנדערש. (ספרי, כי תצא, כב, יז).
4. מלאָכי, א, ד.
5. ילקוט שמעוני, תקפז.

געטייטשט די תורה לויט דעם פשוט'ן פשט, דברים ככתבם, איז ער דאָך געווען אַ שטאַרקער געגנער פון די צדוקים:

„בגוי נבל אַכעיסם"[1] — רבי אליעזר אומר: אלו הצדוקים, וכן הוא אומר[2]: „אָמר נבל בלבו, אין אלהים"[3].

רבי אליעזר בן הורקנוס באַצייכנט די צדוקים אַלס גוי נבל, ער מאָטיווירט די דאָזיקע באַצייכענונג מיט דעם פסוק אין תהלים: אמר נבל בלבו, אין אלהים. זעט אויס, אַז רבי אליעזר האָט אינאַגנצן נישט געהאַלטן פון זייער אמונה.

## דער אייגנטלעכער זין

רבי אליעזר בן הורקנוס האַלט טאַקע דברים ככתבם, אָבער דער עיקר איז ביי אים דער אייגנטלעכער זין און די ריכטיקע און עכטע באַדייטונג פון דעם באַטרעפנדיקן ענין.

עס איז שוין אַזוי אַן אָנגענומענע מיינונג, אַז רבי אליעזר בן הורקנוס איז אַ שטרענגער מחמיר און דערצו נאָך גלאַט אַזוי אַ קפדן, הגם דער אמת איז, אַז אין דער מערהייט פון די אַלע פלוגתות און מחלוקות מיט די אַנדערע חכמים, איז רבי אליעזר דער מקיל, דער וואָס פאַרלייכטערט. וואָס נוגע זיין קפדנות, איז עס זער ווייט פון דעם באַנאַלן זין פון דעם דאָזיקן באַגריף.

מחמירים און קפדנים זענען שטענדיק, דער עיקר, פעדאַנטיש אין דער פאָרמעלער אויספירונג פון די געזעצן און טראַדיציעס; דאַגעגן אָבער ביי רבי אליעזר בן הורקנוס זעט מען אַ פונקט פאַרקערטע, טאַקע געגנגעזעצטע דערשיינונג: ביי אים איז דער עיקר: די ריכטיקע באַדייטונג, דער אינערלעכער גייסט און דער אייגנטלעכער זין.

„אל תחלל את בתך להזנותה"[4] — רבי אליעזר אומר: זה, המשיא את בתו לזקן[5].

1. דברים, פרשת האזינו, לב, כא.
2. תהלים, יד, א.
3. יבמות, סג, ב.
4. ויקרא, פרשת קדושים, יט, כט.
5. סנהדרין, עו, א.

אויף דעם פסוק אין דער תורה: ״דו זאָלסט נישט פאַרשוועכן דיין טאָכטער, זי צו מאַכן פאַר אַ זונה״ — זאָגט רבי אליעזר: דאָס מיינט מען, אַז מען מאַכט חתונה די טאָכטער מיט אַן אַלטן מאַן.

פאַרמעל איז דאָך, לויט דעם אָנגענומענעם דין, אַלץ דאָ אין אָרדע־נונג: דער אַלטער ייד האָט דאָך חתונה מיט דעם יונגן מיידל ״בחופה וקדושין כדת משה וישראל״. אָבער רבי אליעזר בן הורקנוס באַניגנט זיך נישט בלויז מיט דעם אויסערלעכן פאָרמעלן אויספירן דעם דין, ביי אים איז דער עיקר: דער אמת׳ער, דער אייגנטלעכער זין.

*

זאָל דאָ ווערן געבּרענגט נאָך אַזאַ פאַל, ווו רבי אליעזר בן הורקנוס רעכנט זיך נישט מיט פאָרמעלע דקדוקים, נאָר מיט דעם ריכטיקן זין:

ואינו חיב עד שיטלנו בתער. רבי אליעזר אומר: אפילו לקטו במלקט או ברהיטני, חיב [1].

אין דער משנה ווערט אויסגערעכנט אַ רייע עברות, וואָס מען ווערט פאַר זיי שטרענג באַשטראָפט. צווישן זיי ווערט אויך גערעכנט דאָס אָראָפּ־נעמען די באָרד, נאָר עס ווערט צוגעגעבן, אַז די שטראָף ווערט אויס־געפירט נאָר ווען מען נעמט די באָרד אַראָפּ דורך אַ ראַזיר־מעסער. זאָגט רבי אליעזר, אַז עס איז נישטאָ קיין שום אונטערשיד אויף וואָס פאַר אַן אופן מען ראַזירט זיך — ווערט מען באַשטראָפט.

# אהבת ה׳

רבי אליעזר אומר: „ואהבת את ה׳ אלהיך בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאודך״ [2] — אם נאמר: „בכל נפשך״, למה נאמר: „בכל מאודך״? — אם יש לך אדם שגופו חביב עליו ממּמונו, לכך נאמר: „בכל נפשך״; ואם יש לך אדם שממונו חביב עליו מגופו לכך נאמר: „בכל מאודך״ [3].

---

1. משנה, מכות, ג, ה.
2. דברים, פרשת ואתחנן, ו, ה.
3. סנהדרין, עד, א. ברכות, סא, ב. פסחים, כה, א. יומא, פב, א.

אויף דעם פסוק אין דער תורה, וואָס מען זאָגט אין ״קריאת שמע״: ״דו זאָלסט ליב האָבן גאָט מיט דיין גאַנץ האַרץ און מיט דיין גאַנץ לעבן און מיט דיין גאַנץ פאַרמעגן״ — זאָגט רבי אליעזר בן הורקנוס: אַז עס איז שוין געזאָגט: ״מיט דיין גאַנץ לעבן״, טאָ צו וואָס ווערט ווייטער געזאָגט: ״און מיט דיין גאַנץ פאַרמעגן״?! נאָר אַזוי ווי עס זענען פאַרהאַנדן מענטשן, וואָס דאָס פאַרמעגן איז ביי זיי טייערער ווי דאָס לעבן, ווערט פאַר זיי געזאָגט: ״און מיט דיין גאַנץ פאַרמעגן״!

*

רבי אליעזר בן הורקנוס פילט, ווי דער רבונו של עולם באַרואיקט זיך נישט וועגן חורבן ירושלים:

רבי אליעזר אומר: שלוש משמורות הוי הלילה, ועל כל משמר ומשמר יושב הקדוש ברוך הוא ושואג כארי, שנאמר [1]: „ה׳ ממרום ישאַג וממעון קדשו יתן קולו, שאג ישאַג על נוהו״ [2].

רבי אליעזר זאָגט: די נאַכט איז געטיילט אין דריי משמורות (משמר = אַ וואַך) און ביי יעדערן משמר ברילט דער רבונו של עולם ווי אַ לייב, אַזוי ווי ירמיהו הנביא זאָגט: גאָט ברילט פון דער הייך און פון זיין הייליקער רו לאָזט ער הערן זיין שטימע, ער ברילט וועגן זיין רעזיסטענץ.

*

רבי אליעזר אומר: מפני מה נגלה הקדוש ברוך הוא משמי מרום והיה מדבר עמו מהסנה? — אלא, מה הסנה הזה שפל מכל אילנות שבעולם, כך ירדה ישראל למדרגה התח־תונה והקדוש ברוך הוא ירד עמהם וגאָלם, שנאמר [3]: „וארד להצילו מיד מצרים״ [4].

רבי אליעזר זאָגט: ווען גאָט האָט זיך באַוויזן צו משה רבנו פון

1. ירמיהו, כה, ל.
2. ברכות, ג, א.
3. שמות, ג, ח.
4. מכילתא דרבי שמעון בן יוחאי, דף א.

די הויכע הימלען, פאַרוואָס האָט ער צו אים גערעדט דורך דעם סנה? — נאָר אַזוי ווי דער סנה איז דאָך דער נידעריקסטער פון אַלעביימער, אַזוי זענען די יידן, דאַמאָלט, געהאַט געווען אויף דער נידעריקסטער מדרגה און גאָט האָט צו זיי אַראָפּגענידערט, אַזוי ווי עס איז געזאָגט אין דער תורה: "איך האָב אַראָפּגענידערט, אים אויסצולייזן פון מצרים".

# תפילה ביי רבי אליעזר בן הורקנוס

צווישן אַלע אַנדערע תקנות איז אין יבנה געוואָרן שטרענג איינגע־פירט דאָס דאַוונען דריי מאָל אין טאָג. עס איז אויך געוואָרן פעסטגע־שטעלט אויף שטענדיק דער גענויער אָנגענומענער נוסח התפילה.

די דאָזיקע זער וויכטיקע תקנה ווערט דערמאָנט ווייטער אין דעם קאַפּיטל וועגן רבן גמליאל דיבנה און ברייטער באַהאַנדלט אין אַ ווייטער־דיקן טייל. דאָ יעצט רעדט זיך וועגן תפילה ביי רבי אליעזר בן הורקנוס.

רבי אליעזר איז אפשר נישט געווען אַזוי שטאַרק מרוצה פון דעם איינפירן אויף שטענדיק אַ גענויען פעסטגעשטעלטן נוסח־התפילה.

רבי אליעזר האַלט, אַז תפילה איז אַ פּערזענלעכע, אינדיווידועלע און אינטימע, רעליגיעזע איבערלעבעניש פון יעדן מענטש לויט זיין שטייגער און לויט זיין השגה.

די דאָזיקע איבערצייגונג ווערט אויסגעדריקט, אַזוי ווי דער שטיי־גער איז ביי רבי אליעזר בן הורקנוס, זער קורץ און אַנטשידן:

רבי אליעזר אומר: העושה תפילתו קבע — אין תפילתו תחנונים [1].

*

וואָס איז אייגנטלעך תפילה?

וכשאתם מתפללים, דעו לפני מי אתם עומדים! [2].

---

1. משנה, ברכות, ד, ד. עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז דער אויסדרוק קבע האָט ביי רבי אליעזר בן הורקנוס די זעלבע באַדייטונג ווי ביי שמאי הזקן אין זיין מאמר: עשה תורתך קבע (אָבות, א, טו).
2. ברכות, כח, ב.

און ווען איר זענט מתפלל, זאָלט איר וויסן פאַר וועמען איר שטייט!

אין די דאָזיקע פאַר, אַזוי פּשוט׳ע, ווערטער פון רבי אליעזר בן הורקנוס, איז דאָ דער ענטפער אויף דער פראַגע: וואָס איז תפילה:

אַז דער מענטש, יעדער מענטש לויט זיין השגה, ווייסט טאַקע באמת, אַז ער שטייט פאַר גאָט, ווייסט ער שוין ממילא, וואָס ער זאָל מתפלל זיין.

ווערט איבערגעגעבן:

רבי אליעזר היה מתפלל תפילה חדשה בכל יום[1].

רבי אליעזר האָט יעדערן טאָג מתפלל געווען אַ נייע תפילה.

דאָס מיינט, פאַרשטייט זיך, צו זאָגן, אַז תפילה איז ביי רבי אליעזר בן הורקנוס צוגעפּאַסט צו די באַדערפעניש, צו די אומשטענדן און, פאַר־וואָס נישט טאַקע אויך, צו די שטימונגען און צום גייסטיקן מצב בכלל.

*

איז ביי רבי אליעזר בן הורקנוס דער עיקר נאָר אַזאַ תפילה, וואָס פליסט אַרויס פון טיפן האַרצן און איז אַן עכטער און ערלעכער אויסדרוק פון די אייגענע געפילן. ווערט אַזוי, למשל, איבערגעגעבן:

מעשה בתלמיד אחד שירד לפני התיבה בפני רבי אליעזר והיה מאריך יותר מדי. אָמרו לו תלמידיו: רבנו, כמה ארכן הוא זה! אָמר להם: כלום מאריך יותר ממשה רבנו, דכתיב ביה: „ואתנפל לפני ה׳ את ארבעים היום ואת ארבעים הלילה״[2]. שוב מעשה בתלמיד אחד שירד לפני התיבה בפני רבי אליעזר, והיה מקצר יותר מדאי. אָמרו לו תלמידיו: כמה קצרן הוא זה! אָמר להם: כלום מקצר יותר ממשה רבנו, דכתיב[3]: „אל נא, רפא נא לה״[4].

עס האָט אַמאָל פּאַסירט, אַז אַ תלמיד האָט געדאַוונט פאַרן עמוד ביי רבי אליעזר בן הורקנוס, האָט ער זער מאַריך געווען, האָבן די תלמי־דים געהאַט פאַראיבל. זאָגט צו זיי רבי אליעזר: איז ער דען מער

1. ירושלמי, ברכות, ד, ד.
2. דברים, פרשת עקב, ט, כה.
3. במדבר, פרשת בהעלותך, יב, יג.
4. ברכות, לד, א. מכילתא, בשלח, יד, טו; מכילתא דרשב״י, ספרי, במדבר, פרשת בהעלותך יב יג.

מאַריך ווי משה רבנו, וואָס עס איז געשריבן אין דער תורה, אַז ער האָט מתפלל געווען פערציק טעג און פערציק נעכט?! אַן אַנדערש מאָל האָט ווידער אַן אַנדערער תלמיד גאָר געדאַוונט זער קורץ, האָבן די תלמידים ווידער געהאַט פאַראיבל. זאָגט צו זיי רבי אליעזר: האָט ער דען מקצר געווען מער ווי משה רבנו, וואָס האָט אַמאָל פאַר זיין שוועס־טער מרים מתפלל געווען אַזאַ קורצע תפילה: "אל נא, רפא נא לה".

*

אַז מען איז געשטערט און מען קאָן נישט דאַוונען ווי געהעריק, דאַרפט מען על כל פנים מתפלל זיין אַ תפילה קצרה, אַ קורצע, אָבער קאָנדענסירטע, תפילה.

איזו היא תפילה קצרה? — רבי אליעזר אומר:

„עשה רצונך בשמים ממעל, ותן נחת רוח ליריאיך באָרץ, והטוב בעיניך — עשה. ברוך שומע תפילה"[1].

וואָס הייסט אַ תפילה קצרה? — זאָגט רבי אליעזר:

"טו דיין ווילן אויבן אין די הימלען און פאַרשאַף נחת רוח פאַר דיינע פורכטיקע דאָ אויף דער ערד און טו דאָס וואָס עס געפעלט דיר. געבענטשט איז דער צוהערער צו תפילה".

אין דער דאָזיקער אַזוי קורצער תפילה קומען זייער שיין צום אויסדרוק די ריינע געפילן און די באַשיידענע פאַרלאַנגען פון אַ רעליגיעזער נשמה, וואָס איז איבערצייגט אין דער געטלעכער גוטסקייט און גערעכטיקייט.

*

עס איז אַ פראַגע צווישן די חכמים, צי מען דאַרפט יום־כפור מתוודה זיין אויף די עבירות, וואָס מען האָט שוין מתוודה געווען פאַראַ־יאָרן[2]. האַלט רבי אליעזר בן הורקנוס, אַז עס איז יאָ גלייך, אַזוי זיך צו פירן און ער פאַרופט זיך אויף דעם פסוק אין תהלים: וחטאתי נגדי תמיד, מיינע זינד איז שטענדיק פאַר מיינע אויגן[3].

* * *

1. תוספתא, ברכות, ג. בבלי, כט, ב.
2. ירושלמי, סוף יומא.
3. תהלים, נא, ה.

מען דאַרפט שטענדיק געדענקען די זינד, וואָס מען איז באַגאַנגען, אָבער דאָך נישט זיין דערשלאָגן, ווייל דער רבונו של עולם קאָן גאַנץ גוט די מענטשלעכע שוואַכקייטן.

רבי אליעזר הגדול אומר: אלמלי בא הקדוש ברוך הוא עם אברהם יצחק ויעקב בדין — אין יכולים לעמוד בפני תוכחה[1].

רבי אליעזר בן הורקנוס זאָגט: ווען דער רבונו של עולם וואָלט געווען שטרענג לגבי אַברהם, יצחק און יעקב — וואָלטן זיי נישט געקאָנט אויסהאַלטן דעם עגזאַמען.

*

רבי אליעזר האָט געפּלעגט דערמאַנען[2] דעם פּסוק אין קוהלת:

כי אָדם, אין צדיק באָרץ, אשר יעשה טוב ולא יחטא.

ווייל נישטאָ אַ מענטש, אַ צדיק, אויף דער ערד, וואָס זאָל טוען נאָר גוטס און נישט זינדיקן[3].

## תפילה און אייגענע מעשים

תפילה, ריינע אויפריכטיקע רעליגיעזע תפילה, אָבער זי זאָל נישט פאַרטרעטן מעשים און פאַרפליכטונגען.

עס איז אַן אָפּטע דערשיינונג ביי אַ געוויסן סאָרט מענטשן, וואָס ווילן גילטן אַלס פרומע לייט, דאָס ביי נאַציאָנאַלע און געזעלשאַפטלעכע נויטן פרעדיגן זיי שטענדיק, אַז מען זאָל זיין פּאַסיוו און אינגאַנצן נאָר זיך פאַרלאָזן אויפן רבונו של עולם, אַז ער וועט שוין העלפן. זיי האָבן אויך דערצו שטענדיק גרייט אַ פּסוק:

אם ה׳ לא יבנה בית, שוא עמלו בוניו בו.

1. ערכין, יז, א.
2. סנהדרין, קא, א.
3. קהלת, ז, כ.

אַז גאָט בויט נישט אַ הויז, באַמיען זיך בחינם די בויער[1].

עס פאַרשטייט זיך, אַז דעם דאָזיקן זער שיינעם פסוק אין תהלים, ווילן יענע לייט אָנווענדן נאָר דווקא לגבי נאַציאָנאַלע, געזעלשאַפטלעכע נויטן, אָבער חלילה נישט לגבי זייערע אייגענע אינטערעסן. מיט זייערע אייגענע הייזער וואַרטן זיי נישט, אַז דער רבונו של עולם אַליין זאָל פאַר זיי בויען.

איז זער כאַראַקטעריסטיש און גאָר באַלערנדיק אַן אינטערעסאַנטער מאמר פון רבי אליעזר בן הורקנוס:

„ויאמר ה׳ אל משה: מה תצעק אלי? דבר אל בני ישראל, ויסעו"[2] — רבי אליעזר אומר: אָמר הקדוש ברוך הוא למשה: משה, בני נתונים בצרה: הים סוגר ושונא רודף, ואתה עומד ומרבה בתפילה?! מה תצעק אלי?! דבר אל בני ישראל ויסעו!"[3].

אויף דעם פסוק אין דער תורה: "גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן: וואָס שרייסט דו צו מיר?! זאָג די יידן, זיי זאָלן ציען!" — זאָגט רבי אליעזר: דער רבונו של עולם האָט געזאָגט צו משה׳ן: משה, מיינע קינדער זענען אין אַ צרה: דער ים פאַרהאַלט און דער שונא פאַרפאָלגט, און דו שטייסט זיך און ביזט אַזוי פיל מתפלל?! וואָס שרייסט דו צו מיר?! זאָג די יידן, זיי זאָלן ציען!

*

די אמונה אין רבונו של עולם און די זיכערקייט, דער בטחון, אַז ער פאַרלאָזט נישט דעם מענטש, קומט קלאָר צום אויסדרוק אין דעם פאָלגנדיקן מאמר, וואָס ווערט געבראַנגט אין נאָמען פון רבי אליעזר בן הורקנוס:

רבי אליעזר הגדול אומר: כל מי שיש לו פת בסלו ואומר: מה אוכל למחר? — אינו אלא מקטני אמנה[4].

רבי אליעזר בן הורקנוס זאָגט: דער מענטש וואָס האָט צו עסן

---

1. תהלים, קכז, א.
2. שמות, פרשת בשלח, יד, טו.
3. מכילתא און מכילתא דרבי שמעון בן יוחאי.
4. סוטה, מח, ב. אין מכילתא דרשב״י בשלח, טז, ד: הרי זה ממחוסרי אמנה.

אויף היינט און האָט מורא, אַז מאָרגן וועט ער נישט האָבן — איז ער אַ קנאַפּער מאמין.

## ברכות ביי רבי אליעזר בן הורקנוס

דורך תפילה און ברכה קומט צום אויסדרוק די רעליגיעזע באַציאונג צווישן מענטש און גאָט.

תפילה איז נישט נאָר דאָס אויסרעכענען די ווונטשן און די פאַרלאַנגען, וואָס דער מענטש וויל, אַז גאָט זאָל אים העלפן. די דאָזיקע אַרט תפילה איז די נידעריקסטע מדרגה פון תפילה בכלל.

תפילה אין דעם ריינעם זין, איז דער אויסדרוק פון אידעלע געפילן, פון דער רעליגיעזער בענקשאַפט און פון דער דערהויבענער שטרעבונג זיך צו דערנענטערן צו דער געטלעכקייט.

ברכה איז דער קורצער און קאָנדענסירטער אויסדרוק פון תפילה און דאַנק און לויב דעם רבונו של עולם פאַר זיין געטלעכער גוטסקייט און דערהויבנקייט.

ווערט דאָ געברענגט צוויי מאמרים פון רבי אליעזר בן הורקנוס וועגן ברכות:

רבי אליעזר אומר: כל שלא אָמר: ארץ חמדה טובה ורחבה ב„ברכת האָרץ" ומלכות בית דוד ב„בונה ירושלים" — לא יצא ידי חובתו [1].

רבי אליעזר זאָגט, אַז ביים בענטשן (נאָכן עסן), אין דער ברכה וועגן לאַנד, זאָל מען עס באַצייכענען אַלס: ארץ חמדה טובה ורחבה, געגאַרט, גוט און באַקוועם לאַנד. דאַן ווען מען בעט אויף דער אויפריכטונג פון ירושלים און בית המקדש, זאָל מען אויך בפירוש בעטן אויף דער אויפריכטונג פון דער יידישער מלוכה, פון מלכות בית דוד.

עס איז איבעריק צוצוגעבן, וואָס פאַר אַ באַדייטונג און וואָס פאַר אַ ווירקונג, די דאָזיקע צוויי פאַקטאָרן: די ליבע צו ארץ ישראל און די שטרעבונג צו דער יידישער מלוכה, האָבן פאַר דער דערהאַלטונג פון יידישן פאָלק אין משך פון דעם לאַנגן גלות.

*

1. ברכות, מח, ב.

רבי אליעזר אומר: הרי שגזל סאה של חטים וטחנה ואפאה והפריש ממנה חלה — כיצד מברך?! אין זה מברך — אלא מנעץ! ועל זה נאמר[1]: „ובוצע ברך — נאץ ה׳"[2].

רבי אליעזר זאָגט: איינער האָט געגזל׳ט ווייץ און האָט עס גע־מאָלן, געבאַקן און האָט דערפון אָפּגעשיידט חלה — ווי אַזוי מאַכט ער אַ ברכה?! דאָס איז נישט קיין ברכה נאָר אַ לעסטערונג.

*

רבי אליעזר איז קאָנסעקווענט אין אַ פלוגתא מיט די אַנדערע חכמים וועגן אַן ענלעך ענין:

סוכה גזולה, והמסכך ברשות הרבים — רבי אליעזר פוסל, וחכמים מכשירין[3].

אַ געגזל׳טע סוכה, אָדער מען שטעלט זי אויף אין רשות הרבים (איז עס דאָך: גזל הרבים) — האַלט רבי אליעזר, אַז דאָס איז נישט קיין כשר׳ע סוכה, אָבער די אַנדערע חכמים זענען נישט אַזוי שטרענג.

# אהבת ישראל

עס זענען פאַראַנען באַגריפן, וואָס אינעם לעבן זענען זיי געוואָרן פיל פאַרברייטערט, פאַרטיפט, אויסגעאיידלט און נעמען אַרום פיל מער ווי די געוועלנלעכע באַדייטונג פון די ווערטער, וואָס באַצייכענען זיי.

אָט טאַקע, למשל, אהבת ישראל, וואָס איז אַ סך מער ווי סתם ליב האָבן יידן. עס איז אַ זער וויכטיקער באַשטאַנד־טייל אין דער יידישער וועלט־אנשויאונג.

איז זער אינטערעסאַנט זיך צו באַקענען מיט דעם אהבת ישראל פון דעם שטרענגן און קאָמפּראָמיסלאָזן רבי אליעזר בן הורקנוס, וואָס אויך דערביי קומט אים אָפּט אויס צו האָבן מיינונגס־פאַרשידנהייטן מיט

1. תהלים, י, ג.
2. סנהדרין, ו, ב.
3. סוכה, לא.

די אַנדערע חכמים, אי מיט זיין חבר רבי יהושע בן חנניה, אי מיט זיין תלמיד רבי עקיבא.

*

ווי עס איז אַלע באַוווסט, איז איינגעפירט, אַז שבת און יום־טוב לייענט מען די תורה בציבור, און מען פאַרענדיקט מיט אַ פרשה פון די ספרי נביאים. דעריבער הייסט עס: הפטורה, ווייל דערמיט ענדיקט מען דאָס לייענען.

איז פאַרהאַנדן אין ספר יחזקאל אַ פרשה, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: הודע את ירושלים את תועבותיה, לאָז וויסן ירושלים אירע אומווירדיקייטן ווו דער נביא זאָגט מוסר די ירושלים׳ער באַפעלקערונג[1].

זאָגט רבי אליעזר בן הורקנוס:

אין מפטירין ב„הודע את ירושלים״[2].

מען נעמט נישט די דאָזיקע פרשה אַלס "הפטורה״.

הגם עס זענען פאַרהאַנדן פיל הפטורות, וואָס אַנטהאַלטן זער שאַרפע און שטרענגע שטראָף־רייד פון די נביאים און טאַקע אויך פון דעם זעלבן נביא יחזקאל — אָבער די דאָזיקע פרשה האָט באַלד אַזאַ דראַס־טישן אָנהייב געגן ירושלים, וואָס איז נאָך דעם חורבן געוואָרן נאָך ליבער און טייערער, איז פאַרשטענדלעך, וואָס עס האָט אַזוי שאָקירט רבי אליעזר׳ן, אויב מען זאָל זי לייענען בציבור. ווערט דערציילט:

מעשה באָדם אחד שהיה קורא למעלה מרבי אליעזר: „הודע את ירושלים, את תועבותיה״, אָמר לו: עד שאַתה בודק בתועבות ירושלים, בדוק בתועבות אמך! בדקו אחריו ומצאו בו שמץ פסול[3].

עס האָט אַמאָל עמיצער הויך געשריגן דעם דאָזיקן פסוק, האָט רבי אליעזר אים געזאָגט: איידער צו זוכן עברות אין ירושלים — זוך ליבערשט ביי דיין אייגענער מאַמע! האָט מען טאַקע זיך דערוווסט, אַז עס איז נישט מיט אים אין אָרדענונג.

---

1. יחזקאל, טז.
2. משנה, סוף מגילה.
3. מגילה, כה, ב; תוספתא, ד; ירושלמי, ד, יב.

רבי אליעזר האָט געזעען אין יענעמס שרייענדיקער פרומקייט, אַז ער איז נישט איידל; ער האָט אויך געפילט, אַז יענער האָט נישט קיין פאַרשטענדעניש און קיין איינזעעניש פאַר דער יידישער טראַגעדיע, דאַ־מאָלט, נאָך חורבן ירושלים — האָט ער ממילא געזעען, אַז יענער איז נישט קיין גרויסער מיוחס.

*

רבי אליעזר בן הורקנוס האָט שוין דאַמאָלט, באַלד ביי דער עצם־התחלה פון דעם לאַנגן גלות, געגנוי עמפינדן די טיפע יידישע טראַגעדיע און איז געווען איבערגענומען נישט נאָר בלויז מיט דער דאַמאָלטיקער געגנוואַרט, נאָר אויך מיט דער פאַרגאַנגענהייט און אַוודאַי, פאַרשטייט זיך, מיט דער צוקונפט פון יידישן פאָלק.

עס איז גאַנץ באַזונדער אינטערעסאַנט, ווי רבי אליעזר בן הורקנוס, ווען ער קומט־צו צו וועלכער עס איז עפּאָכע אין דער פאַרגאַנגענהייט פון יידישן פאָלק, איז ער זער מילד צו יענע יידן און איז פּשוט זייער מליץ יושר.

ווערט דאָ געברענגט עטלעכע פלוגתות, וואָס רבי אליעזר האָט געהאַט מיט זיין חבר רבי יהושע און מיט זיין געליבטן תלמיד רבי עקיבא וועגן יידן אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, אַזוי ווי עס איז איבער־געגעבן אין דער משנה:

דור המדבר, אין להם חלק לעולם הבא, ואין עומדים בדי׳ן, שנאמר [1]: „במדבר הזה יתמו ושם ימותו״, דברי רבי עקיבא. רבי אליעזר אומר: עליהם הוא אומר [2]: „אספו לי חסידי, כורתי בריתי עלי זבח״.

עדת קורח, אינה עתידה לעלות, שנאמר [3]: „ותכס עליהם הארץ״ — בעולם הזה, „ויאבדו מתוך הקהל״ — לעולם הבא, דברי רבי עקיבא. רבי אליעזר אומר: עליהם הוא אומר [4]: „ה׳ ממית ומחיה, מוריד שאול ויעל״ [5].

---

1. במדבר, פרשת שלח, יד, לה.
2. תהלים, ג, ה.
3. במדבר, פרשת קורח, טז, לג.
4. שמואל א׳, ב, ו.
5. משנה, סנהדרין, י, ג תוספתא, יג, י; ירושלמי, י, ד; בבלי, קי, ב. אין אָבות דרבי נתן (נו״א, לו) זענען דיביידע מיינונגען, על פּי טעות, איבער־געגעבן פאַרקערט.

**עס ווערט דאָ גערעדט וועגן** דור המדבר, **די יידן, וואָס זענען דאָ־מאָלט אַרויס פון מצרים און משה רבנו האָט מיט זיי געהאַט פיל שווע־ריקייטן אין דער מדבר און גאַנץ באַזונדער מיט קורח׳ס עדה. זאָגט רבי עקיבא, אַז יענע אַלע יידן האָבן נישט קיין עולם הבא. דאַגעגן אָבער האַלט רבי אליעזר, אַז נישקשה, אַז אַפילו יענע יידן איז אויך נישט צו פאַרזינדיקן, און זיי האָבן טאַקע יאָ עולם הבא.**

**דער גרויסער אמורא פון ארץ ישראל, רבי יוחנן, וווּנדערט זיך שטאַרק, וואָס רבי עקיבא האָט אַזאַ מיינונג וועגן די יידן אין דער מדבר און רבי יוחנן באַנוצט זיך געגן רבי עקיבא מיט גאָר אַ שאַרפן אויסדרוק:**

שבקיה רבי עקיבא לחסידותיה?![1]

*

**אויך אין דער וויטערדיקער פלוגתא מיט רבי יהושע בן חנניה קומט צום אויסדרוק די ליבע פון רבי אליעזר בן הורקנוס צו די יידן אין דער מדבר:**

„ויסע משה את ישראל מים סוף"[2] — אָמר רבי יהושע: נסיעה זו לא נסעו אלא על פי משה, ושאָר כל המסעות כולן נסעו על פי הגבורה, שנאמר: „על פי ה׳ יחנו בני ישראל, ועל פי ה׳ יסעו"[3]. אבל נסיעה זו לא נסעו אלא על פי משה, שנאמר: „ויסע משה".

רבי אליעזר אומר: על פי הגבורה נסעו, שכן מצינו בשנים ושלשה מקומות שלא נסעו אלא מפי הגבורה. ומה תלמוד לומר: „ויסע משה את ישראל"? — להודיע שבחן של ישראל: שכיון שאָמר להם משה: קומו סעו! לא אָמרו: „היאך אָנו יוצאין במדבר ואין לנו מחיה בדרך?!" אלא האמינו והלכו אַחר משה. ואליהם מפורש בקבלה[4]. „הלוך וקראת באזני ירושלים לאמור: זכרתי לך חסד נעוריך, אַהבת כלולתיך, לכתך אחרי במדבר, בארץ לא זרועה"[5].

1. סנהדרין, קי, ב.
2. שמות, פרשת בשלח, טו, כב.
3. במדבר, פרשת בהעלותך, ט, כ.
4. ירמיהו, ב, ב.
5. מכילתא, פרשת בשלח, טו, כב.

*

אַן ענלעכע פלוגתא צווישן רבי אליעזר'ן און רבי עקיבא קומט אויף פאַר וועגן די עשרת השבטים, וואָס זענען געוואָרן פאַרטריבן קיין אַשור,ביים חורבן שומרון, אַן ערך פון אַ הונדערט און פינף און דרייסיק יאָר פאַרן ערשטן חורבן בית המקדש.

רבי עקיבא האַלט, אַז די דאָזיקע יידן, די עשרת השבטים, זענען שוין פאַרלוירן אויף אייביק, דאַגעגן אָבער האַלט רבי אליעזר, אַז זיי וועלן זיך נאָך פאַראייניקן מיטן גאַנצן יידישן פאָלק:

עשרת השבטים אינם עתידים לחזור, שנאמר[1]: „וישליכם אל ארץ אחרת כיום הזה" מה היום הזה הולך ואינו חוזר, אף הם הולכים ואינם חוזרים, דברי רבי עקיבא. רבי אליעזר אומר: מה היום מאפיל ומאיר, אף עשרת השבטים שאָפל להם, כך עתיד להאיר להם[2].

*

רבי אליעזר בן הורקנוס איז אַזוי ווייט מגין אויף די יידן אין דער מדבר, דאָס ביי אים קומט אויס, אַז דאָס שלעכטס, וואָס זיי האָבן אַרויס־געוויזן, האָט געשטאַמט פון דער פרעמד, ווייל זיי האָבן מיט זיך מיטגע־נומען די עבודה זרה פון מצרים:

רבי אליעזר אומר: עבודה זרה עברה עם ישראל בים, שנאמר[3]: „ועבר בים צרה" — ואי זה? זה צלמו של מיכה[4].

* * *

די ליבע פון רבי אליעזר בן הורקנוס צום יידישן פאָלק האָט אים נישט געשטערט צו זאָגן, אַז אויב די יידן וועלן נישט וויסן,

1. דברים, פרשת נצבים, כט, כז.
2. משנה, סנהדרין, י, ג; תוספתא, יג, יב.
3. זכריה, י, יא.
4. מכילתא, פרשת בא, יב, מא. ספרי, במדבר, פרשת בהעלותך, י, לח. ירושלמי, סוכה, ד, ג.

ווי זיך צו פירן און וועלן נישט תשובה טוען — וועלן זיי טאַקע נישט ווערן אויסגעלייזט:

רבי אליעזר אומר: אם ישראל עושים תשובה — נגאָלים, ואם לאו — אין נגאָלים. אָמר ליה רבי יהושע: אם אין עושים תשובה אין נגאָלים?! אלא הקדוש ברוך הוא מעמיד להם מלך שגזרותיו קשות כהמן, וישראל עושים תשובה ומחזירם למוטב [1].

רבי אליעזר זאָגט: אַז יידן וועלן תשובה טוען — וועלן זיי ווערן אויסגעלייזט. וועלן זיי נישט תשובה טוען — וועלן זיי נישט ווערן אויסגעלייזט. זאָגט צו אים רבי יהושע: היתכן, אַז אויב יידן וועלן נישט תשובה טוען — זאָלן זיי נישט ווערן אויסגעלייזט?! נאָר וואָס דען? — דער רבונו של עולם שיקט זיי שוין צו אַ "המן", טוען זיי שוין ממילא תשובה.

## די באַציאונג צו גויים

עס איז נישט צופיל זיך צו וואונדערן, וואָס רבי אליעזר בן הורקנוס האָט דאַמאָלט געהאַט אַ זער שלעכטע מיינונג וועגן די דאַמאָלט אַזוי גרויזאַמע רוימער און אויך וועגן די אַנדערע געצן־דינער דאָרטן. האָלט רבי אליעזר, אַז גויים האָבן נישט קיין חלק לעולם הבא, אָבער רבי יהושע בן חנניה איז אַנטשידן דאַגעגן און האַלט, אַז די גוטע גויים, די צדיקים באומות, האָבן טאַקע יאָ עולם הבא:

רבי אליעזר אומר: כל גויים אין להם חלק לעולם הבא, שנאמר [2]: „ישובו רשעים לשאולה, כל גויים שכחי אלהים". „ישובו רשעים לשאולה" — אלו רשעי ישראל. אָמר לו רבי יהושע: אלו אָמר הכתוב: „ישובו רשעים לשאולה כל גויים" ושותק, הייתי אומר כדבריך, עכשיו שאָמר הכתוב: „שכחי אלהים" — הא יש צדיקים באומות שיש להם חלק לעולם הבא [3].

1. סנהדרין, צז, ב. ירושלמי, תענית, א, א.
2. תהלים, ט, יח.
3. תוספתא, סנהדרין, יג; בבלי, קה, א. דער ריכטיקער נוסח אין בבלי, איז אַזוי ווי עס איז אין עין יעקב.

* * *

עס איז שוין געוואָרן מערערע מאָל אונטערגעשטראָכן די קאָנסע־קווענץ, די אויסגעהאַלטנקייט פון רבי אליעזר בן הורקנוס[1]. ווען דאָ ווערן געברענגט אַ פּאָרפאַל, וואָס ווייזט, ווי שווער עס איז, מענכעס מאָל, געווען דעם אויסגעהאַלטענעם רבי אליעזר צו באַקעמפן זיינע אייגענע געפילן, וואָס האָבן גראָד נישט האַרמאָנירט מיט זיינע אידעען.

דאָ האַנדלט זיך טאַקע אויך אין דעם פּראָבלעם וועגן דערווייטערן זיך פון די גויים, נאָר דאָ רעדט זיך וועגן עבדים כנענים, וועגן גויאישע קנעכט און דינסטן.

אין יענע צייטן, אין דעם ערשטן יאָרהונדערט, ווען אין דער גאַנצער וועלט איז געווען איינגעפירט שקלאַפעריי, איז דאָס דאַמאָלט אין ארץ ישראל געווען אין אַ גאָר קנאַפּער מאָס: די רייכערע מענטשן האָבן געוועגלעך זיך באַנוצט מיט קנעכט און דינסטן אין דער שטוב־באַדינונג. אַזוי האָבן זיך אויך געפירט רבן גמליאל און רבי אליעזר בן הורקנוס.

איז אויך לגבי די אייגענע גויאישע קנעכט געווען דער פּראָבלעם, ווי אַזוי זיי צו האַלטן פונדערווייטנס, אַז זיי זאָלן נישט אַריין אין דער פאַמיליע. איז אַזוי, למשל, געווען אויך די פראַגע, ווי אַזוי דאַרפט מען זיך נוהג צו זיין, ווען עס שטאַרבט אַזאַ קנעכט אָדער דינסט, צי דאַרפט מען נוהג זיין די דינים פון אבלות, פון טרויער, צי נישט. איז אין דער דאָזיקער פראַגע אַ פלוגתא צווישן די חכמים. רבי אליעזר בן הורקנוס איז ביי דער מיינונג, אַז נישט. ווערט דערציילט:

מעשה ומתה שפחתו של רבי אליעזר. נכנסו תלמידיו לנחמו. כיון שראָה אותם, עלה לעליה, ועלו אחריו. נכנס לאפילון, נכנסו אחריו. נכנם לטרקלין, נכנסו אחריו. אָמר להם: כמדומה לי שאַתם נכוין בפושרין, עכשיו אי אַתם נכוין אפילו בחמי חמין. לא כך שניתי לכם?: עבדים ושפחות אין עומדים עליהם בשורה, ואין אומרים עליהם ברכת אבלים ולא תנחומי אבלים[2].

---

1. אַזוי רימען, למשל, רבי אליעזר׳ס אויסגעהאַלטענקייט „רבי אליעזר השוה את מדתו", רבי עקיבא רבי ישמעאל, רבי און שמואל. משנה, שקלים, ד, ז. תוספתא, יבמות, יג, ד; ירושלמי, יג, ב; בבלי קח, א.
2. ברכות, טז, ב; ירושלמי, ב, ח.

עס איז אַמאָל ביי רבי אליעזר׳ן געשטאָרבן אַ גויאישע דינסט, זענען די תלמידים געקומען אים טרייסטן. אַז רבי אליעזר האָט זיי דערזעען, איז ער אַרויף אויף דעם גאָרן. זענען זיי אים נאָכגעגאַנגען. איז ער אַריין אין אַ זייטיקן צימער, זענען זיי אים נאָכגעגאַנגען. איז ער אַריין אין סאַלאָן, זענען זיי אים נאָכגעגאַנגען. ביז ער איז געווען געצווונגען זיי פאַרצוהאַלטן, אַז זיי פאַרשטייען נישט, דאָס ער האָט געוואָלט אויסמיידן צו דאַרפן זיי זאָגן בפירוש, אַז דער דין איז, דאָס ביי עבדים כנענים דאַרפט מען נישט מנחם אבל זיין, וואָס דער דאָזיקער דין איז אים געווען, זעט מען, זער נישט אָנגענעם.

*

עס איז דאָ כדאי צו באַמערקן, דאָס לויט דעם אַלטן יידישן דין, דער דין אין דער תורה, האָט אַן עבד כנעני, אַ גוי וואָס איז אַ קנעכט ביי אַ ייד, פיל רעכט און פאַר דערמאָרדן אַן עבד כנעני קומט טויט־שטראָף.

איז אינטערעסאַנט, אַז רבי אליעזר בן הורקנוס איז נאָך מער ווי די אַנדערע חכמים שטרענגער ביים אויסטייטשן דעם דאָזיקן דין [1].

* * *

אַז רבי אליעזר בן הורקנוס האָט געזעען אַ גוטע מדה ביי אַ גוי, האָט ער גאַנץ גוט געוווּסט, ווי דאָס אָפּצושאַצן:

שאלו את רבי אליעזר: עד היכן כבוד אָב ואם? אָמר להם: צאו וראו מה עשה נכרי אחד לאָביו באַשקלון, ודמא בן נתינה שמו: בקשו ממנו חכמים אבנים לאפוד בששים רבוא שכר, והיה מפתח מונח תחת מראשותיו של אָביו, ולא ציערו [2].

מען האָט אַמאָל געפרעגט רבי אליעזר׳ן: ווי ווייט דאַרפט מען מקיים זיין די מצוה כיבוד אָב ואם, דאָס טייער האַלטן עלטערן? האָט ער זיי געענטפערט: גייט און זעט, ווי אַזוי עס האָט זיך געפירט מיט זיין פאָטער אַ גוי אין אַשקלון, דמא בן נתינה איז זיין נאָמען: די חכמים

1. בבא קמא, צ, א.
2. קדושין, לא, א. עבודה זרה, כג, ב.

האָבן אַמאָל געוואָלט ביי אים קויפן איידל־שטיינער צום אפוד (פאַרן כהן גדול), ווי ער האָט געקאָנט פאַרדינען אַ סך געלט, איז אָבער דער שליסל געלעגן ביי זיין פאָטער צוקאָפּנס, האָט ער אים נישט געוואָלט שטערן.

*

רבי אליעזר האָט זער שטאַרק מקפיד געווען אויף דער מצוה פון כבוד אָב ואם. ער האָט עס געהאַלטן זער הויך [1] און ער האָט באַגייס־טערט די תלמידים [2], אַז זיי זאָלן מקיים זיין די דאָזיקע מצוה אויף אַן אידעאַלן אופן — האָט ער גאָר דערביי געברענגט פאַר אַ מוסטער: אַ גוי פון אַשקלון.

# עולם הבא

עס איז אויבן געוואָרן גערעדט: ווער עס האָט יאָ עולם הבא און ווער נישט. עס פאַרשטייט זיך, אַז ווען עס רעדט זיך וועגן עולם הבא, וועגן לעבן אויף דער צוקונפטיקער וועלט, מיינט מען דאָך וועגן דעם לעבן פון דעם מענטשלעכן גייסט, פון דער נשמה.

רבי אליעזר אומר: נשמתם של צדיקים גנוזות תחת כסא הכבוד, שנאמר [3]: „והיתה נפש אדוני צרורה בצרור החיים את ה׳ אלהיך״; ושל רשעים, זוממות והולכות, שנאמר: „ואת נפש אויביך יקלענה בתוך כף הקלע״ [4].

רבי אליעזר זאָגט: די נשמות פון די צדיקים רוען אין דער געט־לעכער אַטמאָספערע, תחת כסא הכבוד. דאַגעגן אָבער, די רשעים, האָבן זייערע נשמות נישט קיין מנוחה, נאָר זענען פאַרוואָגלט און פאַרשטויסן. רבי אליעזר ברענגט די בילדלעכע שפּראַך פון אביגיל, ווי זי האָט געווונטשן דוד המלך, אַז זיין נשמה זאָל זיך געפינען אין דעם בונד

1. משנה, נדרים, ט, א.
2. קדושין, לב, א.
3. שמואל א׳, כה, כט.
4. שבת, קנב, ב.

**פון לעבן ביים רבונו של עולם און די נשמות פון זיינע שונאים זאָלן ווערן געוואָרפן אין כף הקלע.**

**אין די וויטערדיקע טיילן ווערט ברייטער אַנטוויקלט דער באַגריף** עולם הבא, **ביי די חכמי התלמוד.**

# רבי אליעזר און רבי יהושע

**רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי יהושע בן חנניה, די דאָזיקע צוויי גרויסע יידישע חכמים, די גוטע חברים און שטאַרקע אויפריכטיקע פריינד, אונטערשיידן זיך איינער פון אַנדערן אין דעם כאַראַקטער, אין די אידעען, אין די איבערצייגונגען און אויך אין זייער מאַטעריעלער לאַגע.**

**רבי אליעזר בן הורקנוס, דער זון פון אַ רייכן גוט־באַזיצער, איז אַליין אויך געווען רייך.**

**אַזוי דורכגייענדיק ווערט, למשל, דערציילט, ווי רבי אליעזר בן הורקנוס האָט געוואָלט** מחמיר **זיין לגבי זיך און** מפקיר **זיין לטובת די אָרעמע לייט דאָס גאַנצע גערעטעניש, די אַלע פרוכטן, פון דעם פערטן יאָר פון זיינעם אַ וויינגאָרטן** (כרם רבעי), **האָבן די תלמידים אים גע־מאַכט אויפמערקזאַם אויף אַן אָנגענומענעם באַשלוס פון די אַנדערע חכמים:**

כרם רבעי היה לו לרבי אליעזר במזרח לוד, בצד כפר טבי, וביקש רבי אליעזר להפקירו לעניים, אמרו לו תלמידיו: רבי, כבר נמנו חבריך עליו והתירוהו [1].

**אַזוי ווערט אויך דערציילט, ווי רבי אליעזר בן הורקנוס איז אַמאָל געקומען אין שוהל אַריין און עס האָט דאָרטן געפעלט איינער צום** מנין, **האָט ער באַפרייט זיינס אַ קנעכט** (אַן עבד כנעני) **און אים צוגערעכנט צום מנין:**

**1. ראש השנה, לא, ב. ביצה, לח, ב. תוספתא, מעשר שני, ה. עס איז אפשר אָנצונעמען, אַז דאָס איז פאָרגעקומען שוין נאָך דעם אַזוי־גערופענעם חרם, וואָס וועט ווייטער ווערן ברייטער באַהאַנדלט, דעריבער האָט רבי אליעזר נישט געחוסט וועגן דעם דאָזיקן באַשלוס פון די אַנדערע חכמים.**

## דוד מלכי

מעשה ברבי אליעזר שנכנס לבית הכנסת ולא מצא עשרה, ושחרר עבדו והשלימו לעשרה[1].

*

עס ווערט דערציילט, ווי דער אַלטער הורקנוס, דער פאָטער פון רבי אליעזר׳ן, האָט אים געוואָלט איבערלאָזן זיין גאַנץ פאַרמעגן, האָט רבי אליעזר דאָס נישט אָנגענומען און האָט נישט געלאָזט דעם פאָטער באַגיין קיין עוולה געגן די אַנדערע זין, די ברידער פון רבי אליעזר בן הורקנוס:

אָמר: הרי הן עלי חרם, ואיני אלא שווה בם לאחי![2]

האָט ער געזאָגט: חס וחלילה, נאָר גלייך מיט מיינע ברידער!

* * *

רבי יהושע בן חנניה איז געווען זער ווייט פון צו זיין מאַטעריעליש רייך. עס האָט אים אָבער נישט געשטערט צו זיין שטענדיק אין אַ גוטער שטימונג און איבעראַל אַריינברענגען צופרידנקייט און פרייד.

וועגן זיינע עלטערן ווייסט מען נאָר דאָס ער האָט געהאַט אַ טייערע מאַמע, וואָס באַלד פון דער פריעסטער קינדערהייט אָן האָט זי שוין געזאָרגט פאַר זיין גייסטיקער דערציאונג, ווי עס דערציילט רבי דוסא בן הרכינס:

זכור אני, שהיתה אמו (של רבי יהושע בן חנניה) מולכת עריסתו לבית הכנסת, בשביל שיתדבקו אָזניו בדברי תורה[3].

איך געדענק, ווי די מאַמע פון רבי יהושע בן חנניה האָט געפירט זיין וויג אין שוהל אַריין, אַז זיינע אויערן זאָלן זיך באַהעפטן מיט דברי תורה.

* * *

1. ברכות, מז, ב. גטין, לח, ב.
2. מדרש רבה, בראשית, פרשת לך לך, מב, א; ילקוט שמעוני, עב. אבות דרבי נתן, נו״ב, יג.
3. ירושלמי, יבמות, א, ו.

עס איז שוין מערערע מאָל געוואָרן דערמאָנט, אַז רבי אליעזר בן הורקנוס שטעלט מיט זיך פאַר די בית שמאי און רבי יהושע בן חנניה — די בית הילל.

אָט למשל עטלעכע הלכות:

אותו ואת בנו שנפלו לבור. רבי אליעזר אומר: מעלה את הראשון על מנת לשחוט ושוחטו, והשני עושה לו פרנסה במקומו בשביל שלא ימות. רבי יהושע אומר: מעלה את הראשון על מנת לשחוט ואינו שוחט, ומערים ומעלה את השני על מנת לשחוט, ורצה שלא ישחוט את אחד מהם, הרשות בידו[1].

*

שני מצורעים שנתערבו קרבנותיהם, קרב קרבנו של אחד מהם ומת אחד מהם? — זו ששאלו אַנשי אלכסנדריא את רבי יהושע. אָמר להם: יכתוב נכסיו לאַחר, ויבא קרבן עני[2].

*

שני נזירים וכ״ו — אָמר רבי יהושע: יבקש מאחד מן השוק שידור כנגדו בנזיר וכ״ו. אָמר לו בן זומא: ומי שומע לו שידור כנגדו בנזיר?![3]

די דאָזיקע דאָ געבערענגטע דריי הלכות אילוסטרירן די מיינונג, וואָס איז אויבן געזאָגט געוואָרן וועגן בית שמאי און בית הילל ביי פרוזבול און עירוב[4].

*

עס איז אויך כאַראַקטעריסטיש די פאַרשידענע מאָטיווירונג פון רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי יהושע בן חנניה:

עס ווערט אָנגעוויזן, דאָס ווען עס קומט אויס צו טוען עפּעס וואָס

1. תוספתא, ביצה, ג. ירושלמי, פסחים, ג, ג. ביצה, לז, א. שבת, קכד, א.
2. משנה ותוספתא סוף נגעים.
3. משנה, נזיר, ח, א.
4. אויבן, אויף זייט 133.

קאָן פּאַראומרייניקן די האַנד, זאָל מען עס טוען מיט דער לינקער און נישט מיט דער רעכטער האַנד. פאַרוואָס?

רבי אליעזר אומר: מפני שאוכל בה, ורבי יהושע אומר: מפני שכותב בה[1].

רבי אליעזר זאָגט, ווייל מען עסט מיט דער רעכטער האַנד. רבי יהושע זאָגט: ווייל מיט דער רעכטער האַנד שרייבט מען (הייליקע שריפט).

* * *

רבי יהושע בן חנניה איז געמיטלעך און מיידט אויס מחלוקות.

שאלו את רבי יהושע: בני צרות, מה הן? אָמר להם: למה אתם מכניסין אותי בין שני הרים גדולים, בין בית שמאי ובין בית הילל שיריצו את ראשי? אלא מעיד אני על משפחת בית עלובאי מצביים, ועל משפחת בית קיפא מבית מקושש, שהם בני צרות ומהם כהנים והיו מקריבין לגבי מזבח[2].

מען האָט אַמאָל געפרעגט רבי יהושע בן חנניה אַזאַ שאלה ווי עס גייט אָן אַ שטאַרקע פּלוגתא צווישן בית שמאי און בית הילל. האָט ער געזאָגט: צו וואָס ווילט איר מיך אַריינציען צווישן צוויי גרויסע בערג, צווישן בית שמאי און בית הילל, אַז איך זאָל דערביי ברעכן דעם קאָפּ?!

פונדעסטוועגן האָט רבי יהושע צוגעגעבן, אַז ער קאָן מעיד זיין דאָס ער ווייסט פון געוויסע פאַלן, ווו מען האָט זיך געפירט ווי בית הילל און קיינער האָט נישט געשטערט.

*

אין אַ באַשטימטער פּלוגתא צווישן בית שמאי און בית הילל האָט רבי יהושע בן חנניה געהאַט זיך אויסגעדריקט:

בושני מדבריכם, בית שמאי!

---

1. ברכות, סב, א.
2. תוספתא, יבמות, א, י; ירושלמי, א, ו; בבלי, טו, ב.

איך שעם זיך מיט אייערע מיינונג, בית שמאי!

און רבי יהושע האָט אינגאַנצן אָפּגעפרעגט די דאָזיקע מיינונג. איז דאָרטן גראָד געווען איינער, אַ תלמיד פון בית שמאי, זאָגט ער צו רבי יהושע׳ן: רבי, אויב דו דערלויבסט מיר, וועל איך דערקלערן די מאָטיוון פון בית שמאי.

אַז רבי יהושע האָט געהערט די דאָזיקע ריכטיקע דערקלערונג, איז ער געווען זער גערירט און געהאַט גרויס חרטה און שווערע געוויסנס־ביסן, וואָס ער האָט פריער אַזוי געהאַט זיך אויסגעדריקט געגן בית שמאי:

מיד הלך רבי יהושע ונשתטח על קברי בית שמאי. אָמר: נעניתי לכם, עצמות בית שמאי! ומה סתומות שלכם כך, מפורשות — על אחת כמה וכמה!

אָמרו: כל ימיו הושחרו שיניו מפני תעניותיו[1].

*

עס ווערט פיל דערציילט וועגן דער באַשיידנקייט פון רבי יהושע בן חנניה. ווערט אויך דערציילט:

רבי יהושע נתיב כהנתא, חלש. אָמר: לא ניחא ליה לאהרן דאדבק בזרעיה, דהוי ליה חתנא כי אנא[2].

רבי יהושע האָט חתונה געהאַט מיט אַ כהנת, אַ בת כהן, און איז שלאַף געוואָרן. האָט ער געזאָגט: עס זעט זיך אויס, אַז אַהרן הכהן איז נישט צופרידן, אַז איך זאָל אַריין אין זיין משפחה און ער זאָל מיך האָבן פאַר אַן איידעם.

*

איז זער כאַראַקטעריסטיש פאַר רבי יהושע בן חנניה דער פאָלגנדיקער מאמר:

אָמר רבי יהושע בן חנניה: בשעה שהרוח יוצא לעולם, הקדוש ברוך הוא משברו בהרים ומרשלו בגבעות ואומר לו: תן דעתך שלא תזיק בריותי![3]

---

1. חגיגה, כב, ב. תוספתא, אהלות, ה, יא.
2. פסחים, מט, א.
3. ירושלמי, ברכות, ט, ב.

רבי יהושע בן חנניה זאָגט: ווען דער ווינט גייט אַרויס, צעברעכט אים דער רבונו של עולם ביי די הויכע בערג און שוואַכט אים אָפּ ביי די בערגלעך און זאָגט אים: גיב אַכטונג, אַז דו זאָלסט נישט שעדיקן מיינע באַשעפענישן!

*

עס איז אין ערגעץ נישט אנגעגעבן, צי רבי אליעזר בן הורקנוס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט קערפּערלעכער שיינקייט, מען ווייסט נאָר, אַז זיינע קינדער זענען געווען זער שיין. דאָרטן ווו עס רעדט זיך וועגן קינדער, ווערט דערציילט, ווי מען האָט געפרעגט זיין פרוי, אימא שלום:

מפני מה בניך יפיפין ביותר? [1]

פאַרוואָס זענען דיינע קינדער אַזוי שיין?

וועגן רבי יהושע בן חנניה ווייסט מען יאָ, אַז ער האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט אַ באַזונדערער קערפּערלעכער שיינקייט. עס ווערט דערציילט:

אָמרה ליה ברתיה דקיסר לרבי יהושע בן חנניה: אי חכמה מפוּאָרה בכלי מכוער! [2]

דעם קייסערס טאָכטער האָט אַמאָל געזאָגט צו רבי יהושע בן חנניה: וואָס פאַר אַ שיינע חכמה אין אַ מיאוס׳ער כלי!

האָט ער איר געפרעגט: פאַרוואָס האַלט מען וויין אין ערדענע און נישט אין גאָלדענע אָדער אין זילבערנע כלים?

דאָס הייסט, אַז אַזוי ווי וויין האַלט זיך בעסער אין ערדענע כלים, אַזוי האַלט זיך חכמה בעסער ביי נישט קערפּערלעך־שיינע מענטשן. אַז בכלל פאַרט זיך נישט חכמה דווקא מיט קערפּערלעכער שיינקייט.

*

די חכמי ישראל און גאַנץ באַזונדער דאַמאָלט די חכמי יבנה איז שטענדיק אויסגעקומען צו פירן פאַרשידענע וויכוחים, דיסקוסיעס און

1. נדרים, כ, ב.
2. תענית, ז, א. נדרים, נ, ב.

דיספוטן, מיט די רוימישע פאָרשטייער. עס ווערט דערציילט וועגן פיל אַזעלכע וויכוחים פון רבן יוחנן בן זכאי, רבי אליעזר בן הורקנוס, רבן גמליאל, רבי עקיבא און אַנדערע חכמים, אָבער מער פון אַלע רבי יהושע בן חנניה, וואָס האָט זיך באַזונדער אויסגעצייכנט און איז געווען זער באַרימט מיט זיינע שיינע, קלוגע, שאַרפזיניקע תשובות און שטאַרקע לאָגישע אַרגומענטן געגן אַלע קריטישע אַרויסטרעטונגען פון די גוי־אישע דיסקוטאַנטן.

ווערט דערציילט וועגן פיל אַזעלכע דיסקוסיעס, וואָס רבי יהושע בן חנניה האָט געהאַט געפירט מיט פאַרשידענע רוימישע פאָרשטייער, אפילו מיט דעם רוימישן קייסער [1] און מיט פאַרשידענע געלערטע, מיט די פילאָזאָפן פון יענער צייט.

ווערט רבי יהושע בן חנניה באַצייכנט אַלס איסכולסטיקא דאוריתא [2], אין דעם זין, דאָס ער איז דער פאַרטיידיקער פון דער תורה. ווערט אויך איבערגעגעבן, ווי פאַר דער פטירה פון רבי יהושע בן חנניה האָבן די אַנדערע חכמים זער פאַרזאָרגט אים געפרעגט: ווי אַזוי וועט מען זיך ווערן געגן די אַלע געגנער, ווער וועט פאַרטיידיקן? האָט ער זיי דאָך ווי עס איז באַרואיקט:

כי קא ניחא נפשיה דרבי יהושע בן חנניה, אָמרו ליה רבנן: מה תיהוי עלן מן מינאי? אָמר להם: „אָבדה עצה מבנים, נסרחה חכמתם" [3] — כיון שאָבדה עצה מבנים, נסרחה חכמתן של אומות העולם [4].

*

עס איז אויסגעקומען די חכמי יבנה מערערע מאָל צו פאָרן קיין רוים צו דערלעדיקן פאַרשידענע ענינים ביי דער רוימישער רעגירונג. עס איז צו זען, אַז אין די אַלע דאָזיקע דעלעגאַציעס איז רבי יהושע בן חנניה געהאַט געווען דער ראש המדברים, הגם דער אָפיציעלער פאָר־שטייער איז דאָך אוודאי געווען דער נשיא, רבן גמליאל דיבנה [5].

זאָל דאָ אגב ווערן דערציילט, ווי אין רוים האָט אַמאָל רבי יהושע

1. חולין, נט, ב; ס, א. בכורות, ח, ב. שבת, קיט, א. מדרש רבה, רות, ג, ב.
2. מדרש רבה, בראשית, פרשת תולדות, סד, יא.
3. ירמיהו, מט, ז.
4. חגיגה, ה, ב. לויט דעם נוסח פון „עין יעקב".
5 ספרי, דברים, פרשת עקב, יא, טז. משנה, עבודה זרה, ד, ז. ירושלמי, סנהדרין, ז, יג. מדרש רבה, שמות, פרשת משפטים, ל, ט; דברים, פרשת ואתחנן, ב, טו.

בן חנניה זיך דערוויסט וועגן אַ זער שיין יינגל פון ירושלים, וואָס איז דאָרטן געפאַנגען און איז אויסגעשטעלט אויף אַ שענדלעך לעבן. איז רבי יהושע פאַרבייגעגאַנגען יענעם מיאוס׳ן רוימישן אַנשטאַלט און פון דער ווייטנס זיך פאַרשטענדיקט מיט דעם דאָזיקן יינגל און זיך איבער־צייגט אין זיין ריינקייט.

האָט רבי יהושע בן חנניה אים אויסגעלייזט פאַר זער אַ סך געלד און אים אַהיימגעשיקט קיין ארץ ישראל. אין תלמוד בבלי ווערט צוגע־געבן, אַז דאָס יינגל איז געווען דער שפּעטער באַרימטער רבי ישמעאל בן אלישע.

מעשה שהלך רבי יהושע לרומי ואָמרו לו: יש כאן תינוק אחד, ירושלמי, יפי עינים וטוב רואי, ועומד לקלון. והלך רבי יהושע לבדקו. כיון שהגיע לפתח אָמר המקרא הזה[1]: „מי נתן למשיסה יעקב, וישראל לבוזזים?“. נענה אותו תינוק ואָמר: „הלא ה׳, זו חטאנו לו“. באותו שעה אָמר רבי יהושע: מעידני עלי שמים וארץ, שאיני זז מכאן עד שאפדה אותו. פדאו בממון הרבה ושיגרו לארץ ישראל. ועליו אָמר[2]: „בני ציון היקרים, המסולאים בפז“[3].

## תורה און חכמה

עס איז אויבן ביים אָנפאַנג געוואָרן דערמאָנט, ווי רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי יהושע בן חנניה שטעלן מיט זיך פאַר תורה און חכמה.

אויסער אין די אַלע אַנדערע פונדאַמענטאַלע ווערק פון דער תורה שבעל פה, ווערט בלויז אין דער משנה געברענגט מער ווי דריי הונדערט און צוואַנציק הלכות פון רבי אליעזר בן הורקנוס און מער ווי הונדערט פערציק הלכות פון רבי יהושע בן חנניה.

די דאָ אויבן־דערמאָנטע איינטיילונג פון תורה און חכמה דאַרפט אייגנטלעך ווערן פאַרשטאַנען מער בדרך מליצה, ווייל רבי יהושע בן חנניה האָט אויך געהאַט געגוג תורה און רבי אליעזר בן הורקנוס — געגוג חכמה.

1. ישעיהו, מב, כד.
2. איכה, ד, ב.
3. תוספתא, סוף הוריות. גטין, נח, א. מדרש רבה, איכה, ד, ד.

*

ווערט דאָ געבערענגט עטלעכע אידעען פון רבי אליעזר בן הורקנוס בנוגע חכמת החיים, לעבנס חכמה.

עס איז שוין מערערע מאָל געוואָרן אונטערגעשטראָכן דער ווערט פון מענטש ביי די חכמי התלמוד. דער ווערט פון מענטש און אויך זיינע מעגלעכקייטן. האַלט רבי אליעזר בן הורקנוס, אַז דער מענטש אַליין נעמט אויף זיך דעם אייגענעם גורל, וואָס ער זעלבסט דעצידירט דורך זיינע מעשים, דורך זיין פירונג, און וואָס ווערט באַווירקט דורך זיין געמיט און, דער עיקר, דורך זיין גייסטיקער איינשטעלונג אין לעבן.

אַזוי למשל, זאָגט רבי אליעזר בן הורקנוס, אַז ניין און ניינציק פון הונדערט מענטשן שטאַרבן פון פאַרביטערונג און נאָר איינער שטאַרבט מיט אַ נאַטירלעכן טויט:

> דאָמר רבי אליעזר: תשעים ותשעה מתים במרה, ואחד — בידי שמים [1].

אוודאי איז די צאָל, ניין און ניינציק פון הונדערט, אַ גוזמא, וואָס מיינט צו אַקצענטירן די גרויסע צאָל מענטשן, וואָס שטאַרבן פון פאַר־ביטערונג.

*

דאָס געמיט פון מענטש, זיין דענקען און דער עיקר טאַקע דער גלויבן, ווירקן הויפּטזעכלעך אויף אַלעם וואָס עס געשעט מיט אים, איז דעריבער, למשל, ביי חלומות, דער עיקר ווי אַזוי מען איז פּותר חלום. דאָס הייסט, ווי אַזוי מען טייטשט זיך אויס דעם חלום. האָט רבי אליעזר בן הורקנוס גאַנץ קאַטעגאָריש דערקלערט:

> אין החלום הולך, אלא אחר הפתרון [2].

אַ חלום איז נאָר אַזוי ווי מען איז פּותר חלום.

*

1. ירושלמי, שבת, יד, ג.
2. ירושלמי, מעשר שני, ד, ו.

צווישן די קללות אין דער תוכחה, ווו עס ווערט אויסגערעכנט, וואָס עס קומט אַלץ אויף דעם מענטש, ווען ער גייט נישט אין גלייכן וועג, ווערט אויך גערעכנט: עול ברזל על צווארך[1], אַן אייזערנער יאָך אויף דיין האַלדז. זאָגט רבי אליעזר בן הורקנוס: זה רעיון[2], דאָס הייסט, אַז די קללה איז, וואָס דער מענטש איז פאַרשקלאַפּט און דער־דריקט פון אַנגסטן און פון מורא, וואָס ער זעלבסט נעמט אויף זיך דורך זיין פאַלשע איינרעדעניש.

*

איז צו פאַרשטיין די מיינונג פון רבי אליעזר בן הורקנוס אין דער פאָלגנדיקער פלוגתא מיט די אַנדערע חכמים:

רבי אליעזר אומר: מתנדב אָדם אָשם תלוי בכל יום ובכל שעה שירצה. היה נקרא: אשם חסידים. וחכמים אומ־רים: אין מביאים אָשם תלוי אלא על דבר שזדונו כרת ושגגתו חטאת[3].

דער דין איז, אַז מען זינדיקט, דאַרפט מען קודם כל תשובה טוען און דאַן ברענגען אַ קרבן אָשם, אַ שולד־אָפּפער. אויב מען איז נישט זיכער נאָר מען האָט אַ ספק, צי מען האָט געזינדיקט צי נישט, דאַרפט מען ברענגען אַן אָשם תלוי, אַן עווענטועלן קרבן אָשם.

האַלט רבי אליעזר בן הורקנוס, אַז יעדערער מענטש האָט רעכט צו ברענגען אַן אָשם תלוי ווען נאָר ער וויל. עס ווערט גערופן: אשם חסידים. די אַנדערע חכמים באַגרענעצן דאָס ברענגען אַן אָשם תלוי נאָר אין דעם פאַל ווען מען האָט אַ ספק וועגן באַשטימטע באַגאַנגענע זינד.

עס איז צו פאַרשטיין די מיינונג פון די אַנדערע חכמים, צו באַ־גרענעצן דאָס ברענגען צופיל קרבנות גלאַט אַזוי; אָבער רבי אליעזר בן הורקנוס האָט גענומען אין באַטראַכט, דאָס ביי רעליגיעזע מענטשן איז מענכעס מאָל פשוט נויטווענדיק צו באַרואיקן דאָס געפיל: טאָמער האָב איך געזינדיקט?

---

1. דברים, פרשת כי תבוא, כח, מח.
2. ירושלמי, שבת, יד, ג.
3. משנה, כריתות, ו, ג; תוספתא, ד, ד. רבי אליעזר בן הורקנוס איז ביי דער זעלבער מיינונג ווי בבא בן בוטא, געברענגט אויבן אויף זייט 152.

# תורה ביי רבי אליעזר און רבי יהושע

עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז רבי אליעזר בן הורקנוס האַלט אַזוי ווי שמאי: עשה תורתך קבע! די תורה זאָל זיין דיין שטענדיקע באַשעפטיקונג.

רבי אליעזר אומר: ספר וסייף ירדו כרוכים מן השמים. אָמר להם: אם עשיתם את התורה הכתובה בזה, אתם נצולים מזה; ואם לאו, הרי אתם לוקים בו. והיכן פירושו של דבר? הרי הוא אומר[1]: „ויגרש את האָדם, וישכן מקדם לגן עדן את הכרובים ואת להט החרב המתהפכת, לשמור את דרך עץ החיים"[2].

רבי אליעזר בן הורקנוס זאָגט: דער ספר און די שווערד צוזאַמען פאַרוויקלט זענען אַראָפּ פון הימל. אַז מען איז מקיים די תורה, ווערט מען געראַטעוועט פון דער שווערד, און אויב נישט ווערט מען דורך איר באַשטראָפט, אַזוי ווי עס ווערט געזאָגט ביי אָדם הראשון, ווען ער האָט געזינדיקט און איז געוואָרן פאַרטריבן פון גן עדן, האָט אַ בלאַנ־קענדיקע שווערד אים פאַרשטעלט דעם וועג צוריק צום גן עדן.

עס איז צו פאַרשטיין, אַז רבי אליעזר בן הורקנוס האָט מיט דעם דאָזיקן מאמר:

ספר וסייף ירדו כרוכים מן השמים.

געמיינט צו זאָגן, אַז עס קומט אויס, דאָס מען מוז פאַרטיידיקן און באַשיצן די תורה, מיט דער שווערד אין האַנד

*

וועגן לערנען תורה, ווי בכלל אין אַלע אַנדערע ענינים, איז רבי אליעזר בן הורקנוס אין דער שיטה פון בית שמאי, און רבי יהושע בן חנניה אין דער שיטה פון בית הילל.

---

1. בראשית, ג, כד.
2. ספרי, דברים, פרשת עקב, יא, יב. מדרש רבה, דברים, פרשת ראה, ד, א; ויקרא, פרשת בחקותי, לה, ו.

רבי יהושע אומר: שונה אָדם שתי הלכות בשחרית ושתים בערבית ועוסק במלאכתו כל היום, מעלין עליו כאלו קיים כל הורה כולה[1]

רבי יהושע בן חנניה זאָגט: אַז אַ מענטש לערנט נאָר אפילו צוויי הלכות אין דער פרי און צוויי הלכות אין אָוונד און אַ גאַנצן טאָג איז ער עוסק אין זיין פאַך — איז אַזוי ווי ער וואָלט מקיים געווען די גאַנצע תורה.

דאַרפט מען וויסן, אַז דאָס איז ביי רבי יהושע בן חנניה, ווי מען וואָלט היינט זיך אויסגעדריקט, דער "מינימום־פּראָגראַם" ביי לערנען תורה. פּאַקטיש באַנוגנט זיך נישט, רבי יהושע, מיט אַזאַ באַשרענקט לערנען.

אָמר רב ספרא משום רבי יהושע בן חנניה: מאי דכתיב[2]: „ושננתם לבניך" — אַל תקרי „ושננתם" אלא „ושלשתם". לעולם ישלש אָדם שנותיו: שליש במקרא, שליש במשנה, שליש בגמרא. מי יודע כמה חיי? לא צריכא, ליומי[3].

רבי יהושע בן חנניה זאָגט, אַז דער מענטש דאַרפט איינטיילן זיין צייט אויף צו לערנען תנ"ך, משנה און גמרא[4].

רבי יהושע בן חנניה לערנט אונז אויך, אַז עס איז נישט גענוג נאָר צו לערנען תורה גלאַט אַזוי, נאָר מען מוז זיך מיען אין דער תורה:

שהיה רבי יהושע אומר: השונה ואינו עמל — כזורע ולא קוצר. והלומד תורה ושוכח — דומה לאשה שיולדת וקוברת[5].

רבי יהושע בן חנניה האָט געפלעגט צו זאָגן: דער וואָס לערנט תורה און טוט זיך נישט מיען אין דער תורה — איז אַזוי ווי דער וואָס זייעט און שניידט נישט. דער וואָס לערנט תורה און פאַרגעסט — איז אַזוי ווי אַ פרוי, וואָס געבירט קינדער און באַגראָבט זיי.

*

1. מכילתא, בשלח, טז, ד; מכילתא דרבי שמעון בן יוחאי.
2. דברים, ואתחנן, ו, ז.
3. קדושין, ל, א.
4. גמרא, מיינט מען דאָ, דאָס אויספירלעכע דערקלערן די משנה.
5. תוספתא, אהלות, טז, ח. פרה, ג, ז.

איז זער אינטערעסאַנט און גאָר באַלערנדיק, ווי רבי יהושע בן חנניה, וואָס ליבט שטאַרק די תורה און פאַרהערלעכט זי, ווייזט ער אָן, אַז די תורה טאָר נישט זיין אָפּגעזונדערט פון לעבן, אַז ביים אורטיילן, ביי אַרויסגעבן הלכות, מוז מען אויך זיך רעכענען מיט דעם לעבן:

תנא, התנאים מבלי עולם. אָמר רבי יהושע: וכי מבלי עולם הם?! והלא מיישבי עולם הם! שנאמר[1]: „הליכות עולם לו״; אלא שמורים הלכה מתוך משנתם[2].

## דער גרים־פּראָבלעם ביי רבי אליעזר און רבי יהושע

די באַציאונג צו דעם ענין גרים איז ביי רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי יהושע בן חנניה די זעלבע ווי פריער, פאַר חורבן ירושלים, ביי בית שמאי און בית הילל.

רבי אליעזר האָט אַ זאַכלעכע, אַן אָביעקטיווע און אַן, אַזוי צו זאָגן, נייטראַלע באַציאונג צו גרים: קומט אַ גוי און וויל באמת און ערלעך זיך מגייר זיין, דאַרפט מען אים אויפנעמען און נישט מאַכן אים קיין באַזונדערע שוועריקייטן.

רבי יהושע האַלט, אַז עס איז ווייניק, דאָס בלויז נישט צו מאַכן קיין שוועריקייטן פאַר די גרים, נאָר מען דאַרפט פאַר זיי מאַכן אַלע פאַרלייכטערונגען און זיי אויפנעמען ביי אַלע באַדינגונגען.

רבי אליעזר אומר: נאמר למשה: „אני״ — אני הוא, שאָמרתי, והיה העולם. אני המקרב ולא המרחק וכ״ו. אני שקרבתי את יתרו ולא רחקתיו. אַף אתה, כשבא אָדם אצלך להתגייר, ואינו בא אלא לשם שמים, אַף אתה קרבהו ואַל תרחיקהו[3].

רבי אליעזר זאָגט, אַז דער רבונו של עולם האָט געזאָגט צו משה רבנו: איך, דער באַשעפער פון דער וועלט, דערנענטער, נישט דער־

1. חבקוק, ג, ו.
2. סוטה, כב, א.
3. מכילתא, פרשת יתרו, יח, ו; מכילתא דרבי שמעון בן יוחאי.

ווייטער. איך האָב יתרו׳ן צו מיר דערנענטערט, נישט דערווייטערט. אַזוי אויך דו, אַז עס קומט צו דיר אַ מענטש, וואָס וויל זיך מגייר זיין, אָבער וואָס מיינט דאָס טאַקע נאָר ערלעך, לשם שמים — זאָלסט דו אים נישט דערווייטערן, נאָר דערנענטערן.

דאָס איז דער הויפּט־באַדינג ביי בית שמאי און שפּעטער ביי רבי אליעזר בן הורקנוס:

ואינו בא אלא לשם שמים.

ווען דער גר קומט צו יידישקייט נאָר וועגן דער ריינער אידעע, ווען ער מיינט נאָר לשם שמים.

*

רבי אליעזר אומר: גר, לפי שסורו רע, לפיכך מזהיר עליו הכתוב במקומות הרבה[1].

רבי אליעזר זאָגט: דעריבער האָט די תורה אַזוי פיל מאָל גע־וואָרנט, אַז מען זאָל אַ גר גוט באַהאַנדלען און מען זאָל אים נישט דערבייזערן, ווייל ער האָט דאָך אַ שלעכטע געוווינהייט.

*

רבי אליעזר בן הורקנוס האָט גרים טאָלערירט און רבי יהושע בן חנניה האָט זיי פּראָטעזשירט. רבי אליעזר האָט צו יעדערן גר באַ־זונדער געהאַט אַ בפירוש אינדיווידועלע שטעלונג, צי ער זאָל אים יאָ אויפנעמען, צי נישט. רבי יהושע האָט אַלע אויפגענומען.

מעשה באשה אַחת שבאת אצל רבי אליעזר להתגייר. אָמרה לו: רבי, קרבני! אָמר לה: פּרטי את מעשיך. אָמרה: בני הקטן מבני הגדול. נזף בה. הלכה אצל רבי יהושע, וקבלה[2].

צו רבי אליעזר׳ן איז אַמאָל געקומען אַ פרוי, זיך מגייר זיין. זאָגט

1. מכילתא און מכילתא דרשב״י, פּרשת משפּטים, כב, כ. בבא מציעא, נט, ב.
2. מדרש רבה, קהלת, א, כה.

זי אים: רבי, דערנענטער מיך! זאָגט ער איר: דערציייל דיין פירונג. דערציילט זי: מיין יינגערער זון איז פון מיין עלטערן זון. האָט ער זי אָנגעשריגן. איז זי געגאַנגען צו רבי יהושע׳ן, האָט ער זי יאָ מגייר געווען.

* * *

עס איז אינטערעסאַנט, וויביים דאָזיקן פּראָבלעם, וועגן אויפנעמען גרים, ווידערהאָלט זיך ביי רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי יהושע בן חנניה אַן ענלעכע דערשיינונג, ווי פריער ביי בית שמאי און בית הילל:

רבי אליעזר איז שטרענג ביים אויפנעמען גרים און רבי יהושע — זער מילד; רבי אליעזר איז מחמיר און רבי יהושע איז מקיל. אָבער דאָס איז נאָר געזאָגט געוואָרן פריער, איידער מען האָט דעם גר אויפגענומען, דאַגעגן אָבער באַלד נאָכדעם ווי מען האָט אים נאָר געהאַט אויפגענומען — איז שוין פּונקט פאַרקערט: דאַמאָלט איז שוין רבי אליעזר מקיל און רבי יהושע מחמיר. די זעלבע דערשיינונג, וואָס איז געוואָרן געבערענגט אויבן בנוגע בית שמאי און בית הילל[1].

גר שמל ולא טבל, טבל ולא מל — הולך אחר המילה, דברי רבי אליעזר. רבי יהושע אומר: אף הטבילה מעכבת[2].

ווי עס איז באַוווסט, מוז אַ גר זיך מל׳ע זיין און אויך טובל זיין. ווי איז דער דין, אַז ער האָט זיך מל׳ע געווען, אָבער נישט טובל געווען? זאָגט רבי אליעזר, אַז ער איז שוין אַ ייד, דאַגעגן אָבער רבי יהושע זאָגט, אַז ניין, אַז ער איז נאָך אַ גוי[3].

* * *

---

1. זע אויבן זייט 116 וועגן גר שנתגייר בערב פסח.
2. ירושלמי, קידושין, ג, יב. דער דאָזיקער נוסח אין תלמוד ירושלמי איז אוודאי דער ריכטיקער און נישט דער נוסח פון תלמוד בבלי, יבמות, מו, א.
3. לגבי רבי אליעזר בן הורקנוס און בית שמאי איז די דאָזיקע פּלוגתא דאָ, נישט קיין שום סתירה צו דער פּלוגתא צווישן בית שמאי און בית הילל, וואָס ווערט געברענגט אויבן אויף זייט 115 וועגן גר שנתגייר כשהוא מהול. דאָרטן איז ער געקומען שוין אַ גע׳מל׳טער און וויל זיך מגייר זיין, זענען די בית שמאי, ווי געוויינלעך, מחמיר. דאַגעגן אָבער דאָ, ביי גר שמל ולא טבל, האָט ער זיך מל׳ע געווען, ווייל ער איז שוין געהאַט געוואָרן אויפגענומען אַלס גר — איז רבי אליעזר מקיל, אַזוי ווי בית שמאי ביי גר שנתגייר בערב פסח.

דער גרים־פּראָבלעם אין זיין גאַנצן אומפאַנג איז אַ זער שווערער און גאָר קאָמפּליצירטער ענין. עס איז אַ גרויסע שאָד, וואָס ביז צום היינטיקן טאָג איז גאָרנישט פאַרהאַנדן אַן ערנסט, ברייט־אַרומנעמענדיק ווערק, וואָס זאָל גרינדלעך און אויספירלעך באַהאַנדלען דעם דאָזיקן אַזוי וויכטיקן פּראָבלעם.

עס וואָלט געווען אַ זער אינטערעסאַנטע געשיכטע פון פיל וווּנדערלעכע דערשיינונגען און גאַנצע באַוועגונגען אין פאַרשידענע עפּאָכן.

*

אויך אין דעם קרייז פון די חכמי יבנה האָט זיך געפונען אַ גר, אַן אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט, וואָס איז באַקאַנט מיט דעם נאָמען עקילס הגר. ער האָט פריש איבערגעזעצט די תורה אויף גריכיש, וואָס איז דאַמאָלט געווען אַ באַזונדערע נויטווענדיקייט, ווייל די אַלטע גריכישע איבערזעצונג, די אַזוי גערופענע סעפּטואַגינטאַ, דער תרגום השבעים, איז שוין געהאַט געווען פאַרעלטערט און האָט נישט געשטימט מיט די אויסטייטשונגען פון די חכמי הפרושים, די תנאים.

האָט עקילס הגר איבערזעצט די תורה אויף גריכיש לויט די אָנווייזונגען פון די חכמי יבנה: רבי אליעזר בן הורקנוס, רבי יהושע בן חנניה און רבי עקיבא, און זיי האָבן געריימט די דאָזיקע איבערזעצונג [1].

*

ווערט דערציילט אַן עפּיזאָד וועגן עקילס הגר, וואָס איז, אין אַ געוויסער הינזיכט, ענלעך צו יענע עפּיזאָדן, וואָס זענען געוואָרן געברענגט אין דעם פריערדיקן קאַפּיטל, וועגן יענע דריי גויים, וואָס זאָלן האָבן זיך מגייר געווען צוליב היללס געדולד:

עקילס הגר נכנס אצל רבי אליעזר. אָמר לו: כל שבחו של גר, שנאמר [2]: „ואוהב גר לתת לו לחם ושמלה"?! אָמר לו: וכי קלה היא בעיניך דבר שנתחבט עליו אותו זקן, שנאמר [3]: „ונתן לי לחם לאכול ובגד ללבוש", ובא זה

---

1. ירושלמי, מגילה, א, ט. בבלי, ג, א.
2. דברים, פרשת עקב, י, יח.
3. בראשית, פרשת ויצא, כח, ב.

והושיטו לו בקנה?! נכנס אצל רבי יהושע. התחיל מפייסו בדברים: „לחם״ — זו תורה, דכתיב[1]: „לכו לחמו בלחמי״. „שמלה״ — זו טלית. זכה אדם לתורה — זכה לטלית וכ״ו. אָמרו: אלולי אריכות פנים שהאריך רבי יהושע עם עקילס, היה חוזר לסורו[2].

עקילס, דער גר, איז געהאַט אַמאָל אַריינגעגאַנגען צו רבי אליעזר׳ן און אים געפרעגט: איז דאָס גאַנצע פאַרדינסט פון דעם גר, דאָס גאָט האָט אים אַזוי ליב, אים צו באַזאָרגן מיט ברויט און קליידונג?! זאָגט אים רבי אליעזר: און דאָס איז ביי דיר אַזאַ קלייניקייט?! יעקב אבינו האָט דאָך אויך נישט מער פאַרלאַנגט, ווי לחם לאכול ובגד ללבוש! איז עקילס אַריינגעגאַנגען צו רבי יהושע׳ן, האָט רבי יהושע אים אָנגעהויבן צו באַרואיקן, בכן ״לחם״ — מיינט מען גאָר תורה, אַזוי ווי אַזאַ אויסדרוק ווערט באַנוצט אין ספר משלי. ״שמלה״ — מיינט מען טלית און אַזוי ווייטער.

האָט מען טאַקע געזאָגט, אַז ווען נישט רבי יהושע׳ס געדולד, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן לגבי עקילס׳ן, וואָלט ער צוריק געגאַנגען אויפן אַלטן וועג.

## די פאַלשע באַשולדיקונג

רבי אליעזר בן הורקנוס געהערט צו יענע זעלטענע, גרויסע, שטאַרקע און ערלעכע פערזענלעכקייטן, וואָס לאָזן זיך קיינמאָל נישט אַראָפּפירן פון זייערן וועג און גייען נישט איין אויף קיין שום פשרות, ווען עס האַנדלט זיך וועגן זייערע איבערצייגונגען, וועגן זייערע אידעען און אידעאַלן.

ליידן נאָר פאַר זייערע אידעאַלן, וואָלט נאָכנישט געווען אַזוי שווער פאַר די דאָזיקע אידעאַליסטן. גרויסע מענטשן, ערלעכע נאַטורן, קומט געוועגלעך אויס צו בלייבן אין דער מינדערהייט און גאַנץ אָפט, אַפילו איינזאַם, אָדער גאָר איינגאַנצן איזאָלירט. זיי זענען אָבער אַלץ מקבל

1. משלי, ט, ה.
2. מדרש רבה, בראשית, פרשת ויצא, ע, ה; קהלת, ז, כ.

באהבה, זיי נעמען געוועגלעך אַלץ פֿאַר ליב, ווען עס האַנדלט זיךביים פֿאַרטיידיקן זייערע אייגנטלעכע אידעען און איבערצייגונגען.

די צרה איז אָבער, דאָס די דאָזיקע אידעאַליסטן, וואָס אין זייער גאַנץ לעבן קעמפֿן זיי פֿאַר דער ריינקייט פֿון זייערע אידעען, וואַרפֿט מען גאָר אויף זיי פֿאַלשע באַשולדיקונגען און מען שרייבט זיי צו גאַנץ פֿרעמדע אידעען.

אַזאַ מעשה האָט זיך אויך געטראָפֿן מיט רבי אליעזר בן הורקנוס, וואָס איז דורך דער דאַמאָלטיקער רוימישער מאַכט אין ארץ ישראל געוואָרן באַשולדיקט אין סימפּאַטיע צו די דאַמאָלטיקע "יידן־קריסטן", די מינים, וואָס זענען דאַמאָלט געוואָרן שטאַרק פֿאַרפֿאָלגט דורך דער רוימישער מאַכט.

ווען מען זאָל האָבן רבי אליעזר בן הורקנוס באַשולדיקט, למשל, אין סימפּאַטיע צו די צדוקים, וואָלט עס אפשר אין פֿלוג געקאָנט האָבן עפּעס אַ זין, ווייל רבי אליעזר איז דער קאָנסערוואַטיוועסטער צווישן די יידישע חכמים אין זיין צייט. אגב, ווי שוין אויבן דערמאָנט, איז רבי אליעזר בן הורקנוס אַן אַנטשידענער געגנער פֿון די צדוקים [1]. ווegן סימפּאַטיע צו יענער יידיש־קריסטלעכער סעקטע, קאָן גאָרנישט זיין קיין גרעסערער אומזין, ווי חושד צו זיין דערינען רבי אליעזר בן הורקנוס.

וויפֿיל מען זאָל נישט לערנען, גריבלען, זוכן, פֿאָרשן און זיך פֿאַרטיפֿן אין דער תורה פֿון רבי אליעזר בן הורקנוס, וואָס איז פֿאַרשפּרייט אין די אַלע פֿונדאַמענטאַלע ווערק פֿון דער תורה שבעל פה — איז אַבסאָלוט אוממעגלעך צו געפֿינען אַפֿילו דעם מינדעסטן אָנשפּאַר פֿאַר דער דאָזיקער אַזוי אומזיניקער באַשולדיקונג.

*

דער שטאַרקער און אויסגעהאַלטענער רבי אליעזר בן הורקנוס, וואָס איז געווען געוווינט צו פֿאַרשידענע סכסוכים און מחלוקות, איז דאָך געוואָרן טיף געטראָפֿן פֿון דער דאָזיקער אומזיניקער באַשולדיקונג און אַזוי ווי גאַנץ אָפֿט ביי פֿאַרשידענע פֿאַרלעגנהייטן און קריזיסן, איז אויך דאָ געקומען צו הילף רבי עקיבא, וואָס איז געבענטשט מיט דער פֿעאיקייט אַריינצוברענגען באַרואיקונג און טרייסט אין די שווערסטע און אין די פּיינלעכסטע פֿאַרלעגנהייטן.

---

1. יבמות, סג, ב. געברענגט אויבן זייט 233.

מעשה ברבי אליעזר שנתפס על דברי מינות והעלו אותו לבמה לדון. אָמר לו אותו הגמון: זקן כמותך יעסוק בדברים הללו?! אָמר לו: נאמן דיין עלי. כסבור אותו הגמון: שלא אָמר אלא לו, ולא נתכוין אלא נגד אָביו שבשמים. אָמר לו: הואיל והאמנתני עליך, אַף אני כך אָמרתי, אפשר שהסיבו הללו טועים בדברים הללו. דימוס, הרי אתה פטור!

וכשנפטר מן הבמה היה מצטער שנתפס על דברי מינות. נכנסו תלמידיו לנחמו ולא קבל. נכנס רבי עקיבא ואָמר לו: רבי, אומר לפניך דבר, שמא אין אתה מיצר. אָמר לו: אמור. אָמר לו: שמא אחד מן המינין אָמר לך דבר של מינות, והנאך? אָמר: השמים, הזכרתני: פעם אחת הייתי מהלך באיסתרטיא של צפורי, מצאתי יעקב איש כפר סכנין ואָמר דבר של מינות משום ישוע בן פנטרי והנאני ונתפסתי על דברי מינות, שעברתי על דברי תורה[1]: „הרחק מעליה דרכיך ואל תקרב אל פתח ביתה"[2].

רבי אליעזר בן הורקנוס איז אַמאָל געוואָרן עפנטלעך באַשולדיקט אין סימפּאַטיע צו דער יידיש־קריסטלעכער סעקטע, צו די מינים. פרעגט אים דער רוימישער העגעמאָן: אַזאַ מאַן ווי דו, זאָלסטו זיך פאַרנעמען מיט אַזעלכע זאַכן?! האָט רבי אליעזר (וואָס איז געווען זער נידערגעשלאָגן פון דער דאָזיקער באַשולדיקונג) געענטפערט: מסתמא איז דער דיין גערעכט. רבי אליעזר האָט דערמיט געמיינט צו זאָגן, אַז דער רבונו של עולם איז אַוודאַי גערעכט, וואָס ער האָט אויף אים געשיקט אַזאַ אָנשיקעניש. דער העגעמאָן האָט אָבער נישט אַזוי פאַרשטאַנען, נאָר געמיינט, אַז רבי אליעזר איז זיך מודה און האָט חרטה. האָט ער אים באַפרייט.

האָט רבי אליעזר בן הורקנוס געהאַט גרויס צער פון דעם דאָזיקן חשד. זענען די תלמידים געקומען אים טרייסטן, אָבער רבי אליעזר האָט נישט אָנגענומען קיין טרייסט. קומט רבי עקיבא און זאָגט: רבי, דערלויב מיר עפּעס צו זאָגן, וועסטו אפשר נישט אַזויפיל זיך קוועלן. איז רבי אליעזר מסכים.

1. משלי, ה, ח.
2. תוספתא, חולין, ב, הוצאת הרב צוקרמאנדל. מיט געוויסע ענדערונגען, עבודה זרה, טז, ב. מדרש רבה, קהלת, א, כד.

זאָגט רבי עקיבא: אפשר האָט אַמאָל עמיצער פון די מינים דיר געזאָגט עפּעס זייערס אַ געדאַנק און עס האָט דיר גראָד געפאַלן?

זאָגט רבי אליעזר: השמים, (אַזוי ווי אַ שבועה) דו האָסט מיך דערמאַנט! איך בין אַמאָל געגאַנגען אויף דער עסטראַטע (אויף דעם ברייטן וועג) פון צפורי, האָב איך געטראָפן יעקב׳ן פון כפר סכנין, האָט ער געזאָגט זייערס אַ געדאַנק פון ישוע בן פנטרי און עס האָט מיר גראָד געהאַט געפאַלן. בין איך, הייסט דאָס, געוואָרן געשטרויכלט, ווייל איך האָב עובר געווען אויף דעם פּסוק: "דערווייטער פון איר דיין וועג און זאָלסט זיך נישט דערנענטערן צום איינגאַנג פון איר הויז".

*

דער דאָזיקער אויטענטישער מאמר אין דער תוספתא, וואָס איז נישט געוואָרן צענזורירט דורך די קריסטלעכע צענזורן, איז זער אינ־טערעסאַנט פון פיל שטאַנדפּונקטן:

קודם כל זעט מען, ווי די ערשטע, די אַזוי גערופענע "יידן־קריסטן", איז נאָך דאַמאָלט געווען, נישט אַזוי לייכט אונטערצושיידן פון יידן; אַזוי ווייט, אַז די רוימישע מאַכט האָט געקאָנט דערין חושד זיין אַזאַ גדול בישראל ווי רבי אליעזר בן הורקנוס.

מען זעט אויך דערפון, ווי אומזיניק עס איז דער בלבול, אַז די יידישע סנהדרין זאָלן האָבן געווען געזעען די קרייציגונג, וואָס פּי־לאַטוס האָט אויסגעפירט.

# בין אדם לחברו

עס איז שוין אויבן געוואָרן געברענגט פון די דריי קורץ־געפאַסטע דברי מוסר, וואָס דריקן אויס אין אַ זער קאָנדענסירטער פאָרם די עטיש־מאָראַלישע לערע פון די חכמי ישראל, וואָס ווערן געברענגט אין מסכת אבות לויט אַ כראָנאָלאָגישן סדר.

ווערט דאָרטן איבערגעגעבן:

רבי אליעזר אומר: יהי כבוד חברך חביב עליך כשלך, ועל תהי נוח לכעוס, ושוב יום אחד לפני מיתתך![1]

---

1. משנה, אבות, ב, י.

רבי אליעזר פלעגט זאָגן: דיין חבר׳ס כבוד זאָל דיר זיין אַזוי ליב ווי דיין אייגענער כבוד, און דו זאָלסט זיך נישט לאָזן אַזוי לייכט דערבייזערן, און טו תשובה, כל זמן דו לעבסט!

וואָס פאַרלאַנגט ער אַלץ פונעם מענטש, דער רבי אליעזר בן הורקנוס, וואָס ווערט אַזוי אָפט פאַרגעשטעלט ווי עפּעס אַ בייזער ייד, אַ קפדן?

ערשטנס, דער כבוד, די ווירדע פונעם מענטש: דיין כבוד איז דאָך דיר ליב, גאַנץ ריכטיק; אָבער דיין חבר׳ס כבוד זאָל דיר אויך זיין אַזוי ליב!

צווייטנס, מען איז דאָך מער נישט ווי אַ מענטש מיט די מענטשלעכע שוואַכקייטן און אַז מען פאַלט אַריין אין כעס און אין בייזקייט, איז דאָך זער שלעכט — פאַרלאַנגט נישט רבי אליעזר פונעם מענטש צופיל, נאָר זע, על כל פנים, אַז דו זאָלסט זיך נישט לאָזן דערבייזערן, אַזוי לייכט!

דריטנס, אַוודאי זינדיקט דער מענטש, אָבער טו תשובה; טו תשובה כל זמן דו לעבסט!

וואָס קאָן מען נאָך ווייניקער פאַרלאַנגען פון דעם מענטש?!

רבי אליעזר פּרעדיגט דאָ נישט קיין אויסערגעוויינלעך פרומקייט. ער פאַרלאַנגט נישט פון קיינעם, אַז מען זאָל זיך מוסר נפש זיין פאַר יענעם. ער הייסט נישט, חלילה, אונטערשטעלן אויך די צווייטע באַק, כדי צו קריגן נאָך אַ פּאַטש.

מען מוז זיין אַזוי מאָראַליש ריין און ערלעך, ווי רבי אליעזר בן הורקנוס, אַז מען זאָל אַזוי ווייניק פאַרלאַנגען פון יענעם. דאָס קאָן נאָר דער, וואָס פון זיך אַליין פאַרלאַנגט ער שוין יאָ, גאָר אַ סך.

### שוב יום אחד לפני מיתתך!

שאלו תלמידיו את רבי אליעזר: וכי אָדם יודע איזהו יום ימית?! אָמר להם: וכל שכן, ישוב היום שמא ימות למחר, ונמצא כל ימיו בתשובה[1].

### טו תשובה אַ טאָג פאַר דיין טויט!

האָבן די תלמידים געפרעגט זייער רבי׳ן רבי אליעזר בן הורקנוס: ווייסט דען דער מענטש, ווען ער וועט שטאַרבן?! האָט ער זיי געענט־

1. שבת, קנג, א. אָבות דרבי נתן, נו״א, טו; נו״ב, כט.

פערט: זאָל ער טאַקע באַלד היינט תשובה טוען, ווײַל ער וועט ער לעבן אין תשובה.

*

מעסיק,נאַטירלעך, אָרנטלעך מענטשלעך, האָבן יושר לגבי אַנדערע, אָבער אויך לגבי זיך אַליין.

אין אָדם רשאי להקדיש כל נכסיו. אם הקדיש את כולם, הרי הם מוקדשים. אין אָדם רשאי להחרים כל נכסיו, ואם החרים את כולן, הרי הן מוחרמין. רבי אליעזר אומר: „מאָדם"[1] — ולא כל אָדם. „ובהמה" — ולא כל בהמה. „ומשדה אחוזתו" — ולא כל שדה אחוזתו. לפיכך, אם הקדיש את כולם, אין מוחרמין[2].

מען טאָר נישט מקדיש זיין דאָס גאַנצע פאַרמעגן. מען טאָר נישט, אַפילו אויף אַ הייליקן צוועק, אַוועקגעבן אַלץ, וואָס מען פאַרמאָגט. ווי איז אָבער דער דין, אַז עמיצער האָט יאָ אַלץ מקדיש געווען? — האַלטן די אַנדערע חכמים, אַז עס איז גילטיק, אַז עס איז טאַקע הקדש. אָבער רבי אליעזר האַלט, אַז עס איז נישט גילטיק.

* * *

אגב, איז דאָ אינטערעסאַנט צו ברענגען אַן ענלעכע תקנה אין דעם זעלבן גייסט, וואָס עס גיט איבער רבי אילעאי, דער געטרייער תלמיד פון רבי אליעזר בן הורקנוס:

אָמר רבי אילעאי: באושא התקינו: המבזבז — אל יבזבז יותר מחומש[3].

רבי אילעאי גיט איבער, אַז אין אושא (אושא, איז געווען נאָך חורבן ביתר, דאָס זעלבע, וואָס יבנה נאָך חורבן ירושלים) איז געוואָרן איינ־

---

1. ויקרא, פרשת בחקותי, כז, כח.
2. תוספתא ערכין, ד. לויט אַן אַנדערער ווערסיע: אם הקדיש את כולן, הרי הן מוקדשין; ואם החרים את כולן, אין מוחרמין, און עס איז זער לאָגיש דער דאָזיקער אונטערשיד צווישן הקדש און חרם.
3. כתובות, נ, א. ערכין, כח, א.

געפירט, אַז אַפילו דער גרויסער נדבן, וואָס שפּענדעט גערן אויף וויל־טעטיקע צוועקן — טאָר נישט פאַרשפּענדן מער ווי אַ פינפטל פון זיין פאַרמעגן.

אויסער דאָס אידעלע מענטשלעכקייט, וואָס עס איז אַנטהאַלטן אין דער דאָזיקער תקנה אַן און פאַר זיך, אַנטפּלעקט זיך דאָך ממילא אַזאַ מין הערלעך בילד וועגן יענע יידן, וואָס האָבן ערשט געהאַט איבער־געלעבט דעם טראַגישן דורכפאַל פון דעם בר־כוכבא־אויפשטאַנד מיט דעם נאָכפאָלגנדיקן שוידערלעכן טעראָר פון די רוימער, אַז מען האָט דאַמאָלט געמוזט אַרויסגעבן אַ תקנה, אַז מען זאָל נישט געבן צופיל צדקה, מען זאָל אויך געדענקען אין זיך אַליין און נישט אַוועקגעבן מער ווי אַ פינפטל פון פאַרמעגן!

* * *

זאָל דאָ ווערן צוגעגעבן נאָך אַ וויכטיקע לערע פון רבי אליעזר בן הורקנוס:

שהיה רבי אליעזר אומר: לעולם יהא אָדם בורח מן הכיעור ומן הדומה לכיעור [1].

רבי אליעזר האָט געפלעגט צו זאָגן: דער מענטש זאָל שטענדיק אַנטלויפן פון העסלעכקייטן און פון דעם, וואָס איז ענלעך דערצו.

* * *

וואָס שייך רבי יהושע בן חנניה וועגן זיין לערע און זיין באַציאונג שבין אָדם לחברו, צווישן מענטש און מענטש, איז נאָכדעם וואָס מען ווייסט שוין אַלץ וועגן אים, גענוג נאָר צו דערמאָנען זיינע דריי עטיש־מאָראַלישע גרונד־פּרינציפּן, וואָס ווערן געברענגט אין מסכת אָבות:

רבי יהושע אומר: עין הרע, ויצר הרע, ושנאת הבריות — מוציאים את האדם מן העולם [2].

צוליב דריי סיבות גייט דעם מענטש פאַרלוירן זיין וועלט: דאָס בייזע אויג, די שלעכטע ליידנשאַפט און דאָס פיינט האָבן מענטשן.

1. תוספתא, חולין, ב.
2. משנה, אבות, ב, טז.

דוד מלכי

# בין איש לאשתו

אין די הלכות און אַזוי אויך אין די פּלוגתות מיט די אַנדערע חכמים בנוגע סכסוכים צווישן מאַן און פרוי איז, על פּי רוב, רבי אליעזר בן הורקנוס, אַזוי ווי בית שמאי, לטובת דער פרוי.

המדיר את אשתו ונשבית, רבי אליעזר אומר: פודה ונותן לה כתובתה. רבי יהושע אומר: נותן לה כתובתה ואינו פודה[1]

אַז דער מאַן האָט איבערגעריסן די באַציאונגען מיט דער פרוי און דערנאָך איז זי אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט — זאָגט רבי אליעזר: קודם כל מוז ער זי אויסלייזן און דערנאָך איר אויסצאָלן די כתובה. רבי יהושע זאָגט: זאָל ער איר אויסצאָלן די כתובה און דאַרפט זי נישט אויסצולייזן.

*

אויך אין דער פאָלגנדיקער פּלוגתא איז רבי אליעזר בן הורקנוס לטובת דער פרוי און איז בכלל מקיל. עס ווערט אויך דערביי בפירוש צוגעגעבן, דאָס רבי אליעזר האַלט אַזוי ווי בית שמאי און רבי יהושע — ווי בית הילל:

המקדיש את נכסיו ונתן עיניו לגרש את אשתו, רבי אליעזר אומר: ידירנה הנאָה, וגובה כתובתה מן ההקדש, ואם רצה להחזיר — יחזיר. רבי יהושע אומר: אם רצה להחזיר — לא יחזיר. ובית הילל אומרים: אם רצה להחזיר — לא יחזיר. רבי אליעזר אומר כדברי בית שמאי, ורבי יהושע אומר כדברי בית הילל[2].

*

עס איז אינטערעסאַנט, ווי ווייט רבי אליעזר בן הורקנוס איז גע־

1. כתובות, נב, א.
2. תוספתא, ערכין, ד, ה.

גאַנגען צו פאַרלייכטערן די דינים פון גטין, וואָס יעדערע אַזעלכע פאַר־לייכטערונג איז לטובת דער פרוי.

המגרש את אשתו ואמר לה: הרי את מותרת לכל אדם, אלא לפלוני — רבי אליעזר מתירה לינשא לכל אדם, חוץ מאותו האיש[1].

אַז אַ מאַן פאַרטרייבט זיין פרוי און זאָגט איר (ביים געבן דעם גט), דו מעגסט חתונה האָבן מיט אַלע מענער, אויסער מיט יענעם געוויסן מאַן — האַלט רבי אליעזר, אַז אַזאַ גט איז גילטיק און זי מעג חתונה האָבן מיט וועמען זי וויל, אויסער מיט יענעם געוויסן מאַן.

די דאָזיקע הלכה פון רבי אליעזר בן הורקנוס איז אַ שטאַרקע קולא, אַ ווייט־גייענדיקע פאַרלייכטערונג אין די דינים פון גטין. ווערט דאָרט ווייטער איבערגעגעבן:

לאחר מיתתו של רבי אליעזר נכנסו ארבעה זקנים להשיב על דבריו: רבי טרפון ורבי יוסי הגלילי ורבי אלעזר בן עזריה ורבי עקיבא.

נאָך דער פטירה פון רבי אליעזר בן הורקנוס זענען אַריינגעגאַנגען אָפּוועגדן די דאָזיקע הלכה, פיר פון די עלטסטע חכמים: רבי טרפון, רבי יוסי הגלילי, רבי אלעזר בן עזריה און רבי עקיבא.

איז באַזונדער אינטערעסאַנט און גאָר כאַראַקטעריסטיש, דאָס דער פרינציפּיעלסטער געגנער פון רבי אליעזר בן הורקנוס: רבי יהושע בן חנניה, האָט דאַמאָלט געזאָגט צו די דאָזיקע פיר חכמים, אַז נאָך דער פטירה פון רבי אליעזר בן הורקנוס האָט מען נישט קיין רעכט אים אָפּצוּוועגדן:

אמר להם רבי יהושע: אין אתם משיבים את הארי לאחר מיתה![2]

האָט רבי יהושע צו זיי געזאָגט: איר וועט נישט אָפּוועגדן דעם לייב נאָך זיין טויט!

---

1. תוספתא, גטין, ט. ספרי, דברים, פרשת כי תצא, כד, א. משנה, גטין, ט, א.
2. ירושלמי, גטין, ט, א; בבלי, פג, א.

*

רבי אליעזר בן הורקנוס איז אָבער יאָ מחמיר ביי די סכסוכים צווישן מאַן און ווייב, ווען עס האַנדלט זיך אין מאַנס איפערזוכט וועגן אַ באַשטימטן פרעמדן מאַן [1].

עס זעט זיך אויס, אַז רבי אליעזר בן הורקנוס איז ביי דער מיינונג, דאָס אויב עס כאַפּט זיך אַריין עפּעס אַן איפערזוכט־חשד געגן אַ באַ־שטימטער פערזאָן — דאַרפט מען עס אויסמיידן און אַלץ טוען, כדי אַריינצוברענגען אַ באַרואיקונג.

## די פרוי און די פאַמיליע

עס איז שוין אויבן געוואָרן געברענגט, ווי רבי אליעזר בן הורקנוס איז שטרענג געגן חתונה מאַכן יונגע מיידלעך מיט אַלטע מענער. אין אַזעלכע פאַלן האָט ער, ווי נאָר מעגלעך, פאַרמינערט די רעכט פון מאַן [2].

רבי אליעזר בן הורקנוס איז אויך שטרענג געגן פרייע, נישט־פאַרפליכטנדיקע, פאַמיליאַלע באַציאונגען צווישן פריילידיקע:

„ומלאה הארץ זמה" [3]. — רבי אליעזר אומר: זה, הפנוי הבא על הפנויה שלא לשם אישות [4].

פונדעסטוועגן האַלט רבי אליעזר בן הורקנוס, אַז דער באַגריף "זונה" איז נאָר חל לגבי אַ פאַרהייראַטע פרוי, וואָס לעבט מיט אַן אַנדערן מאַן. דאַגעגן רבי עקיבא האַלט, אַז אַפילו אַ פריילידיקע פרוי, אויב זי לעבט מיט פאַרשידענע מענער — איז זי אַ זונה:

„זונה" — כשמה, דברי רבי אליעזר. רבי עקיבא אומר: — זו מופקרת [5].

*

רבי אליעזר בן הורקנוס האַלט, אַז די פרוי דאַרפט זיין באַשעפ־

1. משנה, סוטה, א, א.
2. תוספתא, יבמות, יג, ג. בבלי, קח, א.
3. ויקרא, פרשת קדושים, יט, כט.
4. תוספתא, קידושין, א.
5. יבמות, סא, ב.

טיקט אין דער שטוב־ווירטשאַפט. יעדנפאַלס איז נישט געווונטשן, אַז זי זאָל נישט זיין באַשעפטיקט און האָבן צופיל פרייע צייט.

אין דער משנה איז אויסגערעכנט, וועלכע אַרבעט אין דער שטוב־ווירטשאַפט עס איז אַלץ די אויפגאַבע פון דער פרוי, למשל: מאָלן מעהל, באַקן, קאָכן, קאָרמען די קינדער, וואַשן, שטריקן, וכדומה.

האָט זי אָבער, פון איר עלטערנס הויז, מיטגעבראַכט מיט זיך אַ דינסט — איז זי באַפרייט פון אַ טייל אַרבעטן. צוויי דינסטן — איז זי באַפרייט פון אַ גרעסערן טייל. אַזוי אויך דריי דינסטן. האָט זי מיטגעבראַכט פיר דינסטן — דאַרפט זי שוין גאָרנישט צו טוען.

זאָגט רבי אליעזר: ניין, אַפילו זי האָט מיטגעבראַכט הונדערט דינסטן — זאָל זי, מינדעסטנס, זיין פאַרנומען מיט שטריקן וואָל, ווייל דאָס מין ליידיק־גיין ברענגט נישט מיט זיך קיין גוטס[1].

*

רבי אליעזר בן הורקנוס איז זער נישט צופרידן, אַז פרויען זאָלן לערנען תורה:

רבי אליעזר אומר: כל המלמד את בתו תורה, כאלו מלמדה תפלות[2].

עס ווערט דערציילט, אַז אַ באַקאַנטע מאַטראָנע האָט אַמאָל געפרעגט רבי אליעזר'ן עפּעס אַ קשיא אין דער תורה, האָט ער איר געזאָגט, פּראָסט פשוט, אַז דאָס איז נישט קיין ענין פאַר פרויען: אין חכמתה של אשה אלא בפילכה, די חכמה פון דער פרוי איז אין שפינדל. אַזוי ווי זי איז געווען, זעט זיך אויס, באַהאַוונט אין דער תורה, האָט ער אויף אַ שאַרפזיניקן אופן איר געבראַכט אַן אַנטשפּרעכנדיקן פּסוק אין דער תורה: וכל אשה חכמת לב בידיה טוו[3].

נאָכדעם ווי זי איז שוין געהאַט אַוועקגעגאַנגען, האָבן די תלמידים געפרעגט רבי אליעזר'ן: רבי, לזו דחית, לנו מה אתה משיב?, רבי, זי האָסטו אַוועקגעשיקט, אָבער אונז, וואָס וועסטו דאַרויף ענטפערן? האָט רבי אליעזר זיי געוויזן, אַז די קשיא איז קיין קשיא נישט[4].

*

1. משנה, כתובות ה, ה.
2. משנה, סוטה, ג, ד.
3. שמות, פרשת ויקהל, לה, כה.
4. ירושלמי, סוטה, ג, ד. יומא, סו, ב. מדרש רבה, במדבר, נשא, ט, נד.

רבי יהושע בן חנניה האָט לגמרי נישט קיין געהויבענע מיינונג וועגן פרויען:

רבי יהושע אומר: רוצה אשה בקב ותפלות מתשעה קבים ופרישות.

בכלל זענען די תנאים נישט געווען דערפאַר, אַז פרויען זאָלן לערנען תורה, אויסער רבי שמעון בן עזאי, וואָס האַלט:

חיב אָדם ללמד את בתו תורה [1].

מען איז יאָ מחויב צו לערנען די טאָכטער תורה.

זאָל דאָ ווערן צוגעגעבן, אַז אַזוי ווי בן עזאי האָט נישט חתונה געהאַט [2], איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז זיין מיינונג וועגן פרויען האָט גע־קאָנט זיין אַן אַנדערע ווי אַלע יענע חכמים, וואָס האָבן יאָ געהאַט די מעגלעכקייט צו האָבן אַן אייגענע דערפאַרונג. גאַנץ באַזונדער טאָקע רבי אליעזר בן הורקנוס, וואָס זיין ווייב, אימא שלום, איז געווען, אי אַ מלומדת, אי אַ מיוחסת; די טאָכטער פון לעצטן נשיא פאַרן חורבן, רבן שמעון בן גמליאל און ממילא די שוועסטער פון רבן גמליאל דיבנה [3].

*

אַז עס זאָל נאָרמאַל פונקציאָנירן אַ ריכטיק פאַמיליען־לעבן, וואָס איז דער יסוד, דער באַזיס, פון אַ נאָרמאַל און געזונט פאָלק, מוזן זיין ווי געהעריק פאַרטיילט די פליכטן און די אויפגאַבן פון מאַן און פרוי.

די פרוי האָט גאַנץ גענוג אויפגאַבן צו פאַרזאָרגן די שטוב, די היים, די פאַמיליע און טאָקע די פליכט צו האָבן קינדער, וואָס שטאַרקער ווי ביי אַנדערע חכמים, קומט דאָס צום אויסדרוק ביי רבי אליעזר בן הורקנוס:

רבי אליעזר אומר: כל מי שאינו עוסק בפריה ורביה,

1. משנה, סוטה, ג, ד.
2. יבמות, סג, ב.
3. בבא מציעא, נט, ב.

כאילו שופך דמים, שנאמר[1]: „שופך דם האָדם באָדם, דמו ישפך", וכתיב בתריה: „ואתם פרו ורבו"[2].

*

עס איז כדאי נאָך צו ברענגען די פלוגתא: ווי לאַנג מעג אַ קינד זייגן ביי דער מוטער. רבי אליעזר האַלט, אַז דער מאַקסימום איז ביז צוויי יאָר. רבי יהושע האַלט, אַז אַפילו ביז פינף יאָר:

תינוק יונק והולך עשרים וארבע חודש, מכאן ואילך — כיונק שקץ, דברי רבי אליעזר; ורבי יהושע אומר: יונק תינוק והולך, אפילו בן חמש שנים[3].

*

אַם ענדע וועגן פייערן די ימים טובים צוזאַמען מיט דער פאַמיליע:

ומעשה ברבי אילעאי שהלך אצל רבי אליעזר ללוד. אָמר לו: מה זה אילעאי, אי אתה משובתי הרגל?! ולא אָמרו: אין שבחו של אָדם להניח ביתו ברגל?! שנאמר[4]: „וש-מחת אתה וביתך"[5].

רבי אילעאי, דער תלמיד פון רבי אליעזר בן הורקנוס, איז אַמאָל געקומען צום רבי'ן, קיין לוד, אויף יום טוב — האָט ער אים שטאַרק אויסגערעדט, אַז עס איז זער נישט ריכטיק, אַז מען זאָל אויף יום טוב פאַרלאָזן די אייגענע היים. ער האָט אים אויך דערמאָנט דעם פסוק אין דער תורה, אַז יום טוב דאַרפט מען זיך פרייען מיט דער אייגענער פאַמיליע.

1. בראשית, פרשת נח, ט, ו.
2. יבמות, סג, ב.
3. תוספתא, נדה, ב. ירושלמי, כתובות, ה, ו; נדה, א, ד.
4. דברים, פרשת ראה, יד, כו.
5. תוספתא, סוכה, ב; ירושלמי, ב; בבלי, כז, ב.

דוד מלכי

# סימבאָלן און רעאַליטעטן

הזאב והארי והדוב והנמר והברדלס והנחש — מיתתן בעשרים ושלשה. רבי אליעזר אומר: כל הקודם להרגן — זכה[1].

אין דער משנה ווערט אויסגערעכנט די צאָל ריכטער ביי פאַרשי־דענע פּראָצעסן. למשל, ביי געלט־ענינים איז געגוג אַ קאָלעגיום פון דריי ריכטער. ביי וויכטיקערע פּראָצעסן, ווי למשל, ביי פאַרברעכנס, וואָס דראָען מיט טויט־שטראָף, מוז זיין אַ קאָלעגיום פון דריי און צוואַנ־ציק ריכטער.

איז די פראַגע, וויפיל ריכטער דאַרפן זיין, ווען עס האַנדלט זיך ביים אומברענגען אַ באַשעפעניש, אַ חיה, וואָס האָט, למשל, געה׳רג׳עט אַ מענטש און מען דאַרפט זי אומברענגען.

האַלטן די אַנדערע יידישע חכמים, אַז מען דאַרפט דערצו אַ קאָ־לעגיום פון דריי און צוואַנציק ריכטער, דאָס זיי זאָלן אַרויסגעבן דעם דאָזיקן אורטייל. דאַגעגן אָבער רבי אליעזר בן הורקנוס האַלט, אַז מען דאַרפט אינגאַנצן נישט דערצו קיין שום געריכט, נאָר יעדערער ווער עס קאָן, זאָל זי אומברענגען וואָס פריער, ווייל זי באַדראָט מענטשלעכע לעבנס.

*

אויך די דאָזיקע פלוגתא איז אַן אַקטועלער פּראָבלעם עד היום הזה:

עס זענען שטענדיק פאַרהאַנדן אידעלע מענטשן, וואָס באַציען זיך מיט רחמנות צו אַלע באַשעפענישן אויף דער וועלט. ווי עס איז אַלע באַוווּסט, זענען פאַראַנדן פיל אַזעלכע חברות און געזעלשאַפטן, וואָס זייערע אויפגאַבע איז צו אַגיטירן געגן צער בעלי חיים און קעמפן געגן אַלע מיני עוולות אויף דעם דאָזיקן געביט. מען קאָן אויך, אין אַ געוויסן זין, צורעכענען צו זיי די אַלע אַרט אַזוי גערופענע וועגע־טאַריאַנער.

לעולם איז דאָס אַ גאַנץ שיינע אידעע, וואָס פרומע יידן דערמאָנען

1. משנה, סנהדרין, א, א.

דאָס דריי מאָל אין טאָג, אין "אַשרי": ורחמיו על כל מעשיו. איז פשוט אָנצונעמען, דאָס אויב מען האָט רחמנות אויף אַלע אַנדערע באַשע־פענישן, טאָ האָט מען דאָך אַוודאַי און אַוודאַי רחמנות אויף מענטשן.

נאָר וואָס דען? די דערפאַרונג שטימט עפּעס נישט מיט דעם דאָזיקן קל־וחומר. אין דער צייט פון אַ מלחמה, למשל, זעט מען עפּעס נישט, אַז די דאָזיקע אַלע חברות געגן צער בעלי חיים און געגן אומ־ברענגען בהמות, חיות און אַנדערע באַשעפענישן, זאָלן עפּעס פּראָבירן צו טוען געגן בלוט־פאַרגיסונג, ווען עס האַנדלט זיך וועגן מענטשלעך בלוט. פּונקט אַזוי האָט מען נישט געהערט, אַז די דאָזיקע אַזוי פיל באַרמהאַרציקע חברות זאָלן האָבן עפּעס פּראָבירט צו ווירקן געגן דער שווידערלעכסטער שאַנדע פון דער מענטשהייט, געגן אוישוויץ, מיידאַנעק און טרעבלינקע.

*

לאָמיר צוריקגיין צו דער אויבן־דערמאַנטער משנה:

עס איז פאַרשטענדלעך די מיינונג פון יענע אַנדערע יידישע חכמים, אַז ביים אומברענגען אפילו אַ חיה, דאַרפט זיין אַ קאָלעגיום פון דריי און צוואַנציק ריכטער, וואָס דערמיט מיינען זיי אונטערצושטרייכן דעם ווערט פון אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן.

אָבער רבי אליעזר בן הורקנוס, אַזוי ווי בית שמאי בכלל, רעכנט זיך ווייניקער מיט סימבאָלן, נאָר דער עיקר איז ביי אים די רעאַליטעט, די ווירקלעכקייט. האַלט רבי אליעזר: צו וואָס דאַרפט מען קלערן וועגן דעם ווערט פון אַנדערע באַשעפענישן, ווען עס באַדראָט דירעקט מענטש־לעכע לעבנס. דריקט ער זיך אויס, ווי זיין שטייגער איז, גאַנץ קאַטע־גאָריש:

כל הקודם להרגן — זכה.

* * *

דער כהן גדול און אַ נזיר — ווער איז וויכטיקער?

וואָס הייסט, ווער איז וויכטיקער?! וואָס פאַר אַ פאַרגלייך איז דאָס?! ווי קאָן מען פאַרגלייכן דעם כהן גדול, דעם אָפיציעלן העכסטן פאָרשטייער פון אַלע כהנים, דעם סימבאָל פון דער ממלכת כהנים — מיט עפּעס אַ נזיר, וואָס יעדערער פּראָסטער ייד, אַפילו דער פּחות שבפּחותים, זאָל ער נאָר וועלן, קאָן ער זיין אַ נזיר?!

טאָ זאָל מען לערנען די משנה:

היו מהלכין בדרך ומצאו מת מצוה — רבי אליעזר אומר: יטמא כהן גדול, ואל יטמא נזיר. וחכמים אומרים: יטמא נזיר ואל יטמא כהן גדול[1].

אַ כהן גדול און אַ נזיר זענען געגאַנגען אין וועג און האָבן געפונען אַ מת־מצוה, אַ פאַרלאָזענער מת, וואָס האָט נישט קיין קרובים, טאָ ווער פון זיי זאָל זיך מיט אים פאַרנעמען? עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס דאַרפט טוען דער, וואָס באַזיצט אַ קנאַפּערע קדושה.

זאָגט רבי אליעזר, אַז דער כהן גדול זאָל ליבערשט זיך מטמא זיין איידער דער נזיר. אָבער די חכמים זאָגן פאַרקערט.

די מיינונג פון די חכמים איז דאָך גאַנץ פאַרשטענדלעך, אָבער רבי אליעזר?!

נאָר דער אמת איז, אַז אויך דאָ איז רבי אליעזר געבליבן קאָנסע־קווענט צו זיין אייגנטלעכער שיטה:

דער כהן גדול איז טאַקע דער אָפיציעלער פאַרשטייער פון די כהנים, אָבער דער נזיר האָט דאָך געווילנטליק גענומען אויף זיך די דאָזיקע קדושה, איז ביי רבי אליעזר בן הורקנוס דער דאָזיקער, אַפילו פּשוט׳ער, רעליגיעזער מענטש וויכטיקער ווי דער אָפיציעלער פאַר־שטייער, וואָס סימבאָליזירט די כהונה.

* * *

זאָל דאָ ווערן געברענגט אַן עפּיזאָד, וואָס ווייזט, אַז רבי אליעזר בן הורקנוס אַליין האָט פונדעסטוועגן זיך אויסגעצייכנט מיט דיסציפּלין לגבי דעם אָפיציעלן נשיא, אַפילו לגבי זיין אייגענעם שוואָגער, רבן גמליאל; הגם עס זענען זער אָפט פאָרגעקומען צווישן זיי גאָר ערנסטע חילוקי דעות, אַזעלכע פאַרשידענע פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשידנקייטן.

דער דאָזיקער עפּיזאָד איז גלאַט אינטערעסאַנט אויך מיט דער גע־מיטלעכער אונטערהאַלטונג אויף אַ שמחה ביים נשיא:

מעשה ברבי אליעזר ורבי יהושע ורבי צדוק שהיו מסובין בבית המשתה בנו של רבן גמליאל. והיה רבן גמליאל

1. משנה, נזיר, ז, א.

עומד ומשקה עליהם. נתן הכוס לרבי אליעזר, ולא נטלו. נתנו לרבי יהושע, וקבלו. אָמר לו רבי אליעזר: מה זה יהושע, אנו יושבים ורבן גמליאל עומד ומשקה עלינו?! אָמר ליה: מצינו גדול ממנו ששמש: אברהם גדול הדור היה וכתוב בו: „והוא עומד עליהם"[1], ושמא תאמרו: כמלאכי השרת נדמו לו? לא נדמו לו אלא לערביים — ואָנו לא יהא רבן גמליאל ברבי עומד ומשקה עלינו?! אָמר להם רבי צדוק: עד מתי אתם מניחים כבודו של מקום ואתם עוסקים בכבוד הבריות?! הקדוש ברוך הוא משיב רוחות ומעלה נשיאים ומוריד מטר ומצמיח אדמה ועורך שולחן לפני כל אחד ואחד, ואָנו לא יהא רבן גמליאל ברבי עומד ומשקה עלינו?![2].

רבי אליעזר, רבי יהושע און רבי צדוק זענען געווען אויף אַ סעודה ביי רבן גמליאל אויף אַ שמחה ביי זיין זון. שטייט אַזוי רבן גמליאל, באַדינענדיק די געסט, און גלאַנגט רבי אליעזר'ן אַ בעכער וויין. לאָזט זיך נישט רבי אליעזר באַדינען דורך רבן גמליאל'ן. גלאַנגט ער דעם בעכער רבי יהושע'ן, לאָזט ער זיך יאָ באַדינען.

פרעגט אים רבי אליעזר: וואָס איז דאָס, יהושע, מיר זיצן און רבן גמליאל זאָל שטיין אונז באַדינען?!

ענטפערט רבי יהושע: מען געפינט אַ גרעסערן פון אים, וואָס האָט באַדינט: אַברהם אָבינו איז דאָך געווען דער גדול הדור, פונדעסט־וועגן האָט ער באַדינט די מלאכים. וועסטו אפשר זאָגן: מילא, מלאכים! אָבער ער האָט דאָך געמיינט, אַז זיי זענען געווענלעכע אַראַבער.

זאָגט זיי רבי צדוק: וואָס דאַרפט איר ברענגען אַ ראיה פון מענטשן, פאַרוואָס נישט פון רבונו של עולם אַליין?!: בלאָזט ווינטן, דערהייבט וואָלקנס, נידערט אַראָפּ רעגנס, מאַכט בליען די ערד און גרייט דעם טיש פאַר אַלע — טאָ זאָל נישט רבן גמליאל אונז באַדינען?!

* * *

נאָך אַ מאמר, וואָס איז זער כאַראַקטעריסטיש פאַר רבי אליעזר בן הורקנוס:

1. בראשית, פרשת וירא, יח, ח.
2. קדושין, לב, ב. מכילתא דר"י, הוצאת האָראָוויטץ, זייט 195. מכילתא דרשב"י, יתרו, יח, יב. ספרי, דברים, עקב, יא, י.

ועוד היה רבי אליעזר אומר: גדולה היא מלאכה, שכשם שנצטוו ישראל על השבת, כך נצטוו על המלאכה, שנאמר[1]: ששת ימים תעבוד ועשית כל מלאכתך. ויום השביעי שבת לה׳ אלהיך[2].

און נאָך האָט געזאָגט רבי אליעזר בן הורקנוס:

גרויס, וויכטיק, איז אַרבעט! וואָרום, אַזוי ווי די יידן זענען געוואָרן באַפוילן וועגן שבת, אַזוי זענען זיי אויך געוואָרן באַפוילן וועגן אַרבעט. ווי עס איז געזאָגט אין דער תורה: זעקס טאָג זאָלסטו אַרבעטן און טוען דיין מלאכה. אָבער דער זיבעטער טאָג איז שבת צו גאָט.

זעט מען, אַז ביי רבי אליעזר בן הורקנוס איז דאָס איין גאַנצעס: זעקס טאָג אַרבעטן און אין דעם זיבענטן טאָג רוען.

## רבן יוחנן בן זכאי און רבי אליעזר בן הורקנוס

עס איז אַלע באַקאַנט די משנה אין אבות וועגן די פינף תלמידים פון רבן יוחנן בן זכאי, וועגן זייערע מעלות, וואָס ער האָט זיי גערימט און אַז רבי אליעזר בן הורקנוס איז וויכטיקער פון זיי אַלע[3].

איז אָבער זייער אויפפאַלנדיק, דאָס רבי אליעזר בן הורקנוס, וואָס איז זער שטרענג מקפיד ביים אָפּהיטן דעם כבוד פון אַ רבי, אַ לערער[4], זאָל כמעט קיינמאָל נישט דערמאַנען זיין רבי׳ן, רבן יוחנן בן זכאי און נישט נאָכזאָגן קיין תורה אין זיין נאָמען[5].

מען דאַרפט דערביי אויך געדענקען, ווי רבי אליעזר בן הורקנוס ווערט גערימט דערמיט, וואָס ער האָט געלערנט זער פיל תורה און דער־פון גאָרנישט פאַרגעסן — טאָ זאָל אים קיינמאָל נישט אויסקומען צו דערמאַנען עפּעס אַ תורה פון זיין אַזוי גרויסן רבי׳ן, רבן יוחנן בן זכאי?!

---

1. שמות, פרשת יתרו, כ, ט.
2. אבות דרבי נתן, נו״ב, כא.
3. משנה אָבות, פרק ב.
4. ספרא, פרשת שמיני, י, א. ירושלמי, גיטין, א, ב. ברכות, כז, ב. עירובין, סג, א.
5. איין מאָל האָט רבי אליעזר בן הורקנוס יאָ דערמאנט ביי אַ הלכה, אַז ער האָט דאָס איבערגענומען פון רבן יוחנן בן זכאי. ער האָט דאָס אָבער געטוען, כדי צו באַרואיקן די איבעריקע חכמי יבנה, אַז זייער באַשלוס איז אַ ריכטיקער און שטימט מיט דער מיינונג פון רבן יוחנן בן זכאי (תוספתא, ידים, ב). זע ווייטער אויף זייט 293.

עס איז אויך אינטערעסאַנט דאָס ווען רבי אליעזר בן הורקנוס מאַכט דעם לעצטן חשבון און רעדט וועגן די תורה, וואָס ער האָט געלערנט — רעדט ער וועגן זיינע לערער סתם און בלשון רבים, אין דער מערצאָל: רבותי, מיינע לערער [1].

איז פאַרהאַנדן אַן השערה, אַזאַ היפּאָטעזע, וואָס האָט טאַקע נישט קיין באַשטעטיקונג, אבל למיחש מיבעי, נאָכדענקען דאַרפט מען און זיך פאַרטיפן אין דעם דאָזיקן ענין:

צי האָט נישט רבי אליעזר בן הורקנוס, נאָך חורבן ירושלים, זיך דערווייטערט פון זיין רבי׳ן, רבן יוחנן בן זכאי?

*

ווען עס וואָלט טאַקע געווען אַ גרונד אָנצונעמען די דאָזיקע השערה, וואָלט געווען לייכטער צו פאַרשטיין, פאַרוואָס ווערט רבי אליעזר בן הורקנוס דערמאָנט פריער ווי רבן יוחנן בן זכאי אין דעם פאָלגנדיקן מאמר:

תנו רבנן: „צדק, צדק תרדוף" [2] — הלוך אחר בית דין יפה: אחר רבי אליעזר ללוד, אחר רבן יוחנן בן זכאי לברור חיל [3].

אויף דעם פסוק אין דער תורה: "נאָך גערעכטיקייט, נאָך גערעכ־טיקייט, זאָלסטו זיך יאָגן!" — זאָגן די חכמים: דו זאָלסט זיך ווענדן צו אַ שיינעם בית דין: צו רבי אליעזר קיין לוד, צו רבן יוחנן בן זכאי קיין ברור חיל.

זאָל דאָס זיין נאָר אַ צופאַל אָדער אַ טעות, וואָס רבי אליעזר בן הורקנוס ווערט דערמאָנט פריער ווי זיין רבי, רבן יוחנן בן זכאי?

איז אָבער זער מערקווירדיק, דאָס אויף דעם זעלבן עמוד אין דער גמרא, ווערט נאָך אַ מאָל געברענגגט דער דאָזיקער מאמר, נאָר מער אויספּירלעך, און אויך דאָרטן ווערט ווידער דערמאָנט רבי אליעזר בן הורקנוס פריער, ווי רבן יוחנן בן זכאי:

תנו רבנן: „צדק, צדק תרדוף" — הלך אחר חכמים לישיבה: אחר רבי אליעזר ללוד, אחר רבן יוחנן בן זכאי לברור חיל, אחר רבי יהושע לפקיעין, אחר רבן גמליאל

1. סנהדרין, סח, א.
2. דברים, פרשת שופטים, טז, כ.
3. סנהדרין, לב, ב.

ליבנה, אחר רבי עקיבא לבני ברק, אחר רבי מתיא לרומי, אחר רבי חנניה בן תרדיון לסיכני, אחר רבי יוסי לציפורי, אחר רבי יהודה בן בתירה לנציבין, אחר רבי חנניה בן אחי רבי יהושע לגולה, אחר רבי לבית שערים.

"צדק, צדק תרדוף" — דו זאָלסט זיך ווענדן צו די חכמים לערנען ביי זיי: צו רבי אליעזר קיין לוד, צו רבן יוחנן בן זכאי קיין ברור חיל, צו רבי יהושע קיין פקיעין, צו רבן גמליאל קיין יבנה, צו רבי עקיבא קיין בני ברק און אַזוי ווייטער.

*

עס איז אויך פאַרהאַנדן אַ מאמר אין אַ מדרש, וואָס איז אינגאַנצן אומפאַרשטענדלעך און האָט גאָרנישט קיין שום זין, אויב מען זאָל נישט נעמען אין באַטראַכט די דאָ אויבן־דערמאַנטע השערה:

„כולם אחוזי חרב מלומדי מלחמה"[1] — ביום שישב רבי אליעזר בן הורקנוס, שבו ביום שמו „איש חרבו על ירחו מפחד בלילות", שהיו מעבירין פורענות מישראל[2].

אויף דעם פסוק אין שיר השירים: "אַלע האַלטן די שווערד און זענען געניט אין מלחמה" — ווערט געזאָגט אין מדרש, אַז דאָס מיינט מען, ווען מען האָט איינגענומען[3] רבי אליעזר בן הורקנוס, וואָס אין יענעם טאָג האָט אויך פּאַסירט דאָס וואָס עס איז געזאָגט אין אַנדערן האַלבן פסוק: "יעדערער האָט די שווערד אין דער זייט, פאַר דער מורא פון דער נאַכט", וואָס זיי האָבן באַקעמפט די צרות אויף יידן.

*

שטעלט זיך אָבער ממילא די פראַגע: טאָ ווי קומט דאָס, אַז רבי אליעזר בן הורקנוס זאָל צוהעלפן רבן יוחנן בן זכאי דאַמאָלט, אין יענער נאַכט, ביים אַרויסקריגן זיך פון באַלאַגערטן ירושלים?!

די דאָזיקע אַגדה — וואָס ווערט, אגב, אינגאַנצן נישט געברענגט

1. שיר השירים, ג, ח.
2. מדרש זוטא, שיר השירים, הוצאת שלמה בובר.
3. ביום שישב, מיינט מען געוועגלעך: ביום שישב בראש.

אין די פריערדיקע קוועלן, נאָר ערשט אין תלמוד בבלי, אָבות דרבי נתן און אין מדרש — וואָלט מען געקאָנט פשוט פאַרענטפערן מיט דער שטאַרקער ליבע און מיט דעם גרויסן כבוד, וואָס רבי אליעזר בן הורקנוס האָט זיך באַצויגן צו זיין גרויסן רבי׳ן, רבן יוחנן בן זכאי.

עס איז גאַנץ נאַטירלעך, דאָס ביי זיין, עווענטועלער, גאַנצער געג־נערשאַפט צו דער איינשטעלונג פון רבן יוחנן בן זכאי, זאָל רבי אליעזר בן הורקנוס דאָך זיך נישט אָפּזאָגן צו העלפן דעם רבי׳ן אין דער נויט און אים נישט באַגלייטן אין אַזאַ געפערלעכן וועג.

אויב אַזוי וואָלט מען געדאַרפט אָננעמען, אַז רבי אליעזר בן הורקנוס און, עווענטועל, אויך רבי אלעזר בן ערך [1], זענען נישט אַריינגערעכנט צווישן די פינף תלמידים, וואָס זענען געווען מיט רבן יוחנן בן זכאי אין ברור חיל און ערשט נאָך זיין פטירה געגאַנגען קיין יבנה, ווי עס ווערט געזאָגט אין מדרש, וואָס איז אויבן געוואָרן געברענגט [2].

## דער קאָנפליקט

די חילוקי דעות און די פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשידנהייטן צווישן רבי אליעזר בן הורקנוס מיט דער מערהייט פון די חכמי יבנה זענען געוואָרן אַלץ שאַרפער און מער אָנגעשטרענגט.

אַלע, אַפילו די שאַרפסטע געגנער, האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, ווי געהעריק אָפּצושאַצן דעם דאָזיקן גרויסן אויטאָריטעט אין דער תורה, זיין ערלעכע נאַטור און שטאַרקע מאָראַלישע קראַפט, דער אויסדרוק פון אמת און גערעכטיקייט.

וואָלט, אייגנטלעך, רבי אליעזר בן הורקנוס, דער געטרייער נאָכ־פאָלגער פון די בית שמאי, געדאַרפט זיין דער נאַטירלעכער געגן־געוויכט געגן די אַנדערע חכמי יבנה, די אויספירער פון דער שיטה פון די בית הילל.

איז אָבער רבי אליעזר בן הורקנוס אַ צו גרויסע פערזענלעכקייט, אַ צו שטאַרקע נאַטור און שטענדיק אויסגעהאַלטן, אַז עס זאָל קאָנען ווערן געשאַפן דער געהעריקער גלייכגעוויכט און די ריכטיקע האַרמאָניע צווישן די חכמי יבנה.

1. זע אויבן אויף זייט 211.
2. אויף זייט 198.

עס איז כאַראַקטעריסטיש די פּאָלגנדיקע פלוגתא צווישן די חכמי יבנה:

תנו רבנן. כל שירות ותשבחות שאמר דוד בספר תהלים — רבי אליעזר אומר: כנגד עצמו אמרן. רבי יהושע אומר: כנגד צבור אמרן. וחכמים אומרים: יש מהן כנגד צבור ויש מהן כנגד עצמו: האמורות בלשון יחיד — כנגד עצמו, האמורות בלשון רבים — כנגד צבור[1].

רבי אליעזר האַלט, אַז די אַלע שירות ותשבחות, די אַלע לידער און לויב־געזאַנגען, אין ספר תהלים, האָט דער משורר געמיינט לגבי זיך, דאָס הייסט: פון זיין אייגענעם שטאַנדפונקט.

רבי יהושע האַלט, אַז דאָס האָט ער געזאָגט לגבי דעם גאַנצן צבור.

די אַנדערע חכמים האַלטן, אַז עס זענען פאַרהאַנדןביידע אַרטן: דאָס וואָס איז איבערגעגעבן בלשון יחיד, אין איינצאָל — איז עס לגבי דעם משורר אַליין; וואָס עס איז איבערגעגעבן בלשון רבים, אין דער מערצאָל — איז עס לגבי דעם גאַנצן ציבור.

*

מען זאָל נישט האָבן קיין טעות צו מיינען, אַז רבי אליעזר בן הורקנוס זאָל האָבן געהאַט וועלכע עס איז אינדיווידועלע אָפּנייגונגען.

עס איז שוין דאָ מערערע מאָל געוואָרן אונטערגעשטראָכן, דאָס רבי אליעזר בן הורקנוס איז דער קאָנסערוואַטיווסטער צווישן די חכמי יבנה. ער האַלט זיך שטרענג אין דער ריינער אָריגינעלער מסורה, אין דער אייגנטלעכער אַלטער יידישער טראַדיציע. דערביי איז ער אָבער די גרויסע פערזענלעכקייט און צייכנט זיך באַזונדער אויס מיט זיינע שאַרפע פערזענלעכע אייגנשאַפטן, מיט זיין שטאַרקן כאַראַקטער און מיט זיין קאָנסעקווענט אויסגעהאַלטנקייט.

האָט רבי אליעזר בן הורקנוס, זעט זיך אויס, גאָר וועניק זיך גע־רעכנט מיט דער מיינונג פון די אַנדערע חכמים. איז ער, גאַנץ באַזונדער צוליב זיין גרויסן אויטאָריטעט, געוואָרן וואָס מער אַן ערנסטע שטערונג פאַר דער נויטווענדיקער אַנטוויקלונג פון יבנה, וואָס די נייע אומשטענדן האָבן אויפגעצוווּנגען אויף דער דאָזיקער גייסטיקער אָנפירונג פון פאָלק, לויט דער איבערצייגונג פון די אַנדערע חכמי יבנה.

1. פסחים, קיז, א.

**צוליב די גרויסע מאָראַלישע קראַפט און זיין אומגעהויערן איינפלוס, האָבן די חכמי יבנה נישט געפונען קיין אַנדערן אויסוועג, ווי דערווייטערן דעם דאָזיקן גרויסן רבי אליעזר בן הורקנוס פון דער אָנפירונג אין יבנה און אים אַפילו אינגאַנצן נישט צולאָזן צו נעמען וועלכן עס איז אָנטייל אין די דיסקוסיעס אין יבנה.**

**ווי אַזוי איז פאָרגעקומען די דאָזיקע דערווייטערונג, דער אַזוי גע־רופענער חרם אויף רבי אליעזר בן הורקנוס?**

**לאָמיר זעען, ווי אַזוי דאָס ווערט איבערגעגעבן טאַקע דורך זיינע געגנער, דורך די אייגנטלעכע אויספירער פון דעם דאָזיקן אַזוי גערו־פענעם חרם:**

## דער אַזוי־גערופענער חרם

באותו היום השיב רבי אליעזר כל תשובות שבעולם ולא קבלו הימנו. אָמר להם: אם הלכה כמותי, חרוב זה יוכיח! נעקר חרוב ממקומו מאָה אַמה, ואָמרי לה: אַרבע מאות אַמה. אָמרו לו: אין מביאין ראיה מן החרוב! חזר ואָמר להם: אם הלכה כמותי, אַמת המים יוכיחו! חזרו אַמת המים לאחוריהם. אָמרו לו: אין מביאין ראיה מאַמת המים! חזר ואָמר להם: אם הלכה כמותי, כותלי בית המדרש יוכיחו! הטו כותלי בית המדרש ליפול. גער בהם רבי יהושע, אָמר להם: אם תלמידי חכמים מנצחים זה את זה בהלכה, אתם מה טיבכם?! לא נפלו — מפני כבודו של רבי יהושע, ולא זקפו — מפני כבודו של רבי אליעזר; ועדיין מטין ועומדים. חזר ואָמר להם: אם הלכה כמותי, מן השמים יוכיחו! יצתה בת־קול ואָמרה: מה לכם אצל רבי אליעזר, שהלכה כמותו בכל מקום! עמד רבי יהושע על רגליו ואָמר: „לא בשמים היא"[1], (מה „לא בשמים היא"? — אָמר רבי ירמיה: שכבר נתנה תורה מהר סיני) אין אָנו משגיחין בבת־קול, שכבר כתבת בתורה, בהר סיני: „אַחרי רבים להטות"[2].

---

1. **דברים, פרשת נצבים, ל, יב.**
2. **שמות, פרשת משפטים, כג, ב.**

אָמרו: אותו היום הביאו כל טהרות שטיהר רבי אליעזר, ושרפום באש. ונמנו עליו וברכוהו. ואָמרו: מי ילך ויודיעו? אָמר להם רבי עקיבא: אני אלך, שמא ילך אָדם שאינו הגון ויודיעו ונמצא מחריב את כל העולם כולו.

מה עשה רבי עקיבא? לבש שחורים ונתעטף שחורים וישב לפניו ברחוק ארבע אמות. אָמר לו רבי אליעזר: עקיבא, מה יום מיומים?! אָמר לו: רבי, כמדומה לי, שחברים בדלים ממך!

אף הוא, קרע בגדיו, וחלץ מנעליו, ונשמט וישב על גבי קרקע. זלגו עיניו דמעות.

תניא: אך גדול היה באותו יום, שבכל מקום שנתן בו עיניו רבי אליעזר — נשרף[1].

אין יענעם טאָג האָט רבי אליעזר בן הורקנוס געברענגט אַלע אַרט אַרגומענטן, אָבער די חכמים האָבן זיי נישט אָנגענומען.

זאָגט רבי אליעזר: זאָל דער דאָ באָקסן־בוים באַווייזן, אַז איך האָב רעכט! איז דער בוים געוואָרן אַרויסגעריסן אויף הונדערט, אָדער גאָר אויף פיר הונדערט, איילן. זאָגן אים די חכמים: מען ברענגט נישט קיין ראיה פון קיין בוים!

זאָגט ווידער רבי אליעזר: זאָל דאָס וואַסערל, וואָס גייט דאָ אַדורך, באַווייזן, אַז איך האָב רעכט! איז דאָס וואַסער געגאַנגען אויף צוריק. זאָגן אים די חכמים: מען ברענגט נישט קיין ראיה פון קיין וואַסער!

זאָגט ווייטער רבי אליעזר: זאָלן די ווענט פון בית המדרש באַווייזן, אַז איך האָב רעכט! האָבן די ווענט זיך אָנגעהויבן איינצובייגן, אומצוּ־צופאַלן, האָט זיי רבי יהושע אָנגעשריגן: אַז די תלמידי חכמים שפּאַרן זיך אין הלכה, טאָ וואָס מישט איר זיך דאָ אַריין?!

זענען די ווענט נישט איינגעפאַלן צוליב רבי יהושע׳ס כבוד, זיי האָבן זיך אָבער אויך נישט צוריק גלייכגעשטעלט צוליב רבי אליעזר׳ס כבוד. שטייען זיי אַזוי איינגעבויגן.

זאָגט רבי אליעזר: אויב איך האָב רעכט, זאָל דאָס ווערן באַוויזן פון הימל! איז אַרויס אַ בת־קול, וואָס ווילט איר פון רבי אליעזר׳ן, ער איז שטענדיק גערעכט!

1. בבא מציעא, נט, ב. ירושלמי, מועד קטן, ג, א.

האָט רבי יהושע זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט: די תורה איז נישט אין הימל, זי איז אונז געגעבן געוואָרן פון באַרג סיני, רעכענען מיר זיך נישט מיט קיין בת־קול, נאָר ווי עס איז געשריבן אין דער תורה: אַחרי רבים להטות, נאָר די מערהייט דעצידירט!

ווערט דערציילט, אַז אין יענעם טאָג האָט מען געברענגט אַלץ, וואָס רבי אליעזר האָט געהאַט מטהר געווען, און דאָס אַלץ פאַרברענט, און נאָך אַן אָפּשטימונג איז געוואָרן באַשלאָסן אים צו דערווייטערן.

שטעלט זיך די פראַגע: ווער זאָל דאָס מודיע זיין רבי אליעזר׳ן?

רופט זיך אָן רבי עקיבא: איך וועל דאָס טוען, איך האָב מורא, אַז אַן אַנדערער וועט נישט זיין גענוג פאָרזיכטיק, קאָן די וועלט חרוב ווערן, דאָס הייסט: עס קאָן נאָך פאַרשאָטן רבי אליעזר׳ן.

האָט רבי עקיבא זיך אָנגעטוען אין שוואַרצן און זיך איינגעהילט אין שוואַרצן און זיך געזעצט אָפּגערוקט פיר איילן פון רבי אליעזר׳ן.

פרעגט אים רבי אליעזר: עקיבא, וואָס איז דאָס?!

זאָגט אים רבי עקיבא: רבי, עס דאַכט זיך מיר, אַז די חברים זענען אָפּגעזונדערט פון דיר.

האָט רבי אליעזר געריסן זיך די קליידער, אויסגעטוען די שיך, זיך אַראָפּגערוקט זיצן אויף דער ערד און טרערן האָבן גערינען פון די אויגן.

ווערט ווייטער איבערגעגעבן, דאָס עס איז געווען אַ גרויסער בראָך אין יענעם טאָג און וווּ נאָר רבי אליעזר האָט געוואָרפן זיין בליק — האָט געברענט.

*

מען מוז זיין באַהאַוונט אין דער רייכער, מעכטיקער און בילדלעכער שפּראַך פון תלמוד, אַז מען זאָל ווי געהעריק פילן די פּאָעטישע שיינקייט אין דער שילדערונג פון דעם דאָזיקן פיינלעכן קאָנפליקט צווישן די חכמי יבנה.

פיל מער ווי די פּאָעטישע שיינקייט קומט דאָ צום אויסדרוק די מאָ־ראַלישע, די וווּנדערלעכע מענטשלעכע שיינקייט פון די דאָזיקע חכמי יבנה אַליין.

אייגנטלעך קומען פאָר, נישט גאַנץ זעלטן, אַזעלכע פאַלן, ווי צוליב פאַרשידענע סיבות ווערט עמיצער אויסגעשלאָסן פון אַ קאָלעקטיוו. עס גלויבט זיך אָבער נישט, צו קאָנען געפינען נאָך, אַפילו אַן איין איינציקן ביישפּיל, ווי די אויסשליסער זאָלן זיך געבן אַזוי פיל די מי, כדי קלאָר

אַרויסצוברענגען די גערעכטיקייט, די מאָראַלישע קראַפט און די אַזוי הויכע מענטשלעכע מדרגה פון דעם אויסגעשלאָסענעם פון זייער געזעלשאַפט, אַזוי ווי עס האָבן דאָס דאָ געטוען די חכמי יבנה לגבי זייערן געגנער, רבי אליעזר בן הורקנוס, וואָס זיי האָבן זיך געפילט געצווינגען אים צו דערווייטערן פון יבנה.

אַזוי האָט אויסגעזעען די דערווייטערונג פון רבי אליעזר בן הורקנוס, וואָס ווערט, זער שטאַרק איבערגעטריבן, אָנגערופן: חרם.

*

אין תלמוד בבלי, ווו עס איז איבערגעגעבן די דאָ אויבן־געברענגטע שילדערונג, ווערט איבערגעגעבן אַלס אוממיטלבאַרע סיבה צו דעם דאָזיקן קאָנפליקט אַ גאַנץ אומשולדיקע דורכשניטלעכע פלוגתא וועגן אַ געוויסן סאָרט ערדענעם אויוון, וואָס ווערט באַצייכנט מיט דעם נאָמען: תנור של עכנאי, צי ער האָט דעם דין פון אַן ערדענע כלי וועגן טומאה, צי נישט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז נאָר צוליב אַזאַ מין פלוגתא וואָלט נישט פאָרגעקומען אַזעלכעס, וואָס האָט נישט קיין שום פאַרגלייך אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער תורה שבעל פה.

יעדנפאַלס איז זער אינטערעסאַנט צו באַמערקן, וואָס ווערט דאָרט דערציילט, אַז אותו היום, אין יענעם טאָג, האָט מען געברענגט אַלץ, וואָס רבי אליעזר בן הורקנוס האָט געהאַט מטהר געווען און דאָס אַלץ פאַרברענט. זעט מען אויך דערפון, אַז רבי אליעזר האָט געפלעגט מתיר זיין געגן דער מיינונג פון די אַנדערע חכמי יבנה.

אגב, ווערט אין דער משנה איבערגעגעבן, צוויי מאָל, ווי די חכמים זאָגן אין באַשטימטע הלכות, אַז רבי אליעזר בן הורקנוס האַלט, אַז עס איז אָסור, זאָגט זיי רבי עקיבא:

שתוקו, לא אומר לכם מה שרבי אליעזר אומר בו![1]

שווייגט ליבערשט, וועל איך אייך נישט זאָגן, וואָס רבי אליעזר זאָגט דערביי!

ווי עס זעט אויס, זענען די פלוגתות, מענכעס מאָל, בכוונה געוואָרן איבערגעגעבן פאַרקערט, כדי עס זאָל ווערן אָנגענומען להלכה די מיינונג פון רבי אליעזר. ווערט טאַקי געזאָגט אין ספרי, אַז מען טאָר נישט אַזוי טוען, און מען איז דערביי עובר אויף דעם לאַו: „לא תסיג גבול רעך״.

---

1. משנה, שביעית, ח, ט—י. 2. ירוש׳, מו״ק, ג, א. 3. ספרי, שופטים, יט, יד.

# רבי אליעזר אָפּגעזונדערט פון זיינע חברים

נאָך דעם אַלעם איז רבי אליעזר ווייטער געבליבן — רבי אליעזר און טאַקע: רבי אליעזר הגדול, דער גרויסער רבי אליעזר.
ער איז אָבער שוין נישט געקומען קיין יבנה, נאָר געבליבן אין זיין שטאָט, אין לוד, און דאָרטן ווייטער געפירט זיין ישיבה[1].

*

עס איז פאַרהאַנדן אַ רירנדיקע שילדערונג, ווי רבי אליעזר בן הורקנוס האָט געבענקט קיין יבנה:

אָמר רבי יוסי בן דורמוסקים: אני הייתי עם זקנים הראשונים כשבאין מיבנה ללוד. ובאתי ומצאתי את רבי אליעזר שהיה יושב בחנות של נחתומים בלוד. אָמר: מה החדוש היה לכם בבית המדרש? אָמרתי לו: תלמידיך אָנו ומימיך אנו שותים. אָמר לי: אַף על פי כן, מה חידוש? אָמרתי לו את ההלכות ואת התשובות במנין, וכשהגעתי לזה (עמון ומואָב מעשרין מעשר עני בשביעית), זלגו עיניו דמעות. אָמר: „סוד ה' ליראיו ובריתו להודיעם"[2] ואומר: „כי לא יעשה ה' אלהים דבר, כי אם גלה סודו אל עבדיו הנביאים"[3]. צא אמור להן: אַל תחושו למניניכם, מקובלני מרבן יוחנן בן זכאי שקיבל מן הזוגות, והזוגות מן הנביאים, ונביאים ממשה, הלכה למשה מסיני, שעמון ומואָב מעשרין מעשר עני בשביעית[4].

רבי יוסי בן דורמוסקים דערציילט: איך בין געווען צוזאַמען מיט די ערשטע, וואָס זענען געקומען פון יבנה קיין לוד. האָב איך דאָרטן אויף אַן אָרט געטראָפן רבי אליעזר'ן, האָט ער מיך געפרעגט: וואָס האָט איר אויפגעטוען עפּעס נייעס אין בית המדרש? האָב איך אים

1. ירושלמי, ברכות, ג, א. מועד קטן, כז, א.
2. תהלים, כה, יד.
3. עמוס, ג, ז.
4. תוספתא, ידים, ב, טו.

**געזאָגט: מיר זענען דיינע תלמידים און מיר טרינקען דיין וואַסער! זאָגט רבי אליעזר: דאָך, וואָס האָט איר מחדש געווען? האָב איך אים דערציילט וועגן יענע אַלע הלכות און אָפּשטימונגען. ווען איך בין צוגעקומען צו דעם באַשלוס, אַז אין עמון און אין מואָב (ווו עס האָבן דאַמאָלט געוווינט פיל יידן) איז יאָ נוהג מעשר עני (וואָס איז זער וויכטיק פאַר די אָרעמע־לייט), איז רבי אליעזר געווען אַזוי גערירט, אַז טרערן זענען אים גערינען פון די אויגן און האָט אויסגערופן דעם פסוק אין תהלים:** סוד ה׳ ליראיו **און אויך פון עמוס הנביא:** כי לא יעשה ה׳ אלהים דבר, כי אם גלה סודו אל עבדיו הנביאים.

**זאָגט ווייטער רבי אליעזר: גיי און זאָג זיי, אַז זיי זאָלן נישט צווייפלען וועגן זייערע אָפּשטימונגען; אַזוי האָב איך איבערגענומען פון רבן יוחנן בן זכאי, אַז דאָס איז הלכה למעשה מסיני.**

*

**פון יענע טעג, זעט זיך אויס, שטאַמט דער פאָלגנדיקער מאמר פון רבי אליעזר בן הורקנוס:**

והוי מתחמם כנגד אורן של חכמים. והוי זהיר בגחלתן שלא תכוה, שנשיכתן — נשיכת שועל, ועקיצתן — עקיצת עקרב, ולחישתן — לחישת שרף, וכל דבריהם כגחלי אש[1].

**דו זאָלסט זיך וואַרעמען ביים פייער פון די חכמים, דו זאָלסט אָבער זיין פאָרזיכטיק, נישט אָפּצובריען זיך ביי זיי; ווייל זייער ביס — איז דער ביס פון אַ פוקס, זייער שטאָך — איז דער שטאָך פון אַן עַגדיס, זייער מורמלען — איז דער מורמל פון אַ שלאַנג און אַלע זייערע רייד — זענען אַזוי ווי ברענענדיקע קוילן.**

1. משנה, אָבות, ב, י.

# חביבים יסורים

ווי עס זעט זיך אויס, האָבן שפּעטער די עלטערע חכמים, די חברים פון רבי אליעזר בן הורקנוס, אים באַזוכט נאָר אין באַזונדערע פאַלן, ווערט איבערגעגעבן:

כשחלה רבי אליעזר, נכנסו ארבעה זקנים לבקרו, רבי טרפון, ורבי יהושע, ורבי אלעזר בן עזריה, ורבי עקיבא.

נענה רבי טרפון ואמר: טוב אתה לישראל מטפּה של גשמים, שטפּה של גשמים בעולם הזה — ורבי, בעולם הזה ובעולם הבא.

נענה רבי יהושע ואמר: טוב אתה לישראל יותר מגלגל חמה, שגלגל חמה בעולם הזה — ורבי, בעולם הזה ובעולם הבא.

נענה רבי אלעזר בן עזריה ואמר: טוב אתה לישראל יותר מאב ואם, שאב ואם בעולם הזה — ורבי, בעולם הזה ובעולם הבא.

נענה רבי עקיבא ואמר: חביבים יסורים!

אמר להם: סמכוני ואשמעה דברי עקיבא תלמידי שאמר: חביבים יסורים [1].

ווען רבי אליעזר בן הורקנוס איז קראַנק געוואָרן, זענען פיר פון די עלטסטע חכמים אַריינגעגאַנגען אים מבקר־חולה זיין, רבי טרפון, רבי יהושע בן חנניה, רבי אלעזר בן עזריה און רבי עקיבא.

רופט זיך אָן רבי טרפון און זאָגט: דו ביזט פאַר יידן בעסער ווי רעגן, רעגן איז אויף דער וועלט, בעולם הזה — אָבער דער רבי איז אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט, בעולם הזה ובעולם הבא.

רופט זיך אָן רבי יהושע בן חנניה און זאָגט: דו ביזט פאַר יידן בעסער ווי די זון, די זון איז אויף דער וועלט — אָבער דער רבי איז אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט.

רופט זיך אָן רבי אלעזר בן עזריה און זאָגט: דו ביזט פאַר יידן

1. סנהדרין, קא, א. ספרי, דברים, פרשת ואתחנן, ו, ה. מכילתא, יתרו, כ, כ.

בעסער ווי טאַטע־מאַמע, טאַטע־מאַמע זענען אויף דער וועלט — אָבער דער רבי איז אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט.

רופט זיך אָן רבי עקיבא און זאָגט: חביבים יסורים, יסורים זע־נען ליב!

זאָגט רבי אליעזר צו די תלמידים: לענט מיך אונטער און איך וועל הערן די רייד פון מיין תלמיד עקיבא, וואָס זאָגט: חביבים יסורים.

*

זעט מען, ווי רבי אליעזר בן הורקנוס איז נישט אַזוי שטאַרק נתפעל געוואָרן פון די אַלע אַזוי הויכע שבחים, וואָס ער האָט געהערט פון זיינע דריי גרעסטע חברים, נאָר פון דעם געדאַנק וואָס עס האָט אַרויסגעברענגט זיין ליבער תלמיד רבי עקיבא.

עס איז אָן ענין פון יסורים של אַהבה, פון ליבע־ווייען.

יחידי סגולה, איינצלנע אויסדערוויילטע, זענען זוכה צו דעם גרויסן גליק וואָס הייסט ליבע.

קודם כל, דאָס זיין באַשאַנקען מיט דער גליקלעכער אייגנשאַפט צו קאָנען ליבן, און טאַקע ליבן, בפועל ממש.

אַז מען איז זוכה צו עכטער אמת׳ער ליבע, זענען די ליבע־ווייען ליב און טייער און ברענגען מיט זיך אַ באַזונדערן גייסטיקן געניוס.

טאָ ווער נאָך אַזוי ווי רבי עקיבא זאָל קאָנען משיג זיין די אַהבת ה׳, די אינטימע געטלעכע ליבע פון זיין רבי׳ן, רבי אליעזר בן הורקנוס.

רבי עקיבא, וואָס איז געווען אינגאַנצן איבערגענומען אין זיין הויכער באַגייסטערונג, האָט ער — ווי דער שטייגער איז אין אַזעלכע פאַלן — קוים געקאָנט אַרויסברענגען נאָר צוויי ווערטער. אָבער די דאָזיקע צוויי ווערטער זענען אָנגעלאָדנט מיט אַ גאַנצער וועלט פון רעליגיעזער באַגייסטערונג:

חביבים יסורים!

*

ווען רבי אליעזר בן הורקנוס איז קראַנק געוואָרן, בערוב יומו, ווען עס האָט געהאַלטן ביי ווערן אויסגעלאָשן זיין לעבן, האָבן אַרום דעם בעט פון דעם קראַנקן ריז זיך פאַרזאַמלט די עלטסטע פון די חכמי יבנה.

זיינע גוטע חברים און אינטימע פריינד האָבן אים געוואָלט אויס־דריקן אַנערקענונג און אים וויזן, ווי הויך זיי שעצן אים. זאָל עס זיין,

לכל הפחות, עפּעס אַ שטיקל פאַרגיטיקונג פאַר די אַלע ליידן, וואָס זיי האָבן אים דאָך פאַרשאַפט.

האָבן די דאָזיקע טרייע פריינד נישט געקאָרגט קיין שבחים און לויב. וואָס קאָן נאָך זיין גרעסער און העכער ווי — בעסער ווי רעגן, בעסער ווי די זון, און בעסער ווי טאַטע־מאַמע.

רבי אליעזר בן הורקנוס האָט דאָס אַלץ נישט געדאַרפט און, ווי עס זעט זיך אויס, איז ער צו דעם אַלעם געבליבן גלייכגילטיק. יעדנפאַלס האָט ער דאָך גאַרנישט רעאַגירט אויף די אַלע אַזעלכע איבערמענטש־לעכע שבחים.

רבי עקיבא האָט באַלד באַגריפן די גאַנצע סיטואַציע און האָט אַלץ אויסגעדריקט אין די אַרויסגעבערענגטע צוויי ווערטער: חביבים יסורים. דאָס הייסט, אַז רבי אליעזר דאַרפט נישט קיין שום שבחים. זיין שבח איז, די יסורים וואָס ער האָט געדולדיק אויף זיך גענומען כדי צו בלייבן ערלעך מיט זיך, מיט זיינע אידעאַלן און איבערצייגונגען.

האָבן די דאָזיקע צוויי ווערטער אויפגעלעבט רבי אליעזר׳ן, אַז ער האָט געבעטן די תלמידים, אַז זיי זאָלן אים אונטערלענען, כדי צו קאָנען זיך אויפזעצן און גוט איבערנעמען די רייד פון זיין ליבן תלמיד רבי עקיבא.

*

אַזוי האָט רבי עקיבא זיך אויסגעדריקט אין דער געגנוואַרט פון די עלטערע חכמי יבנה, די חברים פון רבי אליעזר בן הורקנוס, וואָס צוויי פון זיי, רבי טרפון און רבי יהושע, זענען געהאַט געווען די לערער פון רבי עקיבא.

אַן אַנדערט מאָל, אויך ביי דער קראַנקהייט פון רבי אליעזר בן הורקנוס, אָבער דאַמאָלט איז ער געווען נאָר מיט זיינע חברים, מיט די תלמידים פון רבי אליעזר בן הורקנוס — האָט רבי עקיבא שוין ברייטער אַנטוויקלט דעם זין פון חביבים יסורים:

כשחלה רבי אליעזר נכנסו תלמידיו לבקרו. אָמר להם: חמה עזה יש בעולם! התחילו הם בוכים ורבי עקיבא משחק. אָמרו לו: למה אַתה משחק? אָמר להם: וכי מפּני מה אַתם בוכים? אָמרו לו: אפשר, ספר תורה שרוי בצער ולא נבכה?! אָמר להם: לכך אני משחק: כל זמן שאני רואה רבי שאין יינו מחמיץ, ואין פשתנו לוקה, ואין שמנו

מבאיש, ואין דבשנו מדביש — אָמרתי: שמא חם ושלום קבל רבי עולמו! ועכשיו שאני רואה רבי בצער, אני שמח![1]

*

ווען רבי אליעזר בן הורקנוס איז קראַנק געוואָרן, זענען זיינע תלמידים אַריינגעקומען אים מבקר חולה זיין. זאָגט זיי רבי אליעזר: עס איז אַ שטאַרקער צאָרן אויף דער וועלט! האָבן די תלמידים זיך צעוויינט, אויסער רבי עקיבא, וואָס איז גאָר געווען צופרידן. פרעגן זיי אים: פאַרוואָס ביזט דו צופרידן? פרעגט זיי רבי עקיבא: פאַר־וואָס וויינט איר? ענטפערן זיי אים: ספר תורה שרוי בצער, ולא נבכה?! די ספר תורה איז אין צער, זאָלן מיר נישט וויינען?!

ענטפערט זיי רבי עקיבא, אַז דערפאַר איז ער טאַקע יאָ צופרידן. ווען ער וואָלט געזען, אַז ביים רבי'ן גייט אַלץ גלייך, אַז אַלץ געלונגט אים און ער איז שטענדיק מיט אַלעם אין אָרדענונג — וואָלט ער נישט געווען לגבי דעם רבי'ן אַזוי זיכער. זעענדיק אָבער, זיינע ליידן — איז ער יאָ איינגאַנצן זיכער און דעריבער איז ער צופרידן.

רבי עקיבא האָט, קענטיק, גוט געוווסט דעם ווערט פון די מענטשן, די געלערנטע און די פירער, וואָס זענען שטענדיק אין אָרדענונג, שטענ־דיק זענען זיי גערעכט, אַלץ געלונגט זיי און די וועלט איז זייער.

ווי רבי עקיבא דריקט זיך אויס:

אָמרתי: שמא, חם ושלום, קבל רבי עולמו!

*

נאָך אַ דערפאַרונג פון איבער טויזנט אַכט הונדערט יאָר האָט מען די מעגלעכקייט צו קאָנטראָלירן, צי די דאָזיקע מיינונג פון רבי עקיבא וועגן גרויסע מענטשן איז טאַקע אַ ריכטיקע.

1. סנהדרין, קא, א.

# די פטירה פון רבי אליעזר בן הורקנוס

רבי אליעזר בן הורקנוס איז געשטאָרבן ערב שבת עם חשכה, דאָס הייסט: ביי ליכט צינדן. ווערט דערציילט:

נכנס רבי יהושע וחלץ את תפיליו והיה מגפפו ומנשקו ובוכה ואומר: רבי, רבי, הותר הנדר, רבי, רכב ישראל ופרשיו! [1]

איז אַריינגעגאַנגען רבי יהושע און האָט רבי אליעזר'ן אויסגעטוען די תפילין און האָט אים געהאַלדזט און געקושט און האָט געוויינט: רבי, רבי, עס איז אַראָפּגענומען דער נדר! און רבי יהושע האָט זיך געזעגנט אַזוי ווי אלישע הנביא האָט זיך געזעגנט מיט זיין רבי'ן אליהו הנביא [2].

ווערט ווייטער דערציילט:

למוצאי שבת פגע בו רבי עקיבא מן קיסרי ללוד, היה מכה בבשרו עד שדמו שותת לאָרץ [3].

מוצאי שבת האָט רבי עקיבא, קומענדיק פון קיסרי קיין לוד גע־טראָפן רבי יהושע'ן, האָט רבי עקיבא זיך געריסן דאָס פלייש, אַז דאָס בלוט האָט געשטראָמט אויף דער ערד.

*

דאָס, וואָס ווערט דאָ ווייטער דערציילט, איז אוודאי פאָרגעקומען שוין נאָך דער פטירה פון רבי אליעזר בן הורקנוס:

בית מדרשו של רבי אליעזר היה עשוי כמין רים, ואבן אחת היתה שם, והיתה מיוחדת לו לישיבה. פעם אחת נכנס רבי

1. ירושלמי, שבת, ב, ז.
2. מלכים ב׳, יג, יד.
3. סנהדרין, סח, א.

יהושע, והתחיל לנשק אותה האבן ואמר: האבן הזאת דומה להר סיני, וזה שישב עליו דומה לארון הברית[1].

דאָס בית המדרש פון רבי אליעזר'ן איז געווען אַזוי ווי אַ סטאַדיאָן (דאָס הייסט: אַ גרויסער רונדיקער בנין) און עס איז דאָרטן געווען אַ שטיין, וואָס איז געווען באַשטימט פאַר רבי אליעזר'ן צו זיצן אויף אים. איז אַמאָל דאָרטן אַריינגעגאַנגען רבי יהושע, האָט ער גענומען קושן דעם שטיין און געזאָגט: דער דאָזיקער שטיין איז אַזוי ווי דער באַרג סיני און דער, וואָס איז אויף אים געזעסן, איז אַזוי ווי דער ארון מיט די שני לוחות הברית.

---

יז מדרש רבה, שיר השירים, א, ב.

# די פירערשאַפט אין יבנה

נאָך חורבן ירושלים, נאָכן פאַרלירן דאָס לעצטע ביסל פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט, איז די אינערלעכע פירערשאַפט פון יידישן פאָלק אינ־גאַנצן איבערגעגאַנגען צו די חכמים, צו די יידישע געלערטע. אויף דעם פּאָליטישן לשון וואָלט דאָס געקאָנט הייסן, אַז עס איז געוואָרן איינגע־שטעלט אַן אינערלעכע זאָפּיקראַטישע אָרדענונג.

נאָך רבן יוחנן בן זכאי איז די פירערשאַפט אין יבנה איבער־געגאַנגען צו די אַנדערע חכמים, ווו דעם גרעסטן איינפלוס האָבן דאַ־מאָלט געהאַט רבי אליעזר בן הורקנוס, רבי יהושע בן חנניה און, דער עיקר, דער נשיא רבן גמליאל, וואָס ווערט גערופן: רבן גמליאל דיבנה.

רבן גמליאל דיבנה איז איינער פון די וויכטיקסטע און אינטערע־סאַנטסטע פּערזענלעכקייטן אין יענעם גרויסן דור פון די אַזוי־גערופענע ערשטע תנאים. אַ גרויסער געלערטער און גוטער אָרגאַניזאַטאָר, פול מיט קראַפט, מיט ענערגיע, מיט מוט און מיט גלויבן.

ווען רבן גמליאל האָט איבערגענומען דאָס נשיאות, איז יבנה נאָך געווען אַ גאָר יונגע אינסטיטוציע, האָט ער פאַרפעסטיקט, פאַרברייטערט און ווייטער אַנטוויקלט דאָס דאָזיקע פענאָמענאַלע ווערק פון זיין גרויסן פאָרגייער, רבן יוחנן בן זכאי.

*

רבן גמליאל דיבנה האָט גאַנץ גוט געוווסט, וואָס עס איז זיין אייגנט־לעכע אויפגאַבע, זיין היסטאָרישע מיסיע, און אַז קודם כל מוז ער אויפשטעלן אַ שטאַרקע, גוט־אָרגאַניזירטע און איינפלוס־רייכע יידישע זעלבסט־פאַרוואַלטונג, וואָס דאַמאָלט, אין יענע באַדינגונגען, האָט דאָס געקאָנט קומען צום אויסדרוק נאָר אויסשליסלעך דורך דעם נשיאות.

האָט טאַקע רבן גמליאל דיבנה, וואָס זיין נשיאות איז אויסגעפאַלן אין יענער אַזוי קריטישער איבערגאַנגס־עפּאָכע, אויסגעפירט אַ גאָר גרויסע זער וויכטיקע היסטאָרישע מיסיע, וואָס האָט געהאַט אַ דעצי־דירנדיקע ווירקונג אויף דער ווייטערדיקער עגזיסטענץ און אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק אין ארץ ישראל און אין חוץ לארץ.

*

רבן גמליאל דיבנה איז געווען געבענטשט מיט גאָר גוטע מענטש־לעכע אייגנשאַפטן: איידל, צאַרט, זער באַרמהאַרציק און גאָר באַשיידן.

איז אויף דעם דאָזיקן רבן גמליאל דיבנה אויסגעפאַלן צו זיין נשיא אין יענער אַזוי שווערער עפּאָכע, ווען דאָס נשיאות איז געוואָרן, דער־ווייל, דער איין און איינציקער סימבאָל און אויסדרוק פון דער זער באַשרענקטער און קוים־אָנערקענטער יידישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג.

עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך די באַזונדערע נויטווענדיקייט דאַמאָלט, צוצוגעבן וואָס־מער קראַפט און אַ וואָס גרעסערן פרעסטיזש און אָנזעען דאָס דאָזיקע נשיאות, וואָס איז דאָס איין און איינציקע איבערבלייבעניש פון דער אַמאָליקער יידישער זעלבסטשטענדיקייט.

האָט דאַמאָלט אין יבנה זיך איינגעשטעלט אַזאַ מין צוויי־אַרטיקער טענדענץ, אַזאַ מין פּאָליטישער דואַליזם. פון איין זייט איז דאַמאָלט אין יענע באַדינגונגען געווען זער נויטווענדיק צו פאַרגרעסערן און וואָס מער צו שטאַרקן דעם אָנזעען און די קאָמפּעטענץ פון דעם נשיא; אָבער גאָרנישט ווייניקער וויכטיק און נויטווענדיק איז דאַמאָלט אויך געהאַט געווען, וואָס מער צו שטאַרקן און באַזונדער אונטערצושטרייכן דעם אָנ־זעען, דעם אויטאָריטעט און די השפעה פון די חכמים, די יידישע גע־לערטע, וואָס זיי, און נאָר זיי, דאַרפן פירן און באַאיינפלוסן דאָס וייטער־דיקע יידישע לעבן.

איז עס גאַנץ נאַטירלעך, דאָס ביי אַזאַ לאַגע זאָל קומען צו שווערע ראַנגלענישן און צו ערנסטע צוזאַמענשטויסן צווישן דעם נשיא מיט די אַנדערע גרויסע חכמים אין יענער זער קריטישער און אויך דעצידירנ־דיקער איבערגאַנגס־עפּאָכע אינעם לעבן פון יידישן פאָלק.

## באַשיידנקייט

מזמור לדוד. ה׳, מי יגור באהליך? מי ישכון בהר קדשך? — הולך תמים ופועל צדק ודובר אמת בלבבו. לא רגל על לשונו, לא עשה לרעהו רעה וחרפה לא נשא על קרובו. נבזה, בעיניו נמאס, ואת יראי ה׳ יכבד, נשבע להרע ולא ימיר. כספו לא נתן בנשך ושוחד על נקי לא לקח — עושה אלה, לא ימוט לעולם [1].

1. תהלים, טו.

כשהיה רבן גמליאל מגיע למקרא הזה, היה בוכה. אָמר: מאן דעביד להו לכולהו — הוא דלא ימוט, הא חדא מינייהו — ימוט ?! [1]

אַ קאַפּיטל תהלים:

מזמור לדוד. גאָט, ווער קאָן וווינען אין דיין געצעלט? ווער קאָן רוען אויף דיין הייליקן באַרג? — דער וואָס גייט ערלעך, טוט גערעכ־טיקייט און רעדט אמת פון האַרצן. נישט פּאַראַטן מיט זיין צונג, נישט געטוען זיין חבר קיין שלעכטס און נישט געברענגט קיין חרפּה אויף זיין קרוב. דער נבזה איז פאַראַכטעט אין זיינע אויגן, די גאָטס־פורכטיקע איז ער מכבד און ווען ער האָט געשווירן געגן זיך, ענדערט ער נישט. זיין געלט האָט ער נישט געגעבן אויף בייסיקע צינזן און שוחד געגן אַן אומשולדיקן האָט ער נישט גענומען. דער, וואָס פירט זיך אַזוי, וועט קיינמאָל נישט ווערן דערשיטערט.

ווען נאָר רבן גמליאל איז צוגעקומען צו דעם דאָזיקן קאַפּיטל תהלים, האָט ער זיך צעוויינט, נישט זייענדיק זיכער, צי ער איז טאַקע דאָס אַלץ מקיים ווי געהעריק.

רבן גמליאל האָט זיך אויך שטענדיק צעוויינט, ווען ער איז נאָר צוגעקומען צו דעם קאַפּיטל אין ספר יחזקאל, ווו עס ווערט אויסגערעכנט, פון וואָס אַלץ דאַרפט אַ צדיק זיך אויסהיטן [2]:

ואיש כי יהיה צדיק ועשה משפט וצדקה. אל ההרים לא אָכל ועיניו לא נשא אל גלולי בית ישראל, ואת אשת רעהו לא טמא, ואל אשה נדה לא יקרב. ואיש לא יונה, חבולתו חוב ישיב, גזלה לא יגזול, לחמו לרעב יתן וערום יכסה בגד. בנשך לא יתן ותרבית לא יקח, מעול ישיב ידו, משפט אמת יעשה בין איש לאשה. בחוקותי יהלך ומשפטי שמר לעשות אמת — צדיק הוא, חיה יחיה, נאום ה׳ אלהים [3].

יעדער מענטש, יעדער פּשוט׳ער יידישער מענטש, וואָס צעוויינט זיך אויפריכטיק ביי אַזעלכע צוויי קאַפּיטלען אין תנ״ך, איז דאָך באמת באַשיידן; טאָ וואָס איז ערשט צו זאָגן ווען עס רעדט זיך וועגן דעם

1. מכות, כד, א.
2. סנהדרין, פא, א.
3. יחזקאל, יח, ה—ט.

נשיא, דער נשיא פון יענעם גרויסן דור, וואָס האָט אויפגעטוען אַזעלכעס, וואָס עד היום הזה געניסן מיר פון זיין זכות.

*

אַז רבן גמליאל׳ס זון איז קראַנק געוואָרן, האָט ער געשיקט צוויי תלמידים צו רבי חנינה בן דוסא, לבקש עליו רחמים, דאָס ער זאָל בעטן רחמים, אַז ער זאָל געזונט ווערן [1].

עס ווערט אויך איבערגעגעבן:

מעשה ברבן גמליאל שהלך אצל חלפא בן קרויה. אָמר לו: התפלל עלי! אָמר לו: יתן לך כלבבך, ימלא ה׳ כל משאלותיך [2]. זו תפילה מה שאין מתפללים לכל אָדם, למה? פעמים שיש בלב של אָדם, לגנוב, או לעבור עבירה, או דבר שאינו ראוי לו, ויאמרו: יתן לך כלבבך?! אלא על ידי שהיה לבו שלם לפני בוראו, התפלל עליו כך [3].

רבן גמליאל איז געגאַנגען צו חלפא בן קרויה, אַז ער זאָל פאַר אים בעטן. האָט ער אים געבענטשט מיט די צוויי פסוקים אין תהלים: גאָט זאָל דיר געבן, וואָס דיין האַרץ גליסט און דערפילן אַלע דיינע פאַרלאַנגען! ווערט דאָרטן צוגעגעבן, אַז לעולם ווינטשט מען קיינעם נישט אַזעלכעס, ווייל ווי אַזוי קאָן מען דאָס ווינטשן אַ מענטש, אַז עס זאָל אים ווערן געגעבן אַלץ, וואָס זיין האַרץ גליסט?! אפשר וויל ער גאָר באַגיין אַ זינד! נאָר רבן גמליאל׳ן, וואָס ער איז שלם לפני בוראו, וואָס איז אויפריכטיק פאַרן באַשעפער, מעג מען יאָ אַזוי ווינטשן.

*

רבן גמליאל דיבנה האָט זער מחמיר געווען לגבי זיך אַליין.

אין געלט־ענינים האָט ער זיך געפירט לפנים משורת הדין און האָט פון זיין זייט מוותר געווען, אפילו ווען דער דין איז געווען לטובת אים [4].

1. ברכות, לד, ב.
2. תהלים, כ, ה—ו.
3. ילקוט שמעוני, תהלים, תרפ. מדרש שוחר שוב.
4. משנה, בבא מציעא, ה, ח.

אַזוי האָט ער זיך געפירט לחומרא אין די דיני טהרות[1] און גאַנץ באַזונדער אין די דיני שבת. עס ווערט פיל מאָל געברענגט: של בית רבן גמליאל, ביי רבן גמליאל אין הויז, האָט מען זער מחמיר געווען[2].

עס ווערט געברענגט, ווי אין מענכע פאַלן, ווען רבן גמליאל האָט זיך געפירט לקולא, איז געווען געזונג, אַז עמעצער זאָל אים מאַכן אויפ־מערקזאַם, דאָס אַנדערע זענען דערביי יאָ זיך נוהג לחומרא, דאָס ער זאָל באַלד אָננעמען פאַר זיך יענע חומרא, הגם די הלכה איז אַזוי, ווי ער האָט זיך געפירט[3].

*

עס איז אויך כאַראַקטעריסטיש, ווי רבן גמליאל דיבנה האָט גערימט די פערסיער, דאָס ער האָט זיי ליב, ווייל זיי זענען באַשיידן און צני־עות'דיק:

אָמר רבן גמליאל: בשלשה דברים אוהב אני את הפרסיים: הם צנועים באכילתם, וצנועים בבית הכסא, וצנועים בדבר אחר[4].

## יראת שמים

כדי צו האָבן אַן אָנונג וועגן דער איידעלער רעליגיעזער באַשיידנ־קייט, וועגן דאָס ריינע געלייטערטע יראת שמים פון רבן גמליאל דיבנה, דאַרפט מען זיך פאַרטיפן אין דעם פאָלגנדיקן מאמר:

אבא יודן איש צידון אומר משום רבן גמליאל: מניין שלא יאמר אָדם: איני כדאי שאתפלל על בית המקדש ועל ארץ ישראל? — תלמוד לומר: „שמוע אשמע צעקתו"[5]. וכי איזו מידה מרובה, מידת הטוב או מידת הפורענות? הוי אומר: מידת הטוב; ומה מידת הפורענות המועטת, היחיד מתפלל

1. תוספתא, חגיגה, ג.
2. תוספתא, שבת, א; ז; יב; בבלי, יט, א; קנד, ב. תוספתא, ביצה, א. ב.
3. תוספתא, סוף מועד קטן; שבת, יג. בבלי, קטו, א.
4. ברכות, ח, ב.
5. שמות, פרשת משפטים, כב, כב.

והמקום שומע תפילתו — מידת הטוב המרובה, דין הוא שהיחיד מתפלל והמקום שומע תפילתו[1].

אַבא יודן פון צידון זאָגט אין נאָמען פון רבן גמליאל: מניין שלא יאמר אָדם, פון וואַנען איז געדרינגען אַז דער מענטש זאָל נישט זאָגן: איני כדאי, איך בין נישט ווערט מתפלל צו זיין וועגן בית המקדש און וועגן ארץ ישראל? — עס איז געדרינגען פון דעם פסוק אין דער תורה, ווי גאָט זאָגט: שמוע אשמע צעקתו, איך וועל זיך צוהערן צו זיין געשריי געגן זיינע אונטערדריקער. טאָ אויב צו שטראָפן איז אַזוי — איז צום גוטן אוודאי אַז גאָט הערט זיך צו, צו יעדן יחיד.

*

ווען רבן גמליאל זאָגט: מניין שלא יאמר אָדם, מיינט ער נישט דווקא אַנדערע פשוט׳ע מענטשן פון פאָלק, נאָר קודם כל זיך אַליין, אַזוי ווי אַלע אַנדערע גרויסע חכמי המשנה והתלמוד, וואָס לערנען נישט בלויז יענעם, נאָר דער עיקר זיך אַליין.

אין דעם דאָזיקן מאמר פון רבן גמליאל דיבנה קומען ממילא צום אויסדרוק צוויי הויכע, ווונדערלעכע אייגנשאַפטן:

ערשטנס, די אידעלע, ריינע, רעליגיעזע באַציאונג צום רבונו של עולם.

צווייטנס, די אויפריכטיקע צניעות, די עכטע באַשיידנקייט פון דעם נשיא רבן גמליאל דיבנה.

דער נשיא אין יבנה זוכט אַן אַנשפּאַר צו האָבן די דרייסטקייט זיך צו האַלטן פאַר ראוי מתפלל צו זיין וועגן בית המקדש און וועגן ארץ ישראל.

דאָס איז נישט קיין פאַראיינצלטער מאמר פון רבן גמליאל דיבנה, נאָר עס איז אַ שטאַנדהאַפטיקע רעליגיעזיטעט אין דער סביבה אַרום, אין יבנה.

מעשה ברבן גמליאל שהיה בא בספינה והיו תלמידיו עמו, ועמד עליהם סער גדול בים. אָמרו לו: רבי, התפלל עלינו! אָמר: **אלהים, רחם עלינו!** אָמרו לו: רבי, כדאי אתה שיחול שם שמים עליך. אָמר: **אלהי, רחם עלינו!**[2]

---

1. מכילתא דרבי שמעון בן יוחאי.
2. לקוטי מכילתא לספר דברים, וואָס ר׳ דוד צבי האָפמאַן ברענגט אין „שי למורה", לכבוד ר׳ עזריאל הילדעסהיימער.

רבן גמליאל איז געווען אויף אַ שיף צוזאַמען מיט זיינע תלמידים און עס איז געוואָרן אַ גרויסער שטורם אויפן ים. האָבן די תלמידים אים געבעטן: רבי, זיי מתפלל פאַר אונז. האָט ער מתפלל געווען: גאָט, דערבאַרעם זיך אויף אונז! בעטן אים די תלמידים: רבי, דו ביסט ראוי צו אַ פערזענלעכער ווענדונג צו גאָט. האָט דאַן רבן גמליאל מתפלל געווען: מיין גאָט, דערבאַרעם זיך אויף אונז!

עס איז אַ זער איידעלער ענין, וואָס יעדער רעליגיעזער מענטש קאָן דאָס משיג זיין, נאָר לויט זיין אייגענער השגה.

*

איז פון פאַרשידענע שטאַנדפונקן זער אינטערעסאַנט דער פאָלגענ־דיקער שמועס צווישן די חכמי יבנה:

„ויאמר משה לחותנו: כי יבוא אלי העם לדרוש אלהים"[1]. אָמרו: הדבר הזה שאַל רבי יהודה איש כפר עכו את רבן גמליאל: מה ראָה משה לומר: „כי יבוא אלי העם"?! אָמר לו: אם לאו, מה יאמר? אָמר לו: יאמר: „כי יבוא העם לדרוש אלהים". אָמר לו: כשהוא אומר: „לדרוש אלהים", יפה אָמר[2].

וועגן דעם פסוק אין דער תורה: 'משה האָט געזאָגט זיין שווער: ווייל דאָס פאָלק קומט צו מיר פרעגן ביי גאָט", האָט רבי יהודה פון דאָרף עכו געפרעגט רבן גמליאל'ן: ווי פאַלט עפּעס אויס משה רבינו צו זאָגן: "כי יבוא אלי העם"?! "ווייל דאָס פאָלק קומט צו מיר"?! פרעגט אים רבן גמליאל: ווי דען האָט ער געדאַרפט זאָגן? ענטפערט רבי יהודה: כי יבוא העם לדרוש אלהים. זאָגט אים רבן גמליאל: האָט דאָך טאַקע משה רבינו געזאָגט, אַז זיי קומען צו אים פרעגן ביי גאָט.

רבן גמליאל האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען דאָס איידעלע געפיל פון רבי יהודה איש כפר עכו, האָט ער אים נישט אָנגעשריגן, נאָר אים געזאָגט אַז משה רבינו האָט גאַנץ גוט אַקצענטירט, לדרוש אלהים.

1. שמות, פרשת יתרו, יח, טו.
2. מכילתא דר"י, הוצאת האָראָוויץ, זייט 196. מכילתא דרשב"י.

ד ו ד מ ל כ י

# רחמנות

מעשה באשה אחת, שכנתו של רבן גמליאל, שמת בנה והיתה בוכה עליו בלילה. שמע רבן גמליאל קולה ובכה כנגדה עד שנשרו ריסי עיניו. למחר הכירו בו תלמידיו והוצאוה משכונתו [1].

ביי אַ פרוי, וואָס האָט געוווינט בשכנות פון רבן גמליאל, איז געשטאָרבן אַ זון, האָט זי אים באַוויינט ביינאַכט. רבן גמליאל האָט געהערט איר געוויין, האָט ער מיט איר מיטגעוויינט, אַז עס איז אים אַזש אַרויסגעפאַלן די וויעס פון די אויגן. צומאָרגנס, ווען די תלמידים זענען געקומען און דאָס געזעען, האָבן זיי געמוזט די דאָזיקע פרוי פון דאָרטן דערווייטערן, ביז זי וועט זיך באַרואיקן.

*

עס איז אינטערעסאַנט, ווי אַזוי רבן גמליאל דיבנה טייטשט אויס אַ פסוק אין דער תורה וועגן רחמנות:

„ונתן לך רחמים ורחמך״ [2] — אָמר רבן גמליאל: כל זמן שאתה מרחם על הבריות — מרחמים עליך מן השמים [3].

דעם פסוק אין דער תורה: ״און גאָט וועט דיר געבן רחמים און וועט זיך מרחם זיין אויף דיר״ — טייטשט רבן גמליאל: גאָט וועט דיר געבן רחמים, רחמנות, דו זאָלסט זיך מרחם זיין אויף אַנדערע, וועט גאָט זיך מרחם זיין אויף דיר.

*

רבן גמליאל איז געווען דער פאַרזאָרגער פון יתומים:

רבן גמליאל ובית-דינו, אביהם של יתומים היו [4].

---

1. סנהדרין, קד, ב. מדרש רבה, איכה, א, כה.
2. דברים, פרשת ראה, יג, יח.
3. ספרי. תוספתא, בבא קמא, ט; ירושלמי, ח, ז. שבת, קנא, ב.
4. בבא קמא, לז, א.

רבן גמליאל און זיין בית־דין האָבן געהאַט די יורידישע קאָמפּעטענץ אַלס די טאַטעס, אַלס די פאַרזאָרגערס פון די יתומים.

איז אויך כדאי דאָ צו ברענגען ווי ערנסט רבן גמליאל האָט זיך באַצויגן צו זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט:

אָמר רבי אלעזר ברבי צדוק: כשהיה רבן גמליאל ובית־דינו ביבנה עסוקים בצורכי צבור לא היו מפסיקים, שלא להסיע מלבם[1].

רבי אליעזר בן רבי צדוק גיט איבער וועגן רבן גמליאל דיבנה, דאָס ווען ער און זיין בית־דין האָבן עוסק געווען בצורכי צבור, האָבן זיי נישט איבערגעריסן זייער אַרבעט ביי זמן תפילה און ביי זמן קריאת־שמע, כדי עס זאָל נישט דערביי ווערן שוואַכער זייער אויפמערקזאַמקייט.

## רבן גמליאל אַלס נשיא

רבן גמליאל דיבנה, ביי זיין גאַנץ באַשיידנקייט, איז אָבער געווען אינגאַנצן איבערגענומען מיט זיין גרויסער מיסיע און מיט דער נויטווענדיקייט, וואָס מער צו שטאַרקן דאָס נשיאות און וואָס העכער צו דערהייבן דעם פּרעסטיזש.

עס איז דאָ אינטערעסאַנט צו ברענגען אַ דערציילונג פון תלמוד בבלי, וואָס כאַראַקטעריזירט רבן גמליאל׳ס פאַרשטעלונג וועגן הויכע אַמטן, וואָס מענטשן פאַרנעמען.

עס ווערט דאָרטן דערציילט, ווי רבן גמליאל דיבנה און רבי יהושע בן חנניה זענען געפאָרן אין אַ שיף אויפן ים. רבן גמליאל האָט מיט זיך געהאַט נאָר ברויט און רבי יהושע האָט געהאַט, אי ברויט, אי מעל. האָט זיך געמאַכט, אַז די רייזע האָט זיך לענגער פאַרצויגן, ווי מען האָט געהאַט פריער געמיינט, האָט זיך אויסגעלאָזט דאָס ברויט און רבן גמליאל האָט זיך געמוזט באַנוצן מיט דעם מעל פון רבי יהושע. פרעגט אים רבן גמליאל, פון וואַנען ער האָט געהאַט געוווסט זיך צו פאַרזאָרגן מיט מעל. האָט ער אים געזאָגט, דאָס עס איז פאַרהאַנדן אַ געוויסער שטערן, אַז ער באַווייזט זיך, ווערן די שיפן דאַדורך פאַרפירט. האָט רבן

1. תוספתא, ברכות, ב.

גמליאל זיך געוואונדערט, דאָס רבי יהושע ווייסט אַזויפיל און פונדעסט־וועגן אַרבעט ער שווער אויף פרנסה, ווערט דאָרטן ווייטער דערציילט:

אָמר לו: עד שאתה תמה עלי, תמה על שני תלמידים שיש לך ביבשה: רבי יוחנן בן גודגדא ורבי אלעזר חסמא שיודעין לשער כל טפין שבים ואין להם לחם לאכול ובגד ללבוש. נתן דעתו להושיבם בראש. כשעלה ליבשה שלח להם ולא באו. חזר ושלח להם ובאו. אָמר להם: כמדומין אתם ששררות אני נותן לכם?! עבדות אני נותן לכם![1].

האָט רבי יהושע געזאָגט רבן גמליאל'ן: אַנשטאָט זיך צו וואונדערן אויף מיר, וואונדער זיך ליבערשט אויף דיינע צוויי תלמידים, וואָס דו האָסט אויף דער יבשה: רבי יוחנן בן גודגדא און רבי אלעזר חסמא, וואָס האָבן אַן אַנונג וועגן יעדן טראָפּן וואַסער אינעם ים און זיי האָבן נישט אויף קיין ברויט און אויף באַקליידונג. האָט רבן גמליאל זיך געענ־מען אין זינען אַריין, דאָס ער זאָל זיי באַשטימען אויף הויכע אַמטן.

ווערט דאָרטן ווייטער דערציילט, ווי רבן גמליאל האָט דאָס זיי צו־וויסן געטוען, זענען זיי נישט געקומען (צוליב זייער באַשיידנקייט). האָט רבן גמליאל ווידער נאָך זיי געשיקט און זיי געזאָגט:

איר מיינט, אַז איך גיב אייך איבער אַ הערשאַפט?! פאַרקערט: אַן עבדות, אַ קנעכטשאַפט, גיב איך אייך איבער!

עס איז בלתי שום ספק, דאָס אויך זיין אייגענעם אַמט, דאָס נשיאות, האָט רבן גמליאל דיבנה נישט באַטראַכט אַלס הערשאַפט איבערן פאָלק, נאָר פונקט פאַרקערט: נישט ער הערשט איבערן פאָלק, נאָר ער דינט דעם פאָלק.

*

עס ווילט זיך דאָ, אגב, מאַכן צוויי באַמערקונגען וועגן רבי יהושע בן חנניה.

ערשטנס, טאַקע דאָס גוטסקייט פון רבי יהושע בן חנניה, אַן און פאַר זיך:

דער נשיא איז אַזוי באַגייסטערט און פאַרוואונדערט פון דעם וויסן

1. הוריות, י, א. לויט דעם נוסח פון עין יעקב.

פון רבי יהושע בן חנניה, לענקט ער גאָר דאָס אַלץ אָפּ לטובת די צוויי אַנדערע חכמים: רבי יוחנן בן גודגדא און רבי אלעזר חסמא.

דאַן דערמאַנט זיך אַ בילדל וואָס איז שוין אויבן געוואָרן איבער־געגעבן, ווי רבי יהושע בן חנניה, דער לוי, דער משורר, דאַמאָלט אין בית המקדש, האָט אַמאָל געוואָלט העלפן אַן אַנדערן לוי, רבי יוחנן בן גודגדא, ביים פאַרשליסן די טויערן פון בית המקדש, נאָר יענער האָט נישט געלאָזט און אים געזאָגט:

מיין קינד, לאָז אָפּ, דו געהערסט צו די משוררים, צו די זינגער, אָבער נישט צו די צוגעטיילטע צו די טויערן![1]

טאָ זאָל מען נאָכאַמאָל זיך פאָרשטעלן די דאָזיקעביידע בילדלעך צוזאַמען:

פריער זעט מען, ווי אין בית המקדש וויל דער משורר, רבי יהושע בן חנניה, העלפן זיין חבר, רבי יוחנן בן גודגדא, ביים פאַרשליסן די טויערן.

שפּעטער זעט מען אין דער שיף אויפן ים, ווי דער זעלבער רבי יהושע בן חנניה לענקט אָפּ זיין אייגענעם רום לטובת דעם זעלבן רבי יוחנן בן גודגדא.

אין דער צייט, צווישן די דאָזיקע ביידע געשעענישן, איז דאָך עפּעס פאָרגעקומען, חורבן ירושלים מיט די אַלע אומגליקן אַרום און אַרום, וואָס אַלץ האָט זיך אַזוי געענדערט, אָבער נישט רבי יהושע!

רבי יהושע איז געבליבן — רבי יהושע!

*

זאָל מען, אַלזאָ, צוריקגיין צו רבן גמליאל דיבנה.

עס איז שוין אויבן געוואָרן איבערגעגעבן, ווי נאָך גאַנץ שווערע ראַנגלענישן עס איז געוואָרן אַרויסגעגעבן אַזאַ מין חרם אויף רבי אליעזר בן הורקנוס, כדי אים צו דערווייטערן פון דעם בית המדרש אין יבנה, אַז ער זאָל נישט מיט זיין גרויסן אויטאָריטעט צופיל משפיע זיין אין די אַלע פלוגתות, אין די פאַרשידענע חילוקי דעות צווישן די חכמי יבנה ביים געשטאַלטיקן דאָס ווייטערדיקע לעבן פון יידישן פאָלק.

איז זער כאַראַקטעריסטיש אַ מאמר אין תלמוד בבלי וועגן דעם געמיט פון רבן גמליאל דיבנה ביי דער דאָזיקער דערווייטערונג פון זיין שוואָגער, רבי אליעזר בן הורקנוס.

1. ערכין, יא, ב. געברענגט אויבן אויף זייט 219.

נאָכדעם ווי עס ווערט געשילדערט די דערשיטערונגען, וואָס דער דאָזיקער חרם האָט גורם געווען, ווערט דאָרטן צוגעגעבן:

ואף רבן גמליאל היה בא בספינה, עמד עליו נחשול לטבעו, אמר: כמדומה לי, שאין זה אלא בשביל רבי אליעזר בן הורקנוס. עמד על רגליו ואמר:

רבונו של עולם, גלוי וידוע לפניך שלא לכבודי עשיתי, ולא לכבוד בית אבא עשיתי, אלא לכבודך: שלא ירבו מחלוקת בישראל![1]

און רבן גמליאל, ווען ער איז דאַמאָלט געהאַט געפאָרן אויף אַ שיף, האָט זיך געשטעלט אַ וואַל זי צו דערטרינקען, האָט ער געזאָגט: עס זעט זיך אויס, אַז דאָס איז צוליב רבי אליעזר בן הורקנוס. האָט ער זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

רבונו של עולם, דו ווייסט דאָך יאָ, אַז איך האָב דאָס נישט געטוען פאַר מיין כבוד וועגן און נישט פאַרן כבוד פון טאַטנס הויז (פאַר דער נשיאות־דינאַסטיע), נאָר פאַר דיין כבוד וועגן, כדי עס זאָל זיך נישט מערן קיין מחלוקות ביי יידן!

## רבן גמליאל דיבנה און רבי יהושע בן חנניה

אין יענעם שווערן געראַנגל אין דעם בית המדרש, בכרם ביבנה, דאַמאָלט, ביי דער דערווייטערונג פון רבי אליעזר בן הורקנוס, ווו רבי יהושע בן חנניה האָט געהאַט גענומען אַזאַ לעבהאַפטן אָנטייל — איז אים אוודאי נישט איינגעפאַלן, דעם דאָזיקן גרויסן חכם, אַז ער קעמפט געגן זיך אַליין גאָרנישט אַ סך ווייניקער ווי געגן זיין חבר רבי אליעזר בן הורקנוס.

אין פלוג גענומען האָט דאַמאָלט רבי יהושע בן חנניה פערזענלעך געהאַט דעם פולשטענדיקן זיג. ער האָט טאַקע געזיגט אין זיין קאַמף צו ווייזן, אַז דער יחיד, מעג ער זיין ווי גרויס, ווי ערלעך און אפילו ווי גערעכט — מוז ער זיך אונטערוואַרפן דער דיסציפּלין פון דער געזעל־שאַפט, אין יענעם פּאַל האָט דאָס געמיינט די מערהייט פון די חכמים

1. בבא מציעא, נט, ב.

**נאָר וואָס דען? — די דאָזיקע מטבע האָט אָבער באַלד לכתחילה געהאַט צוויי זייטן:**

**פון איין זייט: דער אַזוי־גערופענער** דעמאָקראַטישער **פּרינציפּ פון** אַחרי רבים להטות, **דאָס שטענדיק דעצידירט די מערהייט. פון דער אַנ־דערער זייט אָבער: דער פּרינציפּ פון** דיסציפּלין.

**דער גרויסער חכם רבי יהושע בן חנניה האָט דאַמאָלט נאָר געזען די ערשטע זייט און אינגאַנצן מסיח דעת געווען פון דער אַנדערער זייט.**

*

**עס איז שוין איבן געוואָרן דערמאָנט דער, אַזוי צו זאָגן, פּאָליטי־שער דואַליזם אין יבנה: פון איין זייט, דער דאַמאָלט זער ריכטיקער און טאַקע גאָר נויטווענדיקער טענדענץ, וואָס מער צו שטאַרקן די קראַפט פון דעם נשיא און וואָס העכער דערהייבן זיין פּרעסטיזש; אָבער פון דער אַנדערער זייט, איז עס גאָרנישט געווען ווייניקער וויכטיק און נויטווענדיק, וואָס מער צו פאַרפעסטיקן דעם יסוד פון דער דאַמאָלט איינגעשטעלטער, אַזוי צו זאָגן, זאָפּיקראַטישער אָרדענונג, פון דעם דעצי־דירנדיקן איינפלוס פון די חכמים, די יידישע געלערטע, די טרעגער פון דער תורה.**

**רבי יהושע בן חנניה האָט דאַמאָלט געהאַט געמיינט, אַז אַזוי נאָר ווי די שטאַרקע פערזענלעכקייט און דער גרויסער תורה־אויטאָריטעט, רבי אליעזר בן הורקנוס, איז געוואָרן דערווייטערט פון יענעם בית המדרש, פון דעם** כרם ביבנה, **וועט דאָרטן ווערן איינגעשטעלט פולשטענדיקע רו און אָרדענונג, ווו אַלץ וועט ווערן גאַנץ פרידלעך דעצידירט לויט דער מיינונג פון דער מערהייט פון די יידישע געלערטע, די חכמי יבנה.**

**דאָס איז טאַקע געהאַט געווען דאַמאָלט די מיינונג און די שטרעבונג פון רבי יהושע בן חנניה, אָבער גאַנץ אַנדערש האָט דאָס אַלץ זיך אָפּגע־רופן ביי דעם זער איבערגעגעבענעם און ענערגישן נשיא, רבן גמליאל דיבנה, וואָס נאָך דער באַזייטיקונג פון רבי אליעזר בן הורקנוס האָט ער זיך געפילט פרייער און לייכטער ביים איינפירן אין יבנה אַ שטרענגע דיסציפּלין, וואָס זאָל שטאַרקן דעם אויטאָריטעט פון נשיא.**

*

**ביי די ווייטערדיקע פלוגתות און מחלוקות, קאָנפליקטן און צוזאַמענ־שטויסן צווישן די חכמי יבנה מיט דעם נשיא, רבן גמליאל דיבנה, איז**

אין שפיץ פון די חכמים געשטאַנען רבי יהושע בן חנניה. ער איז טאַקע געווען אַ גרויסער חכם, אָבער ווייט נישט אַזאַ שטאַרקער כאַראַקטער און אויך נישט אַזאַ אויטאָריטעט ווי רבי אליעזר בן הורקנוס — איז אים אויסגעקומען כסדר אָפּצוטרעטן און זיך צוריקציען ביי אַלע זיינע קאָנפליקטן און אין די אַלע צוזאַמענשטויסן מיט דעם נשיא רבן גמליאל דיבנה.

עס איז אינטערעסאַנט, ווי רבי יהושע בן חנניה איז געווען דער אמת׳ער, כאַראַקטעריסטישער און טיפּישער פאָרשטייער און אויסדרוק פון די בית הילל — נישט דער נשיא רבן גמליאל, דאָס אור־אייניקל פון הילל הזקן, וואָס איז אָנגענומען אַלס דער ערשטער נשיא פון דער נשיאים־דינאַסטיע.

באַלד די אָרדענונג, וואָס רבן גמליאל האָט איינגעפירט אין יבנה, איז אינגאַנצן בהחלט לויט דעם גייסט און לויט דער שיטה פון די בית שמאי:

שהיה רבן גמליאל מכריז ואומר:
כל תלמיד שאינו תוכו כברו — לא יכנס לבית המדרש![1].

רבן גמליאל האָט פּראָקלאַמירט, דאָס אין בית המדרש אין יבנה, ווערן אַריינגעלאָזט נאָר די ערלעכע, די גוט־אויספּראָבירטע תלמידים. דער תלמיד, וואָס איז נישט תוכו כברו, וואָס זיין אינערלעכקייט איז נישט אַזוי ווי זיין אויסערלעכקייט (אַין קלייניקייט), ווערט ער נישט אַריינגעלאָזט אינעם בית המדרש אין יבנה.

*

ווי עס איז שוין אויבן געוואָרן געבּרענגט, איז דאָס טאַקע די שיטה פון די בית שמאי, אַז ביי לערנען תורה איז דער עיקר. די ווערטפּולע מענטשן אינעם גייסטיקן, אינטעלעקטועלן און אין דעם מאָראַלישן זין. זיי זאָלן שטענדיק עוסק זיין אין דער תורה בקביעות. דאַקעגן אָבער האַלטן די בית הילל, אַז דער עיקר איז צו פאַרשפּרייטן די תורה צווישן גאַנצן פאָלק[2].

ווי עס איז שוין געוואָרן מערערע מאָל דערקלערט, זענען בית שמאי און בית הילל צוויי פאַרשידענע שיטות אין לעבן, צוויי באַזונ־

---

1. ברכות, כח, א.
2. אויבן, זייט 137.

דערע וועלט־אַנשויאונגען. עס איז נישט קיין ענין פון דינאַסטיע, וואָס גייט איבער בירושה פון עלטערן צו קינדער. עס ליגט אין דער נאַטור פון מענטש, אין זיין כאַראַקטער און אין זיין פערזענלעכקייט.

איז גאָר אינטערעסאַנט און זער באַלערנדיק, ווי אין יבנה, אין יבנה פון רבן יוחנן בן זכאי, האָט דער נשיא אַליין, דאָס אור־אייניקל פון הילל הזקן און דער איינציקער, וואָס זיין נאָמען איז אויף שטענדיק פאַרבונדן מיט יבנה, רבן גמליאל דיבנה, האָט ער אויף דעם וויכטיקסטן און עמפּפינדלעכסטן געביט פון יידישקייט: אין לערנען תורה — שטרענג און קאָנסעקווענט איינגעפירט די שיטה פון די בית שמאי.

ווערט דאָרטן דערציילט, ווי ביי דער טיר פון דעם אַזוי־באַרימטן בית המדרש אין יבנה איז געשטאַנען אַ שומר, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע שטרענג אָפּצוהיטן די דאָזיקע אָרדענונג.

עס וועט דאָ ווייטער ווערן איבערגעגעבן, וואָס פאַר אַ רעוואָלוציע עס האָט אַזש געמוזט פאַרקומען אין יבנה, אַז דער דאָזיקער שומר זאָל ענדלעך ווערן באַזייטיקט און דער איינטריט אין דעם בית המדרש, בכרם ביבנה, זאָל זיין פריי פאַר אַלע [1].

## די קאָנפליקטן צווישן רבן גמליאל און רבי יהושע

זענען די חילוקי דעות, די מיינונגס־פאַרשידנהייטן, צווישן רבן גמליאל דיבנה מיט די אַנדערע חכמי יבנה און גאַנץ באַזונדער מיט רבי יהושע בן חנניה, געוואָרן אַלץ אָפטער און שאַרפער, ביז עס איז געקומען צו גאַנץ ערנסטע קאָנפליקטן. ווערט אַזוי, למשל, דערציילט וועגן איינעם פון די ניי־אַנטשטאַנענע פּראָבלעמען נאָך חורבן בית המקדש, וועגן בכורות.

ביי רבי צדוק, דער כהן, איז געהאַט געווען עפּעס אַ שאלה וועגן אַ בכור. האָט ער געפרעגט רבי יהושע בן חנניה, האָט ער אים מתיר געווען. שפּעטער האָט ער די זעלבע שאלה געפרעגט רבן גמליאל דיבנה, האָט ער געענטפערט, אַז עס איז אָסור. פרעגט אים רבי צדוק: היתכן, רבי יהושע האָט דאָך מתיר געווען?! ווערט דאָרטן ווייטער דערציילט, ווי רבן גמליאל האָט דערפאַר אָנגעוואָנדן געגן רבי יהושע׳ן אַ דיסצי־

1. עס איז אויבן, אויף זייט 105, געוואָרן דערמאָנט, אַז רבן גמליאל דיבנה האָט אַליין זיך נוהג געווען אַזוי ווי בית שמאי, ביי אַזאַ האַרבן ענין ווי מצוות יבום.

פלינאַרע סאַנקציע, ער האָט אים געלאָזט אַ לאַנגע צייט שטיין, וואָס עס האָט אַרויסגערופן אַ גרויס אומצופרידנקייט ביי די אַנדערע חכמים[1].

*

רבי אליעזר בן הורקנוס איז שוין געהאַט געווען דערוויטערט פון בית המדרש און איז שוין אינגאַנצן נישט געוואָרן גענומען אין באַ־טראַכט. רבי עקיבא איז נאָכנישט געהאַט געווען גענוג אויפגעוואַקסן. איז דאַמאָלט געהאַט געווען דער וויכטיקסטער פאָרשטייער פון די חכמי יבנה, דער גרויסער חכם, אָבער זער נאָכגעביקער און, בכלל, נישט קיין צו שטאַרקער כאַראַקטער, רבי יהושע בן חנניה.

עס איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז דאָרטן ווו עס זענען פאַרהאַנדן גאַנץ ערנסטע מיינונגס־פאַרשידנהייטן, וואָס פירן צו קאָנפליקטן און דערביי איז איין צד שטענדיק קאָנסעקווענט אויסגעהאַלטן אין זיין שיטה און דער אַנדערער צד איז שטענדיק נאָכגעביק — ווערט דער ערשטער צד כסדר אַלץ שטאַרקער, ביז ער באַזיגט פולשטענדיק דעם נאָכגעבנ־דיקן צד, סיידן עס געשעט פלוצלינג אַ שטאַרקע געגן־רעאַקציע.

איז טאַקע אַזוי געגאַנגען די אַנטוויקלונג: רבי יהושע בן חנניה האָט געהאַלטן אין איין נאָכגעבן און רבן גמליאל האָט כסדר איינגעפירט אַ שטרענגערע דיסציפּלין וואָס זאָל שטאַרקן דעם אויטאָריטעט פון נשיא.

## רבי יהושע פאַר אַ שווערן נסיון

דאַמאָלט, אין יענע צייטן, איז נאָכנישט געהאַט געווען איינגעפירט אַ לוח קבוע, אַ שטענדיקער, גענויער, סטאַבילער קאַלענדאַר, נאָר יעדן חודש איז געוואָרן באַשטימט, צי דער פאַרגאַנגענער חודש האָט געציילט ניין און צוואַנציק אָדער דרייסיק טעג. הגם עס איז שוין דאַמאָלט געהאַט געווען באַוווסט אַ מער־ווייניקער גענויער חשבון, האָט מען נאָך, פונ־דעסטוועגן, זיך געשטיצט אויף דעם זעען פון דער נייער לבנה, ווו עס איז געווען גענוג, אַז צוויי מענטשן זאָלן זי האָבן געזען.

דאָס באַשטימען דעם חודש, קידוש החודש, איז זער וויכטיק, ווייל דערפון זענען אָפּהענגיק די יידישע ימים טובים, האָט דאָס געהערט נאָר אויסשליסלעך צום נשיא.

---

1. בכורות, לו, א.

אַזוי ווי דאָס נשיאות דאַמאָלט, נאָך חורבן ירושלים, איז געהאַט געוועזן זער באַשרענקט און באַגרענעצט, איז קידוש החודש, וואָס האָט געהערט נאָר צום נשיא, געוועזן כמעט דער איינציקער, יעדנפאַלס דער וויכטיקסטער, אויסדרוק פון דעם נשיא׳ס קאָמפּעטענץ.

טרעפט זיך אַמאָל, ראש חודש תשרי, ווי רבן גמליאל דיבנה נעמט־אָן אַ צו שנעלע דעציזיע ביים באַשטימען דעם חודש און די אַנדערע חכמים האַלטן, אַז ער האָט איינגאַנצן זיך טועה געווען; טאָ וועט דאָך, ממילא, יום־כפור נישט אויסקומען אין דעם ריכטיקן טאָג.

ווערט אין דער משנה איבערגעגעבן, ווי די דאָזיקע מיינונג האָט גאַנץ קאַטעגאָריש אויסגעדריקט דער גרויסער געלערטער, דער רייכער רבי דוסא בן הרכינס, און רבי יהושע בן חנניה האָט מיט אים מסכים געווען.

האָט דאַמאָלט רבן גמליאל דיבנה נישט נאָר בלויז נישט צוריקגע־צויגן זיך פון זיין פריערדיקער דעציזיע, נאָר אַדרבא, פונקט פאַרקערט: ער איז אַרויסגעטרעטן זער שטרענג, קאַטעגאָריש און אָן שום ריקזיכט, יאָ אויסצופירן זיין אָנגענומענע דעציזיע:

שלח לו רבן גמליאל: גוזרני עליך שתבוא אצלי במקלך ובמעותיך ביום הכפורים שחל להיות בחשבונך!

הלך ומצאו רבי עקיבא מצר. אמר לו: יש לי ללמוד שכל מה שעשה רבן גמליאל, עשוי שנאמר[1]: „אלה מועדי ה׳, מקראי קודש, אשר תקראו אותם״ — בין בזמנם, בין שלא בזמנם, אין לי מועדות אלא אלו.

בא לו אצל רבי דוסא בן הרכינס, אמר לו: אם באין אנו לדון אחר בית דינו של רבן גמליאל, צריכין אנו לדון אחר כל בית דין ובית דין שעמד מימות משה ועד עכשיו.

נטל מקלו ומעותיו בידו והלך ליבנה אצל רבן גמליאל ביום שחל יום הכפורים להיות בחשבונו.

עמד רבן גמליאל ונשקו על ראשו, אמר לו: בוא בשלום רבי ותלמידי! רבי בחכמה, ותלמידי שקבלת את דברי[2].

---

1. ויקרא, פרשת אמור, כג, ד.
2. משנה, ראש השנה, סוף פרק ב.

האָט רבן גמליאל געשיקט צו רבי יהושע׳ן: איך בין אויף דיר גוזר, אַז דו זאָלסט צו מיר קומען מיטן שטעקן און מיט געלט (דאָס הייסט: אינגאַנצן וואָכעדיק) אין דעם טאָג, וואָס עס איז יום־כפור לויט דיין חשבון!

איז רבי עקיבא געקומען צו רבי יהושע׳ן, ווי ער האָט זיך זער געקווענהלט, זאָגט ער אים: איך קאָן אַרויסלערנען פון דער תורה, אַז אַלץ, וואָס רבן גמליאל האָט דעצידירט — איז דעצידירט: ביי די ימים טובים ווערט אין דער תורה צוגעגעבן: דאָס זענען די געטלעכע הייליקע ימים טובים, וואָס איר וועט אויסרופן. אַלזאָ, צי יאָ אין דער גענוי־ריכ־טיקער צייט, צי נישט, זענען דאָס די יידישע ימים טובים.

איז רבי יהושע געגאַנגען צו רבי דוסא בן הרכינס, האָט ער אים געזאָגט: אויב מיר זאָלן אָפּוועגדן דאָס בית דין פון רבן גמליאל, וועט מען דאַך אויך קאָנען אָפּוועגדן יעדערן בית דין פון משה רבנו ביז יעצט.

אינעם דאָזיקן טאָג, ווען עס איז געווען יום כפור לויט זיין רעכע־נונג, האָט רבי יהושע גענומען אין דער האַנט אַריין דעם שטעקן און געלט און איז געגאַנגען קיין יבנה צו רבן גמליאל.

האָט רבן גמליאל זיך אויפגעשטעלט און אים געקושט אינעם קאָפּ און געזאָגט: זיי באַגריסט מיין רבי און מיין תלמיד; מיין רבי אין חכמה, און מיין תלמיד, וואָס דו האָסט מיך געפאָלגט.

# דער מוסר השכל

פון דער דאָזיקער פּאַסירונג קאָן מען זיך זער אַ סך לערנען.

קודם כל איז זער אינטערעסאַנט און גאָר באַלערנדיק, ווי כבוד, פּרעסטיזש און מאַכט, אפילו נאָר בלויז גייסטיקע מאַכט, קאָנען גאַנץ ווייט פאַרפירן, אפילו, די בעסטע מענטשן מיט די ריינסטע כוונות.

רבן גמליאל דיבנה איז ווירקלעך געווען געבענטשט מיט פיל מידות טובות. זיינע געפילן זענען אוודאי געקומען גאַנץ ערלעך און אויפריכטיק צום אויסדרוק אין זיינע, אויבן געברענגטע, זער פייערלעכע ווער־טער, דאַמאָלט אויף דער שיף, ווען ער איז געהאַט געווען אין אַ סכנה:

רבונו של עולם, גלוי וידוע לפניך, שלא לכבודי עשיתי,

**ולא לכבוד בית אבא עשיתי, אלא לכבודך: שלא ירבו מחלוקות בישראל**[1].

דער זעלבער רבן גמליאל דיבנה איז צוליב זיינע, אן און פאר זיך, זער ערלעכע שטרעבונגען צו דערהייבן דעם פרעסטיזש פון נשיא, געווארן כסדר אזוי הארב נכשל:

קודם כל דאס נישט־אנערקענען דעם טעות אין זיינער אזוי שנעל־אנגענומענער דעציזיע. מען זעט דאך, ווי אי רבי דוסא בן הרכינס, אי רבי יהושע בן חנניה, אי רבי עקיבא, האבן זיי אלע געהאלטן, אז רבן גמליאל האט אינגאנצן זיך טועה געווען.

דאן איז בכלל אין דעם דאזיקן אויפצווינגען אזעלכעס אויף רבי יהושע בן חנניה אנטהאלטן א שיין ביסל אכזריות.

אין דער גמרא ווערט טאקע איבערגעגעבן, ווי רבי יהושע זאגט רבי עקיבא׳ן, דאס הלוואי וואלט ער ליבערשט אויף א גאנץ יאר אוועק־געפאלן א קראנקער, איידער עס זאל אויף אים קומען אזא שווערע גזירה[2].

*

דאס דא אויבן־געזאגטע געהערט צו דער שאטן־זייט פון דער דא־זיקער געשעעניש, וואס האט אבער אויך ליכטיקע זייטן.

באלד די האנדלונג פון די חכמי יבנה, וואס נישט נאר בלויז וואס זיי האבן נישט אויסגענוצט די דאזיקע אזוי הארבע שטרויכלונג פון דעם שטרענגן נשיא, נאר גאר פונקט פארקערט: זיי האבן אלץ געטוען, כדי זי צו מילדערן און בארואיקן די געמיטער.

גאנץ באזונדער טאקע רבי יהושע בן חנניה אליין, וואס ער האט געברענגט אזא שווערן קרבן, כדי צו דערהאלטן דעם דאמאלט, פון אלע שטאנדפונקטן, אזוי נויטיקן פרעסטיזש פון נשיא, הגם ער איז געהאט געווען אזוי אומגערעכט.

*

זאל, אגב, אויך ווערן באמערקט די אויסגעהאלטנקייט פון די חכמי יבנה:

דא, ביי רבי יהושע בן חנניה, האבן די חכמים אים געראטן זיך אונטערצוווארפן דער דיסציפלין און נאכגעבן דעם פארלאנג פון נשיא,

1. געברענגט אויבן אויף זייט 314.
2. ראש השנה, כה, א.

הגם ער איז אומגערעכט. דאַגעגן אָבער אין דעם סכסוך צווישן רבי אליעזר בן הורקנוס מיט די איבעריקע חכמי יבנה און רבן גמליאל בתוכם — האָבן זיי נישט אפילו פּראָבירט צו ווירקן אויף רבי אליעזר׳ן, אַז ער זאָל דאָך איינגיין אויף פּשרות. ווייל דאָס וואָס עס פּאַסט פּאַר רבי יהושע בן חנניה, פּאַסט נישט פּאַר רבי אליעזר בן הורקנוס.

## אַן אינטערעסאַנטע פּסיכאָלאָגישע דערשיינונג

פונדעסטוועגן, אַז מען פאַרטיפט זיך גוט אין דעם דאָזיקן גאַנצן ענין, קאָן מען באַמערקן אַ גאָר אינטערעסאַנטע און זער מערקווירדיקע פּסיכאָלאָגישע דערשיינונג:

אייגנטלעך איז עס דאָך ממש אַ רעטעניש: ווי אַזוי איז עס באַלד מעגלעך געווען, ווי אַזוי האָט עס בכלל געקאָנט קומען דערצו, אַז רבן גמליאל דיבנה זאָל אַזוי ווייט און אַזוי הארב נכשל ווערן?

עס איז נאָך האַרבער דערמיט, וואָס נישט איין מאָל, נאָר מינדעסטנס דריי מאָל, האָט דאָס זעלבע זיך איבערגעחזרט: ביי דער שאלה פון רבי צדוק וועגן אַ בכור [1], וועגן תפילת ערבית [2], און טאַקע דער אַזוי אויס־טערלישער פאַל ביי יום כפור.

קומט מען צו צו אַ זער מערקווירדיקער פּסיכאָלאָגישער דערשיינונג, וואָס אין פלוג גענומען קאָן דאָס אויסזען זער פּאַראַדאָקסאַל:

טאַקע די גוטע מידות פון רבן גמליאל דיבנה: די אויפריכטיקע באַ־ שיידנקייט און צניעות, די אמת׳ע געוויסנהאַפטיקייט און די שטרענגע פאַראַנטוואָרטלעכקייט — אָט די אַלע דאָזיקע מידות טובות צוזאַמען האָבן גורם געווען און צוגעפירט צו אַזעלכע אומפאַרשטענדלעכע האַנד־ לונגען.

רבן גמליאל איז געווען אינגאַנצן איבערגענומען מיט זיין הויכער און אַזוי שווערער פאַראַנטוואָרטלעכער מיסיע אַלס נשיא אין יבנה אין יענער דעצידירנדיקער עפּאָכע. ער האָט געוווסט, דאָס ער מוז וואָס מער שטאַרקן און וואָס העכער דערהייבן דעם אויטאָריטעט פון נשיא בכלל.

איז טאַקע דערפאַר וואָס רבן גמליאל איז געווען באמת באַשיידן און נאַטירלעך צניעות׳דיק, האָט ער נישט געהאַט קיין שום פערזענלעכע

---

1. געברנעגט אויבן אויף זייט 317.
2. עס ווערט געברענגט ווייטער, אויף זייט 326.

נאַטירלעכע באַציאונג צו דעם גאַנצן ענין כבוד לגבי דעם נשיא און דאָס אַלץ איז ביי אים געווען אַן אויפגעצווינגענע זאַך. עס איז ביי אים געווען אינגאַנצן אומנאַטירלעך און פרעמד צו זיין גייסטיקער איינשטע־לונג, צו זיין געמיט־צושטאַנד, צו זיין כאַראַקטער און צו זיין גאַנצער נאַטור.

איז דאָס וואָס דער מענטש טוט אויפגעצווינגענערהייט געגן זיין נאַטור, דאָס וואָס ער האָט נישט דערצו קיין ריכטיק פאַרשטענדעניש — האָט ער נישט, ממילא, די געהעריקע קאָנטראָלע און דאָס ריכטיקע געפיל, וואָס זאָלן אים פאַרהיטן פון איבערטרייבונגען, פון איבערכאַפּן צופיל די מאָס.

רבן גמליאל דיבנה איז אין דער נאַטור געווען אַזוי ווייט פון פערזענלעכע אַמביציעס און פון שטרעבן נאָך אייגענעם כבוד, דאָס ער האָט אינגאַנצן נישט געהאַט צו אַזעלכע ענינים קיין שום פאַרשטענדעניש און קיין פערזענלעכע געפילן, וואָס זאָלן אים אויסהיטן פון אפילו גאָר שרייענדיקע איבערטרייבונגען.

איז טאַקע אויך דער מוסר השכל, ווי ווייט דער מענטש דאַרפט זיך אויסהיטן פון אומנאַטירלעכקייטן אפילו ווען עס זענען דערביי די בעסטע און ריינסטע כוונות.

פיל מער ווי בנוגע געוויינלעכע פשוטע מענטשן, איז דאָס בנוגע גרויסע פערזענלעכקייטן. וואָס גרעסער און ערלעכער דער מענטש איז — אַלץ מער דאַרפט ער זיך אויסהיטן נישט צו זיין אומנאַטירלעך, וואָס עס ברענגט מיט זיך זער שווערע פאַלגן.

די דאָזיקע דערקלערונג שטאַמט נישט דווקא פון אַפּאָלאָגעטישע טענדענצן, צו וועלן ביי אַלע אומשטענדן פאַרטיידיקן רבן גמליאל דיבנה. אַז מען לעבט זיך איין גוט אין יענער סביבה, אין דער גייסטיקער וועלט אין יבנה, און מען באַקענט זיך ריכטיק מיט יענע אַזוי גרויסע און ערלעכע מענטשן — קאָן מען גאַנץ דרייסט אָנעמען אָט די דאָזיקע דערקלערונג וועגן די אַזוי אומפאַרשטענדלעכע האַנדלונג פון רבן גמליאל דיבנה.

דוד מלכי

# ווען איז יום כפור

אין די פריערדיקע קאַפּיטלען איז שוין אויסגעקומען צו ברענגען עטלעכע אַזעלכע פאַלן, ווו רבי עקיבא איז געקומען צו־הילף ביי פאַר־שידענע פאַרלעגנהייטן [1].

ביי די אַלע אַנדערע גאָר הויך־מענטשלעכע אייגנשאַפטן, איז רבי עקיבא געווען געבענטשט אויך מיט דער וווּנדערלעכער פעאיקייט באַלד צו דערשיינען ביי יעדערער עמעצנס שווערער פאַרלעגנהייט, כדי צו ברענ־גען די געהעריקע הילף אָדער, מינדעסטנס, על כל פנים צו לינדערן די ליידן, ווי עס וועט אויסקומען נאָך מערערע אַזעלכע פאַלן צו ברענגען אין דעם צווייטן טייל.

אַז רבי עקיבא האָט געזען, ווי זיין ליבער רבי, רבי יהושע בן חנניה, געפינט זיך אין אַזאַ שווערער פאַרלעגנהייט און דערביי האָט ער אויך גאַנץ גוט געוווּסט, אַז רבן גמליאל וועט בשום אופן זיך נישט צוריקציען — האָט ביי אים, אַזוי זוכנדיק אַן אויסוועג, אויפגעבליצט אַזאַ געדאַנק, וואָס איז פשוט אַ התגלות, אַן אַנטפּלעקונג.

פאַרטיפנדיק זיך אין דער הייליקייט פון יום כפור, האָט רבי עקיבא זיך דערגרונטעוועט צו דעם יסוד פון דעם דאָזיקן יידישן הייליקן טאָג, לויט דער ריינער יידישער השגה וועגן דער הייליקייט פונעם מענטש־לעכן לעבן.

וואָס? דער טאָג, אַן און פאַר זיך, איז אַנדערש ווי אַלע אַנדערע טעג?!

דער מענטש, דער יידישער מענטש, גיט אין אים אַריין הייליקייט. ער מאַכט אים הייליק דערמיט, וואָס ער פילט אים אויס מיט הייליקייט. דאָס יידישע פאָלק הייליקט דעם טאָג אַלס יום כפור. דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, דורך זיין פאָרשטייער, דורך דעם נשיא פון יידן. דאַמאָלט, דער נשיא, רבן גמליאל דיבנה.

אַזוי ווי עס איז ביי רבי עקיבאַ'ן געוואָרן קלאָר דער דאָזיקער עכטער, אָריגינעלער, יידישער געדאַנק, איז אים באַלד אַקעגנגעקומען דער ריכטיקער פסוק אין דער תורה, וואָס באַשטעטיקט דעם דאָזיקן אמת:

---

1. געברענגט אויבן, זז. 269, 290, 295 און 298.

אלה מועדי ה', מקראי קודש, אשר **תקראו אותם** במועדם.

וואָס איר וועט זיי אויסרופן, וואָס איר וועט זיי פּראָקלאַמירן, די יידישע ימים טובים.

אין דער גמרא ווערט דער דאָזיקער געדאַנק אויספירלעכער דער־קלערט און שטאַרקער אַקצענטירט און רבי עקיבא ווייזט רבי יהושע'ן, אַז די דאָזיקע לערע איז, אייגנטלעך, אויסגעהאַלטן לויט רבי יהושע'ס אייגענער שיטה. זאָגט רבי עקיבא:

רבי, תרשיני לומר לפניך דבר אחד שלמדתני!

רבי, דערלויב מיר עפּעס דיר צו זאָגן, וואָס דו האָסט מיך אַמאָל געלערנט![1]

*

האָט אפשר טאַקע זיך געלוינט די גאַנצע דאָזיקע אַזוי פּיינלעכע געשעעניש, ווייל צוליב איר איז דורך רבי עקיבא אַזוי קלאָר געקומען צום אויסדרוק אַזאַ הערלעכע לערע, וואָס כאַראַקטעריזירט די הויכע רעליגיעזע מענטשלעכע השגה פון די חכמי יבנה.

## הפסקה אין רבן גמליאל'ס נשיאות

אַלע זענען געווען זער גערירט און איבערגענומען פון דער דאָזי־קער אויפפירונג פון רבי יהושע בן חנניה. אויך רבן גמליאל אַליין איז געווען גאָר באַגייסטערט און אויך שטאַרק גערירט דערפון. אין דער גמרא ווערט איבערגעגעבן, ווי רבן גמליאל האָט דאַרויף געזאָגט:

אשרי הדור שהגדולים נשמעין לקטנים, קל וחומר — קטנים נשמעין לגדולים!

ווייל איז דעם דור, וואָס די גרויסע הערן זיך צו צו די קליינע, טאָ פאַרשטייט זיך, אַז די קליינע דאַרפן אוודאי זיך צוהערן צו די גרויסע.

---

1. ראש השנה, כה, א.

וואָלט, לויט דעם פשוט'ן שכל, געוועז גאַנץ נאַטירלעך דאָס רבן גמליאל דיבנה זאָל זיין דערפון פולשטענדיק צופרידן און זיך באַניגן לאָזן מיט אַזאַ מין אויסדריקן הכנעה פון רבי יהושע בן חנניה. וואָלט רבן גמליאל געדאַרפט זוכן געלעגנהייטן, כדי וואָס מער מכבד צו זיין רבי יהושע'ן, וואָס איז געוועז פּעאיק אָנצונעמען פון אים, אפילו, אַזאַ גזרה.

מען קאָן נישט וויסן גענוי, וואָס עס איז דאָרטן אַלץ פאָרגעקומען, עס איז נאָר באַוווסט פון נאָך אַזאַ ענלעכן קאָנפליקט צווישן די דאָזיקע צוויי חכמים. עס האָט זיך דאַמאָלט געהאַנדלט וועגן דער פראַגע: תפילת ערבית רשות או חובה, צי מוז מען דאַווענען מעריב. דאָס הייסט: צי מוז מען דאַווענען דריי מאָל אין טאָג, אָדער עס איז גענוג צוויי מאָל. איז רבן גמליאל נישט געוועז צופרידן פון רבי יהושע'ן, וואָס ער איז דערביי מקיל און האָט אים ווידער באַליידיקט.

רבן גמליאל דיבנה האָט דאָ ווידער צופיל איבערגעכאַפּט די מאָס און דאָס מעסטל איז איבערגעגאַנגען.

די חכמי יבנה האָבן שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן די באַליי־דיקונג פון רבי יהושע בן חנניה און עס איז, פשוט, אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע, וואָס רבן גמליאל דיבנה איז דערביי געוואָרן באַזייטיקט פון נשיאות און אויף זיין אָרט איז אַלס נשיא געוואָרן באַשטימט רבי אלעזר בן עזריה.

צווישן אַנדערע מאָטיוון וואָס האָבן משפיע געוועז אויף דעם אויס־וואַל פון רבי אלעזר בן עזריה אַלס נשיא, איז אויך דאָס געהערן צו אַ מיוחס'דיקער משפחה פון כהנים און דער צענטער דור פון עזרא הסופר.

ווערט איבערגעגעבן, ווי די ערשטע טאַט איז דאָרטן דאַמאָלט געהאַט געוועזן, דאָס באַזייטיקן דעם שומר פון דער טיר און עפענען אינגאַנצן פריי פאַר אַלע דעם אַריינגאַנג אינעם בית המדרש אין יבנה.

האָבן טאַקע באַלד אָנגעהויבן צו שטראָמען גרויסע מאַסן און עס זענען צוגעקומען אַזוי פיל תלמידים, דאָס באַלד אינעם ערשטן טאָג האָט מען געמוזט צושטעלן פיר הונדערט און לויט אַן אַנדער ווערסיע, זיבן הונדערט, נייע בענק.

ווערט איבערגעגעבן, ווי עס איז דאַמאָלט אין דעם בית המדרש אין יבנה אָנגעגאַנגען אַ זער פיבערהאַפטע טעטיקייט, אַזוי ווייט, אַז עס איז נישט פאַרבליבן קיין שום נישט־געלעזטער פּראָבלעם:

ולא היתה הלכה שהיתה תלויה בבית המדרש שלא פירשוה.

*

צו דעם גרויסן שבח פון רבן גמליאל דיבנה ווערט דאָרטן צוגעגעבן:

> ואף רבן גמליאל לא מנע את עצמו מבית המדרש אפילו שעה אחת.

און רבן גמליאל האָט נישט אויסגעמיטן דאָס בית המדרש אפילו איין שעה.

רבן גמליאל דיבנה איז נאָך דעם אַלעם נישט ברוגז געוואָרן. ער האָט אַלץ אָנגענומען דיסציפּלינירט און מיט ווירדע. ער האָט נישט פאַרלאָזט דאָס בית המדרש, נאָר דאָרטן ווייטער געבליבן און זער אַקטיוו זיך באַטייליקט אין די אַלע דיסקוסיעס און אין די אָפּשטימונגען גלייך ווי יעדער איינער פון די חכמי יבנה.

*

רבן גמליאל דיבנה איז ענדלעך געקומען צו דער איבערצייגונג, דאָס יעדנפאַלס איז ער נישט געווען גערעכט.

ווערט דערציילט:

> אָמר רבן גמליאל: הואיל והכי הוי, איזיל ואפייסיה לרבי יהושע. כי מטא לביתיה חזינהו לאשיתא דביתיה דמשחרן. אָמר לו: מכותלי ביתך אתה ניכר שפחמי אתה. אָמר לו: אוי לו לדור שאַתה פרנסו, שאי אתה יודע בצערן של תלמידי חכמים, במה הם מתפרנסים ובמה הם ניזונים! אָמר לו: נעניתי לך, מחול לי! לא אשגח ביה. עשה בשביל כבוד אַבא! פיים.

האָט רבן גמליאל געזאָגט: אויב עס איז יאָ אַזוי וועל איך גיין מפייס זיין, איבערבעטן, רבי יהושע בן חנניה. ווען ער איז צו אים געקומען האָט ער געזען ווי די ווענד זענען שוואַרץ. זאָגט רבן גמליאל צו רבי יהושע׳ן: פון דיינע ווענד זעט מען אַז דו ביזט גאָר אַ שמיד. זאָגט צו אים רבי יהושע: אוי לו לדור שאַתה פרנסו, ווי איז צו דעם דור, וואָס דו ביזט זיין פאַרזאָרגער! דו ווייסט אפילו נישט ווי די תלמידי חכמים

קוועהלן זיך, מיט וואָס זיי פאַרנעמען זיך און ווי אַזוי זיי שפּייזן זיך!
זאָגט רבן גמליאל: איך בעט דיך איבער, זיי מיר מוחל!
איז רבי יהושע דאַרויף נישט איינגעגאַנגען ביז רבן גמליאל האָט אים געזאָגט: עשה בשביל כבוד אַבא!, טו דאָס צוליב דעם כבוד פון מיין טאַטן!
ווי עס איז שוין אויבן געוואָרן דערמאָנט, איז דער טאַטע פון רבן גמליאל דיבנה, דער נשיא רבן שמעון בן גמליאל, אומגעקומען דורך די רוימער [1].
רבי יהושע האָט דערמיט געוויזן, דאָס ער איז אים מוחל, נישט אין זיין אייגענעם זכות, נאָר אין זכות פון זיין טאַטן, רבן שמעון בן גמליאל.

*

אַז רבי יהושע בן חנניה האָט אים מוחל געווען, האָבן די חכמי יבנה באַשלאָסן צוריק אויפצונעמען רבן גמליאל'ן אַלס נשיא, אָבער רבי אלעזר בן עזריה איז נישט געוואָרן אינגאַנצן באַזייטיקט.
עס איז דאַמאָלט געוואָרן איינגעשטעלט אַ נייע און שטענדיקע אָר־דענונג:
רבן גמליאל דיבנה פּירט צוויי וואָכן און רבי אלעזר בן עזריה — איין וואָך [2].
לויט דעם תלמוד ירושלמי איז רבי אלעזר בן עזריה געוואָרן דאַמאָלט באַשטימט אַלס אַב בית־דין, אַלס פאָרזיצער פון געריכט [3].
די דאָזיקע ביידע ידיעות, פון בבלי און פון ירושלמי זענען זיך נישט סותר, איינע שליסט נישט אויס די אַנדערע, ביידע צוזאַמען קאָנען זיין ריכטיק.

1. געברענגט אויבן, אויף זייט 198.
2. ברכות, כז, ב; כח, א.
3. ירושלמי, ברכות, ד, א.

# נאָך דער הפסקה

עס איז נישט באַקאַנט, ווען איז פאָרגעקומען די דאָזיקע זער וויכ־טיקע געשעעניש, די הפסקה אין רבן גמליאל׳ס נשיאות, וואָס האָט אוודאי גורם געווען פיל ענדערונגען אין דער אָנפירונג און בכלל אין דער גאַנצער אָרדענונג אין יבנה.

ווי דער שטייגער איז אין אַזעלכע ענלעכע פאַלן, האָבן ביידע צדדים געהאַט זיך צו לערנען גאַנץ גענוג פון דער דאָזיקער אויסערגעווענלעכער געשעעניש:

קודם כל האָט רבן גמליאל דיבנה אַליין איינגעזען, אַז יבנה קאָן גאַנץ גוט ווייטער עגזיסטירן, אפילו אָן רבן גמליאל דיבנה. פון דער אַנדערער זייט ווידער, האָבן די חכמים גאַנץ גוט איינגעזען, אַז קיין אַנדערער קאָן גאָרנישט זיין בעסער ווי טאַקע רבן גמליאל דיבנה אַליין.

דאַן איז דאָך אויך טאַקע געווען זער וויכטיק דער יחוס פון רבן גמליאל דיבנה און זיין זכות אבות.

*

פיל, זער פיל יידישע מענטשן, יידישע קעמפער פאַר פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט, זענען דאַמאָלט ווונדערלעך העלדיש געפאַלן, אין יענעם שרעקלעך פאַרביטערטן קאַמף געגן דער ריזידיקער רוימישער אַרמעע. אָבער זער זעלטן הערט מען בכלל, אַז אויך דער העכסטער פירער פון פאָלק זאָל פאַלן, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע העלדישע קעמפער פון פאָלק.

קאָן טאַקע דאָס יידישע פאָלק שטאָלצירן, דאָס דער ערשטער יידישער קעניג, שאול המלך, איז גערנוויליק געפאַלן אין קאַמף. אַזוי אויך אין דער גרויסער ווונדערלעך־העלדישער פאַרמעסטונג מיט דער אַזוי מעכטיקער רוימישער אימפעריע, איז דער אָפיציעל גרעסטער ייד, דער נשיא רבן שמעון בן גמליאל — געפאַלן, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע יידישע העלדן, די אויפשטענדלער און קעמפער געגן דער ברוטאַלער פרעמדער מאַכט.

איז, פאַרשטייט זיך, דער דאָזיקער אַזוי גרויסער און בכלל זעלטענער זכות, טאַקע אויך בייגעשטאַנען זיין זון רבן גמליאל דיבנה.

אפילו דער געטרייעסטער תלמיד פון רבן יוחנן בן זכאי, רבי יהושע בן חנניה, וואָס איז מערערע מאָל געוואָרן באַליידיקט און געקרענקט פון רבן גמליאל דיבנה, אַז ער האָט טאַקע נישט געוואָלט אים מוחל זיין — איז געווען געגוג אַז רבן גמליאל זאָל אים דערמאָנען זיין טאָטן, אַז ער זאָל אים שוין מוחל זיין.

רבי יהושע בן חנניה איז טאַקע דער געטרייעסטער נאָכפאָלגער פון רבן יוחנן בן זכאי און איז אוודאי מיט אים געווען אינגאַנצן איינשטימיק לגבי זיין פּאָליטישער איינשטעלונג, אָבער דער זעלבער רבי יהושע בן חנניה האָט גאַנץ גוט געוווסט אָפּצושאַצן דאָס הערלעכע מסירת נפש פון דעם לעצטן נשיא פאַר חורבן ירושלים, רבן שמעון בן גמליאל.

## די שטעלונג פון רבי יהושע בן חנניה

ווי עס זעט זיך אויס, האָט דאַמאָלט רבי יהושע בן חנניה אינגאַנצן אָפּגעטרעטן און גוטמוטיק פאַרלאָזט יבנה.

עס זענען פאַרשטענדלעך די מאָטיוון וואָס האָבן אים באַוויגן צו דעם דאָזיקן שריט:

קודם כל, דאָס ווערלן אויסמיידן ווייטערדיקע סכסוכים מיט רבן גמליאל׳ן. דאָן איז גאַנץ וואַרשיינלעך אָנצונעמען, דאָס ביי זיין עכט און אמת׳דיק באַשיידנקייט איז אים ווירקלעך געווען אינגאַנצן דערווידער זיין זיג איבערן נשיא.

האָט רבי יהושע בן חנניה פאַרלאָזט יבנה און אויף זיין אָרט איז רבי אלעזר בן עזריה באַשטימט געוואָרן אַלס אָב בית־דין.

עס ווערט געברענגט ווי רבי יהושע בן חנניה האָט זער גערימט רבי אלעזר בן עזריה. אַזוי ווערט למשל דערציילט, ווי די תלמידים וואָס זענען געהאָט געווען שבת אין יבנה זענען געקומען קיין פּקיעין צו רבי יהושע׳ן. פרעגט ער זיי: וואָס איז פאַרגעקומען עפּעס נייעס אין יבנה? ענטפערן זיי: מיר זענען דיינע תלמידים! (דאָס הייסט: זיי לערנען תורה נאָר ביי אים). זאָגט זיי רבי יהושע: דאָך, דערציילט עפּעס; קודם כל, וועמענס שבת איז עס געווען? (פון רבן גמליאל אָדער פון רבי אלעזר בן עזריה). ענטפערן זיי: פון רבי אלעזר בן עזריה. זאָגט רבי יהושע: איז דען מעגלעך אַז רבי אלעזר בן עזריה זאָל נישט זאָגן קיין נייעס?!

ווערט ווייטער דערציילט ווי די תלמידים האָבן איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון דער דרשה פון רבי אלעזר בן עזריה, האָט דאָס רבי יהושע שטאַרק גערימט און מיט באַגייסטערונג האָט ער אויסגערופן:

אין הדור יתום, שרבי אלעזר בן עזריה שרוי בתוכו! [1]

*

פון די גרויסע חכמי יבנה איז פריער פון אַלע געשטאָרבן רבן גמליאל [2], דערנאָך רבי אליעזר בן הורקנוס און דערנאָך רבי יהושע בן חנניה. ווערט דערציילט וועגן אַ הלכה, וואָס כל זמן רבן גמליאל האָט געלעבט האָט מען זיך נוהג געווען אַזוי ווי ער, אָבער נאָך זיין פּטירה האָט רבי יהושע בן חנניה געוואָלט מבטל מאַכן די דאָזיקע הלכה, האָט רבי יוחנן בן נורי שטאַרק פּראָטעסטירט:

כל ימיו של רבן גמליאל קבענו הלכה כמותו, עכשיו אתה מבקש לבטל את דבריו?! יהושע, אין שומעין לך, שכבר נקבעה הלכה כרבן גמליאל ולא היה אדם שערער בדבר כלום [3].

ווען רבן גמליאל האָט געלעבט האָט מען זיך געפירט אַזוי ווי ער, טאָ ווילסט דו יעצט דאָס מבטל זיין?! יהושע, מען וועט דיך נישט פאָלגן, ווייל עס איז געוואָרן באַשטימט די הלכה ווי רבן גמליאל און קיינער איז נישט געהאַט געווען דאַגעגן.

*

עס איז אינטערעסאַנט דאָ צו דערמאָנען, וואָס עס איז שוין אויבן געוואָרן געברענגט:

לאחר מיתתו של רבי אליעזר נכנסו ארבעה זקנים להשיב על דבריו: רבי טרפון ורבי יוסי הגלילי ורבי אלעזר בן עזריה ורבי עקיבא וכ"ו. אמר להם רבי יהושע: אין אתם משיבים את הארי לאחר מיתה! [4]

נאָך דער פּטירה פון רבי אליעזר בן הורקנוס זענען זיך צוזאַמענ־

---

1. מכילתא, פרשת בא, יג, א. תוספתא, סוטה, ז. חגיגה, ג, א.
2. ירושלמי, ברכות, ג. מועד קטן, כז, ב.
3. עירובין, מא, א. תוספתא, תענית, ב, ה.
4. ירושלמי גטין, ט, א; בבלי, פג, א. געברענגט אויבן אויף זייט 275.

געקומען די פיר עלטערע חכמים: רבי טרפון, רבי יוסי הגלילי, רבי אלעזר בן עזריה און רבי עקיבא, כדי אָפּצוּוועגדן אַ געוויסע הלכה ווי רבי אליעזר איז זער מקיל לטובת דער פּרוי. זאָגט צו זיי רבי יהושע: איר וועט נישט אָפּוועגדן דעם לייב נאָך זיין טויט!

עס פאַרשטייט זיך אַז אין די דאָזיקע צוויי פאַלן קומען גאַנץ בולט צום אויסדרוק די גאָר פאַרשידענע מיינונגען וואָס רבי יהושע בן חנניה האָט געהאַט וועגן די דאָזיקע צוויי חכמי יבנה, וועגן רבי אליעזר בן הורקנוס און וועגן רבן גמליאל דיבנה.

*

אויך ביי אַן אַנדערער פלוגתא צווישן רבי אליעזר בן הורקנוס און רבי יהושע בן חנניה, ווי רבי אליעזר איז מקיל לטובת דער פרוי, ווערט איבערגעגעבן, אַז כל זמן רבי אליעזר האָט געלעבט איז געהאַט געווען די הלכה אַזוי ווי רבי יהושע, אָבער נאָך דער פטירה פון רבי אליעזר'ן האָט רבי יהושע איינגעפירט, אַז די הלכה זאָל זיין אַזוי ווי רבי אליעזר [1].

## די גרויסע היסטאָרישע מיסיע פון רבן גמליאל דיבנה

ווי עס איז באַוווּסט האָט דאָס נשיאות עגזיסטירט אַרום פיר הונדערט יאָר. ביז בערך דעם יאָר 430 לויט דער אָנגענומענער צייט רעכענונג.

זענען אין משך פון דער דאָזיקער צייט געווען זעקס נשיאים מיטן נאָמען גמליאל, פיר — יהודה, דריי (אָדער צוויי) — שמעון, צוויי — הלל.

כדי אונטערצושיידן צווישן די רבן גמליאל'ס, ווערט דער ערשטער גערופן רבן גמליאל הזקן, און דער צווייטער, זיין אייניקל, רבן גמליאל דיבנה.

הגם דאָס פאַרבינדן דעם נאָמען רבן גמליאל מיט יבנה איז אייגנטלעך געווען צוליב אַ צופעליקע סיבה — האָט ער אָבער גאַנץ כשר פאַרדינט אַז זיין נאָמען זאָל טאַקע אויף אייביק זיין פאַרבינדן מיט דער דאָזיקער וווּנדערלעכער אינסטיטוציע, וואָס ווערט באַצייכנט מיט דעם נאָמען יבנה.

*

1. ירושלמי, נדה, א, ב.; בבלי, ז, ב. אַנדערשט אין דער תוספתא, נדה, א. ה.

רבן גמליאל דיבנה איז געווען אינגאַנצן איבערגעגעבן בלב ונפש צו זיין גרויסער היסטאָרישער מיסיע:

צו פאַרוואַנדלען דאָס אויסגעבעטענע, טאָלערירטע און קוים קוים אָנערקענטע יבנה — אין אַן אמת׳דיקע גוט אָרגאַניזירטע עכט יידישע זעלבסט פאַרוואַלטונג, וואָס זאָל ווירקלעך רעגירן און געשטאַלטן דאָס יידישע לעבן אין יענע אַזוי שווערע קריטישע באַדינגונגען, אונטער דער ברוטאַלער הערשאַפט פון דער רוימישער אָקופּירנדיקער מאַכט.

אַזוי האָט דאַמאָלט רבן גמליאל דיבנה אויך צוריק איינגעפירט אין לעבן דאָס יידישע געריכטס־וועזן מיט דעם העכסטן געריכט, דאָס בית דין הגדול ביבנה, די יידישע סנהדרין.

רבן גמליאל דיבנה האָט זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט דער אָנפּי־רונג פון די צענטראַלע אינסטיטוציעס אין יבנה גופא, נאָר ער האָט געפלעגט אַרומפאָרן אין גאַנצן לאַנד, ווי עס ווערט אויסגעדריקט: שהיה עובר ממקום למקום [1], כדי אַליין איבעראַל אַכטונג געבן אויף דער אָרדענונג און דאָרטן אַרויסגעבן די אַלע געהעריקע, פון אַ לאָקאַלן כאַראַק־טער, נויטווענדיקע תקנות.

*

צווישן אַלע אַנדערע וויכטיקע תקנות פון רבן גמליאל ובית דינו ביבנה, קאָן מען אויך רעכענען דעם איינגעפירטן סדר של פסח, וואָס האָט דאַמאָלט, נאָך חורבן בית המקדש, געמוזט אָננעמען אַנדערע פאָרמען.

זאָגט מען אין דער הגדה של פסח די משנה:

רבן גמליאל היה אומר: כל שלא אָמר שלשה דברים אלו בפסח, לא יצא ידי חובתו וכ״ו [2].

און אַזוי ווערן אין דער הגדה דערמאָנט אויך די אַנדערע גרויסע חכמי יבנה:

מעשה ברבי אליעזר ורבי יהושע ורבי טרפון ורבי אלעזר בן עזריה ורבי עקיבא שהיו מסובים בבני ברק והיו מספרים ביציאת מצרים כל אותה הלילה וכ״ו.

---

1. תוספתא, תרומות, ב, יג.
2. משנה, פסחים, י, ה.

*

קומט מען צו צו גאָר אַ וויכטיקער תקנה, וואָס האָט געהאַט דאַמאָלט און האָט נאָך עד היום אַ זער וויכטיקע באַדייטונג, איסער אַלעם אויך פאַר דעם באַוווסטזיין פון יידישן פאָלק:

רבן גמליאל דיבנה האָט איינגעפירט דעם געניטען און אויף שטענדיק גילטיקן נוסח התפילה, וואָס איז טאַקע געוואָרן אָנגענומען פון יידישן פאָלק אויף אַלע דורות: דעם געניטען נוסח פון די שמונה עשרה, די אַכטצן ברכות, וואָס יעדער ייד דאַרפט מתפלל זיין דריי מאָל יעדן טאָג.

אַזוי ווי דאָס יידישע פאָלק האָט טאַקע באמת אָנגענומען די דאָזיקע תקנה און במשך דער גאַנצער צייט (אַרום טויזנט ניין הונדערט יאָר), דאַווענט מען דריי מאָל אין טאָג, איז מען געוואָנלעך — אויסער יחידי סגולה — געוואָרן אַזוי צוגעוווינט צו דער שמונה עשרה, דאָס זי ריפט נישט אַרויס קיין באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט.

אַז מען פאַרטיפט זיך אָבער ווי געהעריק אין דער דאָזיקער, אַזוי פּאָפּולערער שמונה עשרה, ווערט מען דערשטוינט פון דעם גרויסן אוצר פון געדאַנקען און געפילן, פון דער ריינער עטיק און געלייטערטן רעלי־גיעזן גלויבן, פון דער באַוווסטזיניקער נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט און פון דער בענקשאַפט צו אַבסאָלוטער געטלעכער גערעכטיקייט און דער־הויבנקייט, וואָס דאָס אַלץ שטעלט ממילא מיט זיך פאַר דעם פּאַקטישן אני מאמין פון יעדן ייד באַזונדער און פון גאַנצן פאָלק צוזאַמען.

דאָס אַלץ קומט צום אויסדרוק אין אַן אייגנאַרטיקער, פּשוטער און האַרציקער שפּראַך, וואָס רעדט צום האַרצן און צו די געפילן פון יעדן פּשוט׳ן פאָלקס־מענטש, פּונקט אַזוי ווי צום פאַרשטאַנד און צו דער הויכער השגה פון די גרויסע תלמידי חכמים.

*

עס איז אינטערעסאַנט צוצוגעבן, דאָס הגם דער געניטער פעסטגעשטעל־טער נוסח איז געוואָרן אָנגענומען דורך רבן גמליאל הנשיא, איז אָבער דערביי געוואָרן אויפגעהאַלטן דער נאָמען פון דעם מחבר, דער מסדר פון דער דאָזיקער שמונה עשרה, אַזוי ווי עס ווערט איבערגעגעבן אין תלמוד בבלי:

שמעון הפקולי הסדיר שמונה עשרה ברכות לפני רבן גמליאל על הסדר ביבנה[1].

1. ברכות, כח, ב. מגילה, יז, ב.

שמעון דער פלאַקס־הענדלער (אָדער שפּינער) האָט צוזאַמענגעשטעלט כסדר די אַכטצן ברכות פאַר רבן גמליאל אין יבנה.

עס איז כדאי צוצוגעבן, דאָס דער דאָזיקער נאָמען: שמעון הפקולי, ווערט מער אין ערגעץ נישט דערמאָנט. ער איז געוואָרן פאַראייביקט בלויז צוליב דער דאָזיקער לייסטונג.

*

שפּעטער איז אויך געוואָרן צוגעגעבן נאָך אַ נייַנצענטע ברכה, וואָס ווערט גערופן: ברכת המינים, געגן די אַלע פאַרשידענע מינים סעקטעס, צווישן זיי אויך די יידיש־קריסטלעכע סעקטע, וואָס זענען דאַמאָלט געוואָרן דערווייטערט פון פאָלק, ווייל זיי האָבן אַריינגעברענגט אַ צערו־דערונג און זענען געוואָרן אַ דראָענדיקע סכנה פאַרן קיום האומה, פאַר דער עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק.

* * *

רבן יוחנן בן זכאי האָט געשטעלט דעם פונדאַמענט פאַר יבנה און רבן גמליאל האָט עס אויפגעבויט.

רבן גמליאל דיבנה האָט אויף זיך אַויסגעטראָגן אַלע פאַרשידענע זאָרגן, וואָס דאָס דאַמאָלטיקע זער שווערע יידישע לעבן האָט אַרויסגעריקט. אָן ערך דרייסיק יאָר האָט רבן גמליאל טעגלעך אויסגעפירט די אויפגאַבן וואָס זענען אויף אים געוואָרן אַרויפגעלייגט און וואָס ער גופא האָט גערנוויליק גענומען אויף זיך.

אַזוי ווי ביי זיין לעבן האָט ער נאָר געזאָרגט פאַרן פאָלק, האָט ער אַזוי זיך געפירט אויך ביי זיין פּטירה.

עס ווערט דערציילט, ווי פון קדמונים אָן איז געהאַט געווען איינ־געפירט קובר צו זיין די מתים אין גאָר טייערע מלבושים און בכלל אין אַ גרויסן לוקסוס, וואָס איז געווען פאַרבינדען מיט זער גרויסע אויסגאַבן.

דער דאָזיקער אַזוי זינלאָזער מנהג איז געווען אַ שווערע פּלאָג, וואָס האָט אָנגענומען אויסטערלישע פאָרמען. עס איז אָפּט געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די קרובים וואָס האָבן דאָס אַלץ נישט געקאָנט נאָכקומען, האָבן פאַר גרויס חרפּה, אַזש איבערגעלאָזט דעם מת און זענען אַנטלאָפן.

האָט רבן גמליאל דיבנה איבערגעלאָזט אַ צוואָה, דאָס מען זאָל אים גופא קובר זיין אין די ביליקסטע — אין פלאַקסענע — קליידער.

איז טאַקע דאַמאָלט בטל געוואָרן אויף שטענדיק יענער אַזוי אומ־זיניקער און אויסטערלישער מנהג:

בראשונה היתה הוצאת המת קשה לקרוביו יותר ממיתתו, עד שהיו קרוביו מניחים אותו ובורחים. עד שבא רבן גמליאל ונהג קלות ראש בעצמו ויצא בכלי פשתן. ונהגו העם אחריו לצאת בכלי פשתן [1].

*

די דאָזיקע תקנה אין רבן גמליאל׳ס צוואה, וואָס זי איז אָן און פאַר זיך געווען זער ניצלעך און גאַנץ בויטוועגדיק, ענטהאַלט אין זיך נאָך אַ טיפן זין:

דעם יידישן גרונד־פּרינציפּ, דאָס די תורה איז תורת חיים, די לעבנס־לערע וואָס איז נאָר חל אויף לעבעדיקע מענטשן — אין געגנזאַץ צו יענע אַלע רעליגיעס וואָס האָבן אַ גאַנצן קולט פאַר טויטע.

דער דאָזיקער עיקר אין יידישקייט קומט אַרויס זער קלאָר ביי דעם גרויסן אמורא פון ארץ ישראל, רבי יוחנן:

כיון שמת אדם נעשה חפשי מן התורה ומן המצוות [2].

אַזוי ווי דער מענטש שטאַרבט ווערט ער פריי פון דער תורה און פון מצוות.

*

איז זער אינטערעסאַנט און כאַראַקטעריסטיש דאָס ביי ביידע נשיאים אין יבנה, אי ביי רבן יוחנן בן זכאי [3], אי ביי רבן גמליאל, איז פאַר דער פּטירה געקומען צום אויסדרוק דער דאָזיקער כלל וועגן דער תורה, די תורת חיים, די לעבנס־לערע אין דעם פולן זין פון דעם דאָזיקן באַגריף.

1. תוספתא, סוף נדה. מועד קטן, כז, ב. כתובות, ח, ב.
2. שבת, ל, א.
3. זע אויבן, זייט 204, וועגן פנו כלים מפני הטומאה! וואָס רבן יוחנן בן זכאי האָט געזאָגט פאַר יציאת נשמה.

# א י נ ה אַ ל ט

זייט



## אַריינפיר

## בית שמאי און בית הילל

## רבן יוחנן בן זכאי



## רבי אליעזר בן הורקנוס
## און
## רבי יהושע בן חנניה

## רבן גמליאל דיבנה

זייט

ביים אָפּשליסן דעם באַנד זאָל ווערן דערמאָנט צום גוטן
דער אינהאַבער פון דער דרוקעריי

**יהודה שאַפּניק**

וואָס ווייזט אַרויס אַ גרויסן אינטערעס צום דאָזיקן ספר און
ווידמעט פערזענלעך פיל צייט און מי, אַז עס זאָל אַלץ זיין געניי
און פּינקטלעך און אין אַלע הינזיכטן על צד היותר טוב.

אַזוי אויך דער לינאָטיפּיסט

**אברהם זשילבערג**

וואָס איז עוסק באמונה אין זיין איידעלער מלאכה.

